זאַמי פעדער

# דורך 12 גיהנום־פײַערן

ה. לייוויק־פאַרלאַג

ביים פאַראיין פון יידישע שרייבערס און זשורנאַליסטן
אין ישראל

דאָס דאָזיקע בוך איז דערשינען
מיט דער מאַטעריעלער בייהילף
פון פרוי לילי ווייסמאַן
צום אָנדענק פון אירע טייערע עלטערן

**לואיס און זשאַנעט דאַטטעל ז״ל**

**וועלכע זענען אין 1942 דעפּאָרטירט געוואָרן פון בערלין**
**און אומגעקומען ערגעץ ווו אין אַ היטלעריסטישן לאַגער**

צום געדענקען

מיין מומע הינדע לאה אימערגליק ז״ל
מיין קוזין מאַקס אימערגליק ז״ל
מיין פעטער משה, מומע חוה
און טאָכטער שרה אימערגליק ז״ל
מיין פעטער נתן צורקאָווסקי ז״ל
די פאַמיליע פון מיין קוזין ד״ר זעלי הירשמאַן

אַלע אומגעקומען אין דער היטלער־צייט.



אין צוועלף גיהנום־פייערן איז זאַמי פעדער געבערענט געוואָרן אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע. ער איז דורכגעפייניקט געוואָרן אין צוועלף „יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגערן״. צוועלף מאָל געווען קאַנדידאַט אויף אומקום. אָבער ווי דער מיטאָלאָגישער פעניקס, וואָס פאַרברענט זיך און שטייט ווידער אויף פון זיינע אַשן, אַזוי איז פעדער געבערענט געוואָרן אין צוועלף לאַגערן, ווידער אויפגעשטאַנען און געגאַנגען ווייטער ביז ער האָט מיט די רעשטלעך געבליבענע צום סוף געלאַנדעט אין לעבן.

די מענטשלעכע שפּראַך, קיין שום שפּראַך, פאַרמאָגט נישט דעם וואָקאַבולאַר און די באַגריפלעכע ניואַנסן, מיט וועלכע מען זאָל קענען איבערגעבן בילדלעך די נאַצישע אכזריותן איבער די קערפּערס און נשמות פון די געפייניקטע אַסירים און אויך נישט די טיפקייט פון דער סאַדיסטישער הנאה און באַפרידיקונג פון די נאַצישע פייניקער ווען זיי האָבן געקאַטעוועט די לייבער און דעם מענטשלעכן כּבוד פון זייערע קרבנות. במילא פאַרמאָגט נישט אויך זאַמי פעדער דעם וואָקאַבולאַר איבערצוגעבן די גיהנומדיקע בראַנדן, וואָס ער איז דורכגעגאַנגען אין 12 „יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגערן״ מיט דעם „פּרעליודיום״ איידער ער איז אָנגעקומען אין די לאַגערן. בפרט נאָך ווען פעדערס שפּראַך איז יידיש. דאָס יידישע לשון איז באַזירט אויף באַרמהאַרציקייט, אויף „מיט גאָטס הילף״, אויף „זאָל אים קיין גליד נישט ווי טאָן״, אויף „את האדם בצלם אלהים ברא אותו״, אויף „גאָטס רחמנות״. יידיש לשון (אַ דאַנק דעם שעפער פון שפּראַכן!) פאַרמאָגט נישט קיין נעמען פאַר מאָרד־כּלים, פאַר מלחמה־כּלי־זין, קיין נעמען פאַר מכשירים צו פייניקן, אַפילו נישט פאַר מיליטערישער מושטרע צו פאַרוואַנדלען אַ קאָלעקטיוו פון יחידישע מענטשן אין אַ מאַשין. יידיש איז די סאַמע הומאַניטאַרסטע שפּראַך צווישן לשונות. האָט

אויך נישט פעדערס יידיש לשון קיין שפּראַך־מיטלען צו שילדערן די עינוים וואָס די נאַציס האָבן אָנגעווענדט אויף זייערע יידישע קרבנות. דאָך דורך דער קאָמפּאָזיציע מיט די נאָרמאַלע מענטש־לעכע שפּראַך־מיטלען גיט אונדז פעדער איבער אַ דערשיטערנדיק בילד און אין דער זעלבער צייט באַקומט זיך די שאלה: ווי אַזוי האָבן די זאַמי פעדערס איבערגעהאַלטן אַזוי פיל עינויים, אַזעלכע שווערע באַליידיקונגען, אַזאַ צעמאַרשטשען דעם מענטשלעכן כּבוד? און דאָס במשך פון יאָרן, פון לאַנגע גיהנום־יאָרן!

איבער דעם טויער פון בירקענאַו איז אויפגעשריבן: „אַרבייט מאַכט פריי"; איבער דעם טויער פון דאַנטע אַליגיעריס גיהנום אין זיין „געטלעכער קאָמעדיע" איז געווען אויפגעשריבן: „דאָ ענדיקן זיך אַלע האָפענונגען". דער אויפשריפט „אַרבייט מאַכט פריי" איז אייגנטלעך געווען דער נאַצישער צינישער עקוויוואַלענט פון „דאָ ענדיקן זיך אַלע האָפענונגען". דאָס איז געווען חל נישט בלויז אויף בירקענאַו־אוישוויץ, נאָר אויך אויף מיידאַנעק און טרעבלינקע, אויף סאָביבאָר און פּאָנאַר ווי אויף די „יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגערן" דערפלעס, נוידאַרף און אַנדערע. נישט מער, אין די יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגערן האָט דער ציל געזאָלט דערגרייכט ווערן נישט דורך ציקלאָן־גאַז, נאָר דורך שטראָף־אַרבעט במשך 36 שעה אָן איבעררייס, אָדער אין די נעכט ביי הונגער־ראַציעס און ביי שווע־רע קלימאַטישע באַדינגונגען.

דאָ, אין די „יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגערן", האָט זיך אין די פעדערס געשטאַרקט די אמונה, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די קינדער פון דעם בעל־נסיונדיקן פאָלק נישט צו רעזיגנירן מאָראַליש, נישט קאַפּיטולירן! דעריבער איז געווען געמאָלט, אַז נאָך טעג פון פּיינען, פון הונגער און מידקייט זאָלן די יידישע אַסירים אונטער דער אָנפירונג פון זאַמי פעדער זינגען אין קאָלעקטיוו לידער, אָדער פּרוּוון אַפילו איינאָרדענען טעאַטער־פאָרשטעלונגען, אָדער שרייבן און פאָרלייענען לידער צו שטאַרקן די האָפענונג און אמונה.

אין די לאַגערן האָט מען נישט געטאָרט האַלטן קיין זייגער, קיין קאַלענדאַר, אָבער די זאַמי פעדערס האָבן געוווּסט ווען עס פאַלט אויס אַ יום־טוב, יום־כּיפּור, סוכּות. און די יונגעלייט האָבן טייער באַצאָלט פאַר פאַסטן יום־כּיפּור, פאַר פראַוון די מצווה פון סוכּות ביי אַ קליין ליכטל, וואָס די נאַציס האָבן אָנגענומען, אַז מיט

דעם ליכטל האָבן די ייִדן געגעבן סימנים צו די אָנגרייפנדיקע ערלאָ־פּלאַנען פון די אַליאירטע, וואָס האָבן באָמבאַרדירט דעם לאַגער. פאַר מקיים זיין אַט די מצווה האָבן די „שולדיקע" מאַרשירט אויף די קני און שיער נישט פאַרפייניקט געוואָרן צום טויט.

דעם רעצעפּט פון מאָראַליש מבטל מאַכן דעם פייניקער, כּדי צו שטאַרקן די אייגענע מאָראַלישע כּוחות, האָבן, נאַטירלעך, נישט צוגעטראַכט די זאַמי פעדערס אין די צוועלף יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגערן. דאָס איז דער היסטאָריש־אַלטער ייִדישער רע־צעפּט צו קוקן אויף די פייניקער נישט ווי אויף האַרן, נאָר ווי אויף יצורים בצורת בני־אדם פון מאָראַלישער אומווערדיקייט. אַ דאַנק דעם דאָזיקן רעצעפּט זענען בלויז ייִדן פעיִק צו עקזיסטירן און זיין נאַציאָנאַל־שעפעריש אין באַדינגונגען פון גלות, בעת נישט־ייִדישע פעלקער־שאַפטן קומען אום אָדער לייזן זיך אויף אין באַדינגונגען פון גלות. איז צו באַוווּנדערן ווי אַזוי אין די באַדינגונגען פון פייני־קונגען, הונגער און עבודת־פּרך, האָט זיך ביי די זאַמי פעדערס אויפגעהאַלטן אַפילו הומאָר און שפּאַס.

זאַמי פעדער, אַ רעזשיסער און טעאַטער־מענטש נאָך פון פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, פאַרמאַגט דעם טאַלאַנט אויפצו־כאַפּן טעאַטראַלע סיטואַציעס און אַריינלעבן זיך אין זיי. אייגנטלעך קען דאָך יעדער סיטואַציע אין מענטשלעכן לעבן זיין אַ טעאַטראַלע סצענע. און זאַמי פעדער האָט, אַפילו נישט טראַכטנדיק דעריבער, געזען דעם פּיין, די לאַגערן, די נאַציס־אוממענטשן, אויך די מענטשלעכע פונקען ביי געוויסע נאַציס, ווי טעאַטראַלע סצענעס און פיגורן.

די באַשרייבונגען פון די צוועלף יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגערן און די פּרווון צו ראַטעווען זיך אין אָנהייב פון דער מלחמה, זענען נישט קיין אויספירלעכע. וואָרום יעדער איינציקער לאַגער איז אַ טעמע פאַר אַ באַזונדער בוך. אָבער די כאַראַקטעריסטישע סצענעס אין יעדן לאַגער, סצענעס וואָס פּאַסן זיך אַריין אין אַ סצענאַר פאַר טעאַטער — זיי באַשרייבט פעדער מיט אַ באַזונדער קלאָרקייט און בילדלעכקייט. אַזאַ איז, למשל, די סצענע ווי זאַמי פעדער באַקומט די אויפגאַבע צו גראָבן אַ לאַטרינע אין אַ זאַמדיקן באָדן און ווי נאָר ער דערגייט צו דער פאָרגעשריבענער טיפקייט, ברייט און לאַנג, פאַלן אים איין די זאַמדיקע ווענט און ער הייבט אָן די סיזיף־אַרבעט אויף ס'ניי. אַזאַ איז די קאָמישע סצענע מיט

די וואַגאָנעטקעס צו פירן ערד און פעלזן אויף אַן אַרבעט־פעלד ווו עס טרעפן זיך די ייִדישע לאַגערניקעס מיט פוילישע אַרבעטער און פראַנצויזישע מלחמה־געפאַנגענע. אַזאַ איז די סצענע ווי דער נאַצישער שומר פון די ייִדישע אַסירים ביי נאַכט־אַרבעט אויף אַן אָפּגעלעגן פעלד, באַקומט חשק אָפּצושטאָטן אַ וויזיט ביי זיין געליבטער וואָס וווינט אין דער זעלבער געגנט. גיט ער איבער פעדערן זיין שומרישע אויפגאַבע, ער דערלאַנגט אים זיין ביקס (אַרויסנעמענדיק דעם שלאָס מיט די קוילן), באַוואָפנט אים מיט אַ באַטעריעלעמפּל ער, פעדער, זאָל קענען געבן אים ליכט־סימנים, אויב אַ קאָנטראָלער זאָל זיך דערנענטערן. ווי אַ מין טראַגישער שווייק נעמט איבער פעדער די ראָל פון דעם שומר און מחמת זיין ייִדישער גוטמוטיקייט האָט ער אויסצושטיין צרות פון זיינע אייגענע חברים. אַזוי אויך איז טעאַטראַל די סצענע ווי פעדער באַגעגנט זיך צופעליק מיט צוויי מלחמה־געפאַנגענע פון דער ייִדישער בריגאַדע אין דער ענגלישער אַרמיי — יצחק בן־אהרון און יוסף אַלמוגי, און אַנדערע סצענעס. דאָס זענען מאָטיוון פאַר איינאַקטערס.

אָט דער אופן ווי זאַמי פעדער, דער קרבן, איז אין דער זעלבער צייט דער שאַרף־אויגיקער אָבסערוואַטאָר, גיט צו זיינע באַשרייבונגען אַ באַזונדער ווערט. הגם די באַשרייבונגען זענען אויפטרייסלענדיקע, דערוועקן זיי אָבער אַזאַ נייגער אַז מען מוז זיי לייענען פון אָנהייב ביז צום סוף.

פון די דערשינענע ביכער אויף דער טעמע קאַצעטן, לאַגערן און געטאָס קען מען שוין היינט צוזאַמענשטעלן אַ ביבליאָטעק. דאָך איז יעדעס ווייטערדיק בוך אויף אָט די טעמעס פון גרויס וויכטיקייט, אַפילו ווען ענלעכע פאַלן זענען שוין באַשריבן געוואָרן. זאַמי פעדערס בוך „דורך 12 גיהנום־פייערן" איז נישט נאָר אַזאַ בוך, נאָר עס האָט זיין באַזונדערקייט, טאָקע ווייל די איבערלעבונגען זענען געזען דורך אַ טעאַטער־מענטש, וואָס אַפילו אין די ערגסטע באַדינגונגען פון פיין און דערנידערונג האָט ער נישט אויפגעהערט זען זיינע אייגענע ליידן און די ליידן פון זיינע חברים דורך דער פּריזמע פון אַ טעאַטראַל.

**מ. צאַנין**

# מיין תפילה

איך דערמאָן זיך ווי מיר האָבן אין די קינדער־יאָרן, אין חדר, שבועות־צייט, געלערנט אקדמות און דערביי אויסגעזונגען וועגן דער געוואַלדיקער צאָל פּענעס און טינט, וואָס מען וואָלט גע־דאַרפט האָבן, כּדי צו באַשרייבן די אימפּאָזאַנטע גרויסקייט און הערלעכקייט פונעם באַשעפער.

איך האָב דעמאָלט, ווי אַ ייִנגל, נישט באַגריפן די צאָל וועל־דער פון וועלכע מען וואָלט געדאַרפט מאַכן פּענעס און די צאָל ימים וואָס וואָלטן געדאַרפט זיין טינט און דעם פּאַרגעם פון דעם הימל וואָס וואָלט געדאַרפט זיין פּאַרמעט, כּדי צו באַשרייבן דעם פּראַכט פון דער געטלעכקייט. היינט, נאָך אונדזער חורבן אין די יאָרן 1939—1945, באַגרייף איך ווידער נישט די צאָל פּענעס, טינט און פּאַרמעטן וואָס וואָלטן געווען נויטיק, כּדי צו באַשרייבן די ליידן און דעם פּיין, וואָס אונדזער פאָלק האָט געליטן אין דער היטלער־תקופה, ליידט נאָך היינט און וועט נאָך ליידן אַ סך דורות פון די נאָכווייען פון דעם חורבן.

אין מיין אוממעכטיקייט צו באַגרייפן, אַמאָל און היינט, איז מיין תפילה צו דיר, מעכטיקער גאָט:

לאָז מיך אויסקלאָגן פאַר דיר מיין פאַרוויסטיקט און פאַרבלו־טיקט האַרץ. דו, מיין האַר, האָסט הימל און ערד באַשאַפן; האָסט דאָס ווערעמל און די חיה באַשאַפן; האָסט דעם מענטשן און פעל־קער באַשאַפן; אויך אונדז, דיין פאָלק ישׂראל, האָסטו באַשאַפן, האָסט סיי גוטס און סיי שלעכטס באַשאַפן — האָסט דעם גוטן מלאך און דעם שׂטן באַשאַפן; אויך אַדאָלף היטלער ימ״ש איז דיין באַשאַף. דערום בעט איך דיין געטלעכע מאַכטיקייט צו געבן מיר כּאָטשבי אַ קליין ביסעלע כּוח צו באַשרייבן פון מיינע אייגענע איבערלעבונגען און וואָס מיינע אויגן האָבן צוגעזען — די אַלע אכזריותדיקע פּייניקונגען און די ליידן פון אַ יעדן איינציקן ייִד פון די כּל מיני גזירות און מיתות משונות — פון אויסהונגערן, הענ־גען, שיסן, פאַרגאַזן גרויס און קליין — טאַטעס, מאַמעס, ברידער שוועסטער, זין און טעכטער, קינדער און עופעלעך.

גיב מיר, האַר, דעם כּוח!

**AHAVAT RAYIM**

TO PERPETUATE THE HEROIC MARTYRS
OF THE HOLOCAUST
AND THE REBIRTH OF ISRAEL



**אהבת רעים**

להנצחת קדושי השואה והגבורה
ותקומת ישראל

SAVYON, 25 HAGIVA ST. – PHONE 03-754399

שביון, רח׳ הגבעה 25 - טלפון 03-754399


ב"ה ד׳ ניסן תש"ם
24.3.1980

לכבוד
מר שלום רוזנפלד
עורך "מעריב"
רח׳ קרליבך 2
ת ל - א ב י ב

מר רוזנפלד היקר והנכבד,

כידיד ותיק של שארית הפליטה הנני פונה
אליך בבקשה לפרסם מכתבי זה כתגובה על המאמר של גברת
אינגה דויטשקרון: "הגיניקולוגית של אושוויץ עלתה ארצה",
מיום ו׳ ניסן תש"ם 21.3.1980.
הנני מכיר את הגברת ד"ר [redacted] מיום
שיחרור המחנה ברגן-בלזן בשנת 1945. היא ספרה לי אישית
על עבודתה כמחיצתו של מנבלה הנודע לשימצה, ועובדה זו
מעוררת מחשבות ודורשת זהירות יתרה. לכן, מתפלא אני
שעתון רציני כשלכם מקבל כל גירסה שמספרים לו. כספרי
"עדים אנחנו" הוצאת יבנה, המסתמך על יומני מברגן-בלזן,
כתבתי כעמ׳ 158 בין היתר: ... בקרתי עם אלוף סובייטי,
רופא יהודי לפי בקשתו אצל ד"ר [redacted] "היא מגוללת
קורות ימיה ועבודתה באושוויץ ומספרת על הנסויים המרעיים
שערכו הגרמנים בנשים. אני מרגיש שדמי קופא בקרבי.
דלאו דווקא בשל ספוריה שאינם לגבי משום חידוש. אלא
בגלל צורת הרצאתה. הרופאה מספרת והחיוך אינו מש מפיה.
דומה שהמדובר הוא ב"שפנים" ולא בבני-אדם. מה יכולנו
לעשות, היתה זאת פקודה! טוענת האישה. האלוף ואני יוצאים
מחדרה ישותקים. לבסוף מפר האלוף את השתיקה ואומר: אדוני
הרב, התדע מה היו עושים לאישה זו ברוסיה? היו מוציאים
אותה להורג. אדוני האלוף נסיתי ללמד זכות - אין כאן מקרה
של שיתוף פעולה מרצון, האישה האומללה עשתה זאת...
אין בכך כל הצדקה! משסעהו האלוף - היה עליה להיהרג ובלבד
שלא תהרוג!" לא הייתי בדעתו של האלוף וגם היום אינני
דוגל בדעה זו. אין לאיש זכות לשפוט יהודים אלה שהיו שם
ועשו את המלאכה האיומה. אך מאידך, אין לקבל בשום אופן
ופנים את העובדה שאנשים כגון [redacted] נעשים "קדושים"!
בשמי ובשם שארית הפליטה הננו מבקשים מהגברת
ד"ר [redacted] ה"קדושה" להמנע מכל פרסומת ולחיות את
חייה ביתר צניעות.

[illegible]

כ״ה ז׳ ניסן תש״ם, 24.3.1980

צום הער שלום ראַזענפעלד
רעדאַקטאָר פון ״מעריב״
רח׳ קרליבך 2
תל־אביב

טייערער און חשובער הער ראַזענפעלד,

ווי אַן אַלטער פריינד פון דער שארית־הפליטה ווענד איך זיך צו אייך מיט דער בקשה צו פאַרעפנטלעכן דעם דאָזיקן בריוו ווי אַ רעאַקציע אויף דעם אַרטיקל פון דער פרוי אינגאַ דוויטשקראָן: ״די גינעקאָלאָגין פון אוישוויץ איז עולה געווען אין לאַנד אַריין״, פון ו׳ ניסן תש״ם, 21.3.1980.

איך קען די פרוי ד״ר ג. פ. פון דעם טאָג ווי ס׳איז באַפרייט געוואָרן דער לאַגער בערגען־בעלזען אין יאָר 1945. זי האָט מיר פערזענלעך דערציילט וועגן איר אַרבעט נעבן דעם טרויעריק באַרימטן מענגעלע, און אָט דער פאַקט דערוועקט מחשבות און פאַרט שטרענגע פאַרזיכטיקייט. דעריבער וווּנדער איך זיך ווי אַזוי אַזאַ ערנסטע צייטונג ווי אייערע, נעמט אָן יעדע ווערסיע וואָס מען דערציילט איר. אין מיין בוך ״עדים אנחנו״, פאַרלאַג יבנה, וואָס באַזירט זיך אויף טאָגביכער פון בערגען־בעלזען, האָב איך אויף דער זייט 158 געשריבן צווישן אַנדערן:

...צוזאַמען מיט אַ סאָוויעטישן מאַיאָר, אַ יידישן דאָקטער, האָבן מיר אויף זיין בקשה באַזוכט ד״ר פ. ״זי האָט פונאַנדערגעוויקלט איר געשיכטע און איר אַרבעט אין אוישוויץ און דערציילט וועגן וויסנשאַפטלעכע עקספערימענטן וואָס די דייטשן האָבן דורכגעפירט אויף פרויען. איך שטרייך אונטער, אַז דאָס בלוט איז

פאַרגליווערט געוואָרן אין מיינע אינגעווייַדן. און נישט דווקא מחמת אירע דערציילונגען, וועלכע זענען נישט פאַר מיר קיין שום נייס, נאָר צוליב דער פאָרם פון איר רעפעראַט. די אַרצטין דערציילט מיט אַ שמייכל אויף אירע ליפּן, ס׳זעט אויס, ווי עס וואָלטן געווען די רייד וועגן ׳קיניגלעך׳ און נישט וועגן מענטשן... וואָס האָבן מיר געקענט טאָן — ס׳איז געווען אַ באַפעל! טענטה די פרוי. דער מאַיאָר און איך גייען אַרויס פון איר צימער און שווייגן. צום סוף האָט דער מאַיאָר איבערגעריסן זיין שווייגן און געזאָגט: הערן רב, צי ווייסט איר וואָס מען וואָלט געטאָן מיט אַזאַ פרוי אין רוסלאַנד? מ׳וואָלט זי אַרויסגעפירט און גע־הרגעט. הערן מאַיאָר, האָב איך געפרוווט די פרוי פאַרענטפערן, דאָ איז נישט דער פאַל פון קאָלאַבאָראַציע מתוך ווילן, די אומ־גליקלעכע פרוי האָט עס געטאָן... נישטאָ דערפאַר קיין שום באַרעכטיקונג! האָט מיר איבערגעריסן דער מאַיאָר — זי האָט געדאַרפט ליבערשט געהרגעט ווערן איידער צו הרגענען!״

כ׳האָב נישט געטיילט די מיינונג פון דעם מאַיאָר און אויך היינט בין איך נישט אין אַזאַ מיינונג, קיינער האָט נישט קיין רעכט צו משפטן יידן וואָס זענען געווען דאָרט און געטאָן די שרעקלעכע אַרבעט. אָבער פון דער צווייטער זייט קען מען בשום אופן נישט אָננעמען דעם פאַקט, אַז מענטשן ווי ג.פ. ווערן פאַרוואַנדלט אין ״קדושים״!

אין מיין אייגענעם נאָמען און אין נאָמען פון דער שארית־הפליטה בעט איך דער פרוי ד״ר ג. פ. דער ״הייליקער״, אָפּצו־האַלטן זיך פון יעדער רעקלאַמע און לעבן איר לעבן מיט מער באַשיידנקייט.

**הרב ד״ר צ. עזריה**

יו״ר אהבת רעים

# אַן ענטפער אויף אַ בריוו
# פון הרב ד״ר צבי עזריה (העלפגאָט)
# צום פאַרבאַנד שארית הפליטה — בערגען־בעלזען, תל־אביב

טייערער און חשובער פריינד הרב ד״ר צבי עזריה (העלפגאָט) [1],

על־פּי־צופאַל איז מיר באַקאַנט געוואָרן, אַז דו האָסט וועגן דער דאָקטערין פּ. געשריבן אַ בריוו צום רעדאַקטאָר פון „מעריב״ — שלום ראָזענפעלד, און אַ קאָפּיע פונעם בריוו אויך געשיקט צום פאַרבאַנד שארית הפליטה — בערגען־בעלזען אין תל־אביב, אַז די דערמאָנטע האָט אין קאַצעט־לאַגער אוישוויץ מיטגעאַרבעט מיטן דאָקטער יאָזעף מענגעלע ימ״ש [2] און אַז זי באַרימט זיך היינט, זי זאָל האָבן געראַטעוועט יידישע פרויען פון אומקום. און דו, מיין חשובער פריינד, ביסט אויפגעבראַכט, און דו בעטסט דער „היילּיקער״ פרוי ד״ר ג. פּ. זי זאָל זיך אָפּהאַלטן פון יעדער מין רעקלאַמע און לעבן איר לעבן מיט מער באַשיידנקייט.

מיט דיין בריוו, טייערער פריינד, האָסטו באַרירט אַ זייער אָנגעווייטיקטן און דעליקאַטן פונקט לגבי וועלכן מען מוז זיין זייער פּאָרזיכטיק, אַפילו ווען דו גלויבסט, אַז דו ביסט גערעכט. איך וויל איצט נישט רעדן דירעקט וועגן דעם פאַל פון דער דאָקטערין פּ. היינט, פיר צענדליק יאָר נאָך דעם חורבן, שרייבן אַזעלכע בריוו צו מענטשן, וועלכע זענען דאָרט נישט געווען, קען גורם זיין צו פאַרקריפּלען דאָס אַלגעמיינע בילד.

די פראַגע איז: צי זענען טאַקע אַלע יידן, וועלכע האָבן געהאַט פונקציעס אין די געטאָס און לאַגערן, געווען אויסוואורפן און פאַררעטער פון יידישן פאָלק — קאָלאַבאָראַטאָרן מיט די נאַציס?

דיין בריוו האָט אין מיין זכרון אויפגעפרישט אַ צאָל פון מיינע נאָטיצן וועגן געשעענישן און עפּיזאָדן, וואָס האָבן מיט מיר פּאַסירט אין דער נאַצי־תקופה 1933—1945. איך האָב זיי ביז היינט נישט אויסגענוצט. איצט האָב איך באַשלאָסן די דאָזיקע געשעענישן און עפּיזאָדן יאָ צו באַשרייבן.

אפשר וועלן זיי בייטראָגן צו פאַרמיידן פאָרקריפּלטע מיינונגען. איך וויל זיך באַוואָרענען, אַז צוליב דעם וואָס איך בין געווען אין פאַרשידענע לאַגערן, איז געמאָלט כ׳זאָל אַ געשעעניש וואָס האָט פּאַסירט אין איין לאַגער (היינט נאָך 40 יאָר) צושרייבן אַז ס׳איז געשען אין אַ צווייטן לאַגער.

איך בין געווען אין אַ צוועלף לאַגערן, אויסער אוישוויץ, געאַרבעט ביי פאַרשידענע אַרבעטן און אין פאַרשידענע באַדינגונגען; טייל מאָל אויך געהאַט, ווילנדיק צי נישט ווילנדיק, אַ פונקציע. איך ווייס נישט צי די דאָזיקע דאָקטערין איז שולדיק אָדער אומשולדיק, און צי זי האָט יאָ אָדער נישט אַרויסגעוויזן העלדישקייט ביים ראַטעווען יידישע פרויען פון אומקום. איך וויל זי נישט פאַרטיידיקן, אָבער אויך נישט באַשולדיקן. מיט אומ־באַגרינדעטע חשדים און פאָראורטיילן איז מען עלול צו דערהרגענען אַן אומשולדיקן מענטש, אָדער אים מאָראַליש צעברעכן. הגם דער קרבן האָט גאָר געקאָנט זיין אַ שטילער העלד, וואָס האָט טאַקע, לויט זיינע מעגלעכ־קייטן, איינשטעלנדיק זיין אייגן לעבן, געראַטעוועט יידן. איך ווייס, מיין טייערער פריינד, פון אונדזערע לעצטע געשפּרעכן, אַז דו ביסט מיט דעם דאָ געזאָגטן מיט מיר איינשטימיק, אָבער דאָך וויל איך אויפמערקזאַם מאַכן און וואָרענען — מען זאָל זיין פאָרזיכטיק מיט די כּלערליי באַמערקונגען. עס איז גענוג ווען איינער זאָגט: „איך האָב געהערט זאָגן, אַז דער אָדער די איז געווען אַ...״ — און דער דאָזיקער מענטש איז אַ געשטעמפּלטער. ווערט ער נישט פאַרניכטעט פיזיש, ווערט ער עס מאָראַליש, און נישט פון נאַציס, נאָר פון אייגענע (רודאָלף קאַסטנער! [3]): צו ערשט אים דער־מאָרדעט, דערנאָך רעהאַביליטירט. וואָס ס׳איז געשען מיט רודאָלף קאַסטנער קען געשען מיט אַנדערע אומשולדיקע און אפשר טאַקע מיט מענטשן וואָס האָבן אויף זייער קרעדיט העלדישע מעשים.

דער נאַצישער און פאַשיסטישער סיסטעם פון קאָלעקטיווער אחריות טאָר זיך נישט צוקלעפּן צו קיין שום ייִד.

קיין שום ייִד איז פריוויליק נישט געגאַנגען אין די צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגערן, אָדער אין די „קאַצעטן״, בכדי דאָרט צו פּייניקן יידן. קיין שום ייִד, אָדער אַפילו נישט־ייִד, האָט אין לאַגער נישט געקענט אויסוויילן וועלכע עס איז אַרבעט. גאָר זעלטענע אויסנאַמען זענען געווען. אַפילו געליטענע פון אכזריות האָבן אָפט נישט געהאַט קיין אָביעקטיווע מעגלעכ־קייט פעסטצושטעלן אויף וויפל זיין פּייניקער איז געווען שולדיק, אָדער אומשולדיק. אין מיינע באַשרייבונגען וועל איך ברענגען עטלעכע ביישפּילן, וואָס איך אַליין האָב בייגעלעבט. למשל: מען האָט אין לאַגער געגלויבט, אַז דער קאָלאָנענעלטסטער האָט אומזיסט און אומנישט צעשלאָגן אַ ייִד. אַלע

האָבן אויף דעם שלעגער געטראָגן אַ שווער האַרץ. שפּעטער האָב איך פעסטגעשטעלט, אַז דערמיט וואָס ער האָט אים צעשלאָגן, האָט ער אים אָפּגעראַטעוועט פון טויט; ווען נישט די קלעפּ, וואָלט די עס־אַ, אויף איר אופן, דעם ענין דערליידיקט — זי וואָלט דעם ייִד דערהרגעט.

אונדזער דיכטער ה. לייוויק האָט נאָכן באַזוכן די געוועזענע נאַצי־לאַגערן, אין יאָר 1946, געשריבן זיין באַרימט ליד:

„אין טרעבלינקע בין איך נישט געווען,
און וואָס דער קרבן האָט בײַם לעצטן וואָרג געזען,
קאָן איך נישט דערציילן.
מיר קענען קוים אַ צייכן מאַכן מיט דער פּען
אַרום דעם אומבאַקאַנטנס קברשע פיר איילן".

(„דאָס ליד פון קרבן")

ס'איז באַקאַנט אַז נאָך דער באַפרייונג האָט מען געהאַנגען אַ ייִדישן קאַפּאָ. לויט מיין מיינונג איז אים העכסטנס געקומען אַ צאָל יאָרן תפיסה. עס זענען געווען פאַלן ווען מען האָט דערהרגעט מענטשן מתוך פערזענ־לעכער נקמה, נישט אַפילו קאַצעטישע.

ייִדן האָבן צוזאַמען מיט אַנדערע פעלקערשאַפטן געאַרבעט אין דער קריגס־אינדוסטריע און געשאַפן פאַר די דייטשן געווער, מיט וועלכן זיי האָבן אומגעבראַכט אונדזערע עלטערן, ברידער, שוועסטער און קינדער. ענגלישע קריגס־געפאַנגענע און אַנדערע נישט־ייִדישע קאַצעטלער האָבן צוזאַמען מיט ייִדישע געאַרבעט ביים פאַבריצירן די באָמבעס „V 1" און „V 2", מיט וועלכע די נאַציס האָבן באָמבאַרדירט לאָנדאָן און קאָווענטרי און געהרגעט אַ סך ענגלענדער — עלטערן, ברידער, שוועסטער, ווייבער און קינדער פון די דאָזיקע ענגלענדער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין פּראָדוצירן אָט די ראַקעטן. קיינער קען נישט קאַווירן, צי ייִדישע קאַצעט־לער האָבן נישט צוזאַמען מיט אַנדערע פעלקערשאַפטן געהאָלפן אויס־אַרבעטן דעם ציקלאָן־גאַז, מיט וועלכן די נאַציס האָבן אין אוישוויץ און מיידאַנעק פאַרגאַזט מיליאָנען.

אין די אַזוי גערופענע „הימלפאַרט־קאָמאַנדאָס", וואָס האָבן געאַרבעט אין די אוישוויצער קרעמאַטאָריעס, האָט געטראָפן, אַז איינער האָט ביים פאַרברענען די פאַרגאַזטע גופים דערקענט זיין אייגענעם טאַטן, אָדער מאַמען, צי אַן אַנדער משפחה־מיטגליד, צי אַ נאָענטן פריינד אָדער חבר, מיט וועלכן ער האָט נאָך נעכטן צוזאַמען געאַרבעט. נישט געקוקט דערויף

זענען געווען ווייניק זעלבסטמאָרדן. דאָס וועלן איבערלעבן איז נישט געווען בלויז אַ נאַטירלעכער ביאָלאָגישער דראַנג, נאָר אויך אַ געוויסע העלדיש־קייט: להכעיס דעם היטלעריזם! געוואָלט דערלעבן זיין סוף.

צו די וואָס זענען אין טרעבלינקע נישט געווען דאַרף מען זאָגן דיס־קרעט: שווייגט. דאַנקט דעם בורא־עולם פאַרן גרויסן חסד, וואָס איר זענט ד אָ ר ט נישט געווען און מען האָט אייך נישט באַשטימט פאַר קיין יודענ־עלטסטן, צי קאַלאָנענעלטסטן, צי שטובענעלטסטן, אָדער אייך געגעבן אַן אַנדערע פונקציע, ווי שפּעטער אין „קאַצעט" — די פונקציע פון אַ קאַפּאָ.[4]

איך ווייס, אַז איר וואָלט געווען גוטע חברים צו יעדן, מיטן אייגענעם לעבן וואָלט איר זיך איינגעשטעלט פאַר חברים, וואָס וואָלטן געווען אין אייער קאָלאָנע, אָבער כ׳בין מסופק, צי איר וואָלט זיך אָפּגעזאָגט פון אַזאַ פונקציע, דאָס הייסט, צי איר וואָלט געגאַנגען צו דער עלעקטריזירטער דראָט־פאַרצוימונג, צי איר וואָלט זיך דעם עס־אַ אָדער דעם עס־עס־באַוואַכער אַנטקעגנגעשטעלט, וויסנדיק אַז זיי וועלן אייך דערפאַר פאַר־פייניקן צום טויט. כ׳ווייס נישט. אפשר יאָ... כדי דאָס אַלץ צו באַווייזן האָט מען געדאַרפט זיין ד אָ ר ט, אין עמק הבכא — אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. איך גלויב, אַז איר וואָלט צו זיך אַליין געזאָגט: מיר וועלן אַלעמען באַווייזן, ווי אַזוי ייִדן דאַרפן זיך אויפפירן כלפּי זייערע חברים־ייִדן. איר זענט געוואָרן שטילע העלדן. פאַר אַלעמענס אויגן זענט איר געווען „יודענ־עלטסטער", „קאָלאָנענעלטסטער" צי קאַפּאָ, און נישט פאַר איינעם האָט איר אייער לעבן איינגעשטעלט. פאַר דעם פאַר וועלכן עס איז אייך געלונ־גען בעת אַ צרה אַרויסצוראַטעווען פון די הענט פון די עס־עס־באַוואַכער, זיי זאָלן אים נישט פאַרפייניקן צום טויט און ער האָט עס געוווסט — זענט איר געווען מלאכים; פאַר אַ צווייטן, מיט וועלכן עס איז אייך דאָס אַלץ נישט געלונגען — זענט איר געווען רשעים. צו דעם האָט איר אים נאָך אַליין באַשטראָפט מיט שמיץ, ווייל איר האָט געוואָלט אים אַרויסנעמען פון זייערע הענט; אין זייערע הענט וואָלט ער וואַרשיינלעך געבליבן אַ טויטער. נישט יעדער האָט עס פאַרשטאַנען. עס זענען אויך געווען „קאָלאָ־נענעלטסטע", צי שפּעטער, אין די קאַצעטן, „קאַפּאָס", וועלכע האָבן אומ־ברחמנותדיק געשלאָגן, כדי צו באַווייזן זייער מאַכט, און אויך אַז די עס־אַ, אָדער עס־עס זאָלן זען זייער טיכטיקייט, און אַ סך מאָל אויס מורא צו פאַר־לירן די דאָזיקע פונקציע און דערצו נאָך ווערן שווער באַשטראָפט, פאַר נישט געהעריק אויספירן די פונקציע.

אין די „יודען־צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגערן" זענען געווען „יודענעלטסטע"[5] און „קאָלאָנענעלטסטע", וואָס האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן כדי צו

באַשיצן און צו ראַטעווען אַ ייִד. עס זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן דעם דאָזיקן מוט נישט געהאַט — מחמת שוואַכקייט און פּחדנות, געצי־טערט באַשטראָפט צו ווערן. עס זענען אויך געווען עגאָיִסטן, וואָס האָבן אַלץ און אַלעמען אויסגענוצט לטובת זיך; אַפילו זייער נאָענטסטן נישט געשוינט, אָדער עס זענען געווען סתם פאַרברעכער, וואָס האָבן אָן אַ סיבה געשלאָגן און געפּייניקט אַפילו אייגענע חברים, כּדי צו באַווייזן פאַר דער עס־עס־אָדער עס־אַ־לאַגער־אָנפירונג, ווי איך האָב אויבן דערמאָנט, זייער „טיכטי־קייט און דיסציפּלין". הײנט פאַררעכנט מען אָפּט מאָל די אַלע צו איינער און דער זעלבער קאַטעגאָריע.

„זעסט, ער איז געווען אַ..."

אָט, למשל, פּאַסירט אַזאַ מעשׂה: אין איינעם אַ טאָג שיקט מען דיך אַוועק מיט אַ גרופּע חברים אין אַ ניי־אויפגעשטעלטן לאַגער. דערווייל איז דער „יודענעלטסטער" פון סאָסנאָוויצער צענטראַלן יודענראַט, וואָס איז באַשטימט צו זיין דער „יודענעלטסטער" אין דעם נייעם לאַגער, נאָך נישט אָנגעקומען. די עס־אַ־לאַגער־לייטונג האָט אויף דיר „געוואָרפן אַן אויג", און וויל דו זאָלסט צייטווייליק זיין „יודענעלטסטער". די חברים בעטן דיך: „דערבאַרעם זיך איבער אונדז, דריי זיך נישט אַרויס, וואָרום ס'קאָן געשען, אַז דער מיט אונדז מיטגעקומענער „קאָלאָנענעלטסטער" זאָל באַקומען די פונקציע און דעמאָלט וועט זיין אָך און וויי צו אונדז. ער איז אַ מנוול, נישט קיין גרויסער חכם און אַן עגאָיִסט דערצו. איצט האָבן מיר די מעגלעכקייט פּטור צו ווערן פון אים.

דו, מיין פריינד, האָסט מיט זיך געקעמפט, נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. אַנטקעגנקומען די חברים און ווערן צייטווייליק „יודענעלטסטער"? און אפשר צולאָזן, אַז דער מיטגעקומענער „קאָלאָנענעלטסטער" זאָל ממשיך זיין די פונקציע פון „יודענעלטסטער"?

אָט האָסטו די דילעמע!

פעסטשטעלן די שולד אָדער אומשולד פון איינעם אין יענע באַדינ־גונגען, איז מחמת פאַרשידענע סיבות געווען שווער,[6] בפרט היינט נאָך צענדליקער יאָרן. איך וויל אויפמערקזאַם מאַכן, אַז פאַר אַלעמען רעדט זיך דאָ וועגן די ספּעציעלע „יודען־צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגערן". דערקעגן אין די קאַצעטן זענען געווען אַסירים פון כמעט אַלע אייראָפּעיִשע פעלקער. צווישן די נישט־ייִדישע קאַצעטלער איז געווען אַ גרויסע צאָל אַנטיסעמיטן, אויך דייטשע אונטערוועלטניקעס, און אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר „אַריער". ייִדן האָבן פון זיי און זייערע „קאַפּאָס" שטאַרק געליטן. קלאָר, אַז ס'זענען אויך געווען אָנשטענדיקע מענטשן וואָס האָבן זיך איינ־

געשטעלט פֿאַר אַ חבר — ייִד ווי פֿאַר אַ נישט־ייִד. איך רעד דאָ נישט פֿון די פּאָליטישע אסירים.

איך וויל נאָך אַ מאָל אונטערשטרייכן, אַז צווישן אַל דאָס שלעכטע איז אויך געווען אַ סך גוטס און אַפֿילו העראָיִשקייט.[7] נישט אַלץ ווייסט מען און נישט אַלץ איז שוין באַשריבן געוואָרן. אין דעם דעמאָלטיקן גיהנום, וווּ מען האָט פֿאַרן אייגענעם שאָטן מורא געהאַט, איז דאָס מענטשלעכע און הערויִשע געטאָן געוואָרן אין שטרענגסטער געהיימעניש, ווייל פֿאַר מענטש־לעכקייט איז מען געווען אויסגעשטעלט פֿאַרפּייניקט צו ווערן מיט כּל־מיני אכזריותדיקע מיתות. דאָך נישט געקוקט אויף דערויף זענען געווען פֿאַלן פֿון מרידה און העלדישקייט. די עדות פֿון אַזעלכע אַקטן זענען אומגעקומען. קיינער פֿון זיי האָט נישט דערלעבט די פֿרייהייט כּדי צו דערציילן. מען מוז געדענקען, אַז די ייִדן אין די לאַגערן אין דייטשלאַנד און אויסער דייטשלאַנד, זענען געווען אָנגעוויזן בלויז אויף זיך אַליין; קיינער פֿון דרויסן, קיין שום אָרגאַניזאַציע איז זיי נישט געקומען צו הילף.

וועגן דער שולדיקייט אָדער אומשולדיקייט פֿון די מענטשן וויל איך נישט רעדן. אָבער איך וויל ליבערשט אַז צען שולדיקע זאָלן נישט באַ־שטראָפֿט ווערן (זאָל זיי גאָט שטראָפֿן!) איידער איין אומשולדיקער זאָל, חס וחלילה, אַפֿילו בלויז מאָראַליש געפּייניקט ווערן. איך ווייס, אַז די דערמאָנטע דאָקטערין ג. פּ. האָט דיר דערציילט פֿאַרשיידענע פֿאַקטן. אויך מיר האָט זי דערציילט. איך האָב עס באַשריבן אין מיין בוך „געביילטע פּויסטן" (אין עברית „אגרופים קמוצים") — „אַ ווינטער־אָוונט אין בערגען־בעלזען". דאָס וואָס זי האָט דערציילט איז געווען איר טיפּסטער וויי־אויס־געשריי. הימלען האָבן געדאַרפֿט פּלאַצן, די ערד האָט געדאַרפֿט זיך שפּאַלטן אַז אַלץ זאָל איינגעזונקען ווערן. די הימלען האָבן געשוויגן און אויך די ערד האָט זיך נישט אויפֿגעהערט באַוועגן. דעם גרויסן ווייגעשריי האָט קיינער נישט געהערט. ביז היינט דרייט זיך מענגעלע אַרום אומבאַשטראָפֿט. אויך די דאָקטערין פּ. איז זיין קרבן. ווי דו אַליין האָסט עס באַשריבן אין דיין בוך „עדים אנחנו", זייט 158, אַרויסגעגעבן פֿון פֿאַרלאַג „יבנה" תּל־אביב, 1970.

לאָמיר עס איבערלאָזן פֿאַר די, וועלכע גיבן זיך אָפּ מיט פֿאַרשן די מענגעלע־אַפֿערע [8].

מיין טייערער פֿריינד צבי, דערמאָנסט זיך מסתּמא די סאַמע ערשטע טעג נאָך דער באַפֿרייונג, אין לאַגער בערגען־בעלזען, דעם עונג־שבת אויפֿן אַפּעל־פּלאַץ, וואָס די טויט־קראַנקע קאַצעטלער האָבן איינגעאָרדנט. דעמאָלט האָבן מירביידע זיך געטראָפֿן — דו אַ געוועזענער יוגאָסלאַווישער געפֿאַנ־

גענער אָפּיציר און פעלד־ראַבינער און איך — דער בערגען־בעלזענער „קאַצעטלער". דו האָסט דעמאָלט גענומען אַ שייטל האָלץ פונעם שייטער וואָס מיר האָבן געהאַט אָנגעצונדן מוצאי־שבת, און האָסט געמאַכט הבדלה. מיט וואַרעמע, האַרציקע ווערטער האָסטו אונדז געטרייסט און געגעבן האָפענונג.

איך האָב דעמאָלט נאָר וואָס געהאַט אָנגעשריבן אַ ליד וועגן דער טויט־קראַנקער ייִדישער קאַצעטלערין און עס פאָרגעלייענט:

איך בין אַ שאָטן אויף דער וועלט,
עס רייצט מיך קיין פאַרגעניגן, קיין געלט,
קיין בוך נישט לעזן איך וויל,
כ׳גלויב נישט אין גאָט,
כ׳דאַוון נישט אין דער שטיל,
כ׳ווייס אַפּילו נישט סאַראַ תּפילה כ׳דאַרף זאָגן,
סאַראַ קינות כ׳זאָל וויינען און קלאָגן,
סאַראַ קדיש כ׳זאָל פריִער זאָגן,
אַז אַלץ איז טויט און טויט איז פאַר מיר דער מאָרגן.

ווי אַ שאָטן ליג איך דאָ אויפן בעט,
מײַן מאַן, וואָלט ער מיך כאָטש געעגט —
און זאָל ער זיין פריי,
פריי פון ווייב און קינד.
אַז איך האָב קיין היים, קיין געזינד,
קיין שוועסטער, קיין ברודער, קיין טאַטן, קיין מאַמען,
אַז פאַרברענט האָט מען זיי אַלע בייזאַמען,
און איך בין קראַנק אַזוי, אַזוי...

כ׳קאָן נישט וויינען, נישט לאַכן,
אַ סוף וואָלט איך וועלן צו זיך מאַכן.
ווײַל אַפּילו דעם שמייכל פון מײַן פאַרברענט קינד
האָב איך פאַרגעסן.
און אַזוי גייען אומעטיק די מעסלעסן,
אומעטיק די טעג און די נעכט,
און איך וואַרט נישט אויף דעם מאָרגן,
ווײַל ווי אַ מוראדיקער סוד איז פאַר מיר אַלץ פאַרבאָרגן.

אַ סך מאָל וואָלט איך וועלן רופן, שרייַען,
פאַרשעלטן די וועלט.
האָב איך קיין כּוח.
אַז אַלץ איז אַזוי טונקל,
פון שאָטנס פאַרשטעלט.

געהאָפט האָב איך אַמאָל:
ס'וועט קומען דער מאָרגן
פון באַפרייַען די וועלט.
און ווי עס איז געווען,
וועט ווערן אַלץ צוריקגעשטעלט —
דעם טאַטן, די מאַמען, דאָס קינד
אַלע וועל איך ווידער זען,
און דאַן זאָל געשען וואָס וועט געשען,
און איך וועל פאַרגעסן, וואָס די דייַטשן האָבן מיר געטון.
אַ פּאָר קרבנות? — פאַרפאַלן,
זאָלן מיר זיי לאָזן רוען.
אָבער אַז אַלץ איז טויט, געהרגעט און פאַרברענט
און אַפילו די טויטע האָבן זיי געשענדט,
מיך אַליין פאַר אַ שאָטן געמאַכט,
פון מייַן אומגליק נאָך געשפּאָט און געלאַכט.

אָ, איך פאַרשעלט זייער געביין,
קלינגען זאָל זיי אין די אויערן דאָס דאַזיקע קינדער־געוויין,
דאָס קרעכצן פון טאַטע־מאַמעס,
דאָס קריצן מיט די ציין,
דאָס געשריי פון די מיידלעך,
וואָס זיי האָבן געשענדט,
דערנאָך פאַרסמט, אויף שייַטערהויפנס פאַרברענט
און מיך פאַר אַ שאָטן געמאַכט.

די שאָטנס פון די מיליאָנען פאַרפּייַניקטע,
וועט זיי באַגלייטן בייַטאָג און נאַכט.

טייערער צבי, מיר האָבן דעמאָלט פֿריינדשאַפֿט געשלאָסן, אַ פֿריינד־שאַפֿט אויף אַ פּלאַץ, ווו יעדן טאָג זענען פֿון הונגער, אויסגעפּייניקטקייט און קראַנקייט געשטאָרבן הונדערטער מענטשן. זיי זענען מער נישט געווען בכּוח צו פֿאַרדייען די אויסגעבענקטע פֿרייהייט־לופֿט און זיי זענען אויס־געגאַנגען.

אַ פֿריינדשאַפֿט, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אינעם דאָזיקן עמק הבכא, בלייבט אייביק. מתוך אָט דער אונדזערער פֿריינדשאַפֿט האָב איך זיך דער־לויבט צו זאָגן דאָס אויבנדיקע.

ווי האָט דער באַרימטער פּאַרטיזאַנער־דיכטער שמערקע קאַטשער־גינסקי ז״ל געזונגען:

שטילער, שטילער, לאָמיר שווײַגן,
קברים וואַקסן דאָ.
ס׳האָבן זיי פֿאַרפֿלאַנצט די שונאים,
גרינען זיי צום בלאָ...

זאָלן מיר מיט כּבוד לאָזן רוען די קדושים און זיך אויסהיטן צו באַשול־דיקן אומשולדיקע דורך שולדיקע.
הרצליה, 1981

ז אָ מ י  פ ע ד ע ר

ה ע ר ו ת

1 הרב ד״ר צבי עזריה (העלפגאָט) איז געבוירן אין יוגאָסלאַוויע, דעם 8טן סעפּ־טעמבער 1913. האָט שטודירט אויפֿן אוניווערסיטעט און אין ראַבינער־סעמינאַר אין ווין און אין בודאַפּעסט. געוועזענער יוגאָסלאַווישער אָפֿיציר אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. פֿיר יאָר געווען אין געפֿאַנגענשאַפֿט אין היטלער־דײַטשלאַנד.
געווען צווישן די מיליטערישע רבנים, וואָס זענען אין די סאַמע ערשטע טעג נאָך דער באַפֿרייונג אַריין אין קאָנצענטראַציע־לאַגער בערגען־בעלזן און גע־האָלפֿן קובר זיין די קדושים. שפּעטער איז ער געוואָרן מיטגליד פֿון „צענטראַל־קאָמיטעט פֿון די באַפֿרייטע ייִדן אין דער בריטישער זאָנע״. אויבער־ראַבינער און אָנפֿירער פֿון ראַבינאַט. אין יאָר 1948 איז ער עולה געווען קיין ישראל, ווו ער איז אַריין אין צה״ל. אין יאָר 1953 ווערט ד״ר עזריה געשיקט פֿון משרד החוץ ווי אַ ראַבינער פֿאַר דער שטאָט קעלן, אין דײַטשלאַנד. אין יאָר 1962 ווערט ער רב אין סביון (ישראל), אין יאָר 1966 — לאַנד־ראַבינער פֿון

נידערזאַקסן און האַנאָווער, דייטשלאַנד. ד״ר עזריה איז אויך דער מחבר פון אַ צאָל ספרים אין דייטש און אין עברית.

2 ד״ר יאָזעף מענגעלע ימ״ש, עס־עס־אונטערשטורעמפירער. דורכגעפירט אין אוישוויץ די סעלעקציע צו די גאַז־קאַמערן. דורכגעפירט אין אוישוויץ עקספּע־רימענטן איבער צווילינגען. וויסנשאַפטלעכער מיטאַרבעטער פון ד״ר אָטמאַר פאַן פערשוערס אינסטיטוט פאַר ירושה־ביאָלאָגיע און ראַסן־היגיענע ביים פראַנק־פורטער אוניווערסיטעט. באַהאַלט זיך אויס אין דרום־אַמעריקאַנער לענדער. ביז היינט געבליבן אומבאַשטראָפט.

3 רודאָלף קאַסטנער, אין דער היטלערצייט געווען איינער פון די מנהיגים פון אונגאַרישן ייִדנטום. געבוירן 1906 אין קלויזנבורג. אין ישראל איז אים פאַר־געוואָרפן געוואָרן קאָלאַבאָראַציע מיט די נאַציס. דערמאָרדעט געוואָרן 1957 אין תל־אביב. קורץ נאָכן מאָרד איז ער אין 1958 געוואָרן רעהאַביליטירט.

4 „קאַפּאָ״ — אין קאַצעט, דער עלטסטער פון דער גרופּע אסירים. קאַפּאָ — פון פראַנצויזיש : קאַפּאָראַל ; פון איטאַליעניש : עלטסטער.

5 אזכרה אויפן קבר פון אַ ייִדן־רעטער בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע. „לעצטע נייעס״, תל־אביב, 31סטן יאַנואַר 1974 :

דעם פאַרגאַנגענעם דינסטיק איז פאַרגעקומען אויפן בית־עלמין אין חולון אַן אזכרה און אַנטהילונג פון דער מצבה אויפן קבר פון קאַרל דעמרער, וועל־כער איז בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע געווען קאָמענדאַנט פון דעם קאָנ־צענטראַציע־לאַגער „בלעכהאַמער״, בשכנות פון אוישוויץ, און אויסנוצנ־דיק זיין אַמט האָט ער געהאָלפן ראַטעווען פון טויט אַ סך ייִדן.

די אזכרה איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די געראַטעוועטע פון דעם לאַגער און זייערע משפחות מיט דער באַטייליקונג פון „יד־ושם״. דער פאָרזיצער פון פאַרבאַנד פון אַנטינאַצי־קעמפער און געוועזענע אַרעסטאַנטן, משה מיליס, און איינע פון די געראַטעוועטע פון דעם לאַגער, פרוי בינשטאָק, האָבן אין זייערע רעדעס בעת דער אזכרה אונטערגעשטראָכן, אַז דעמרער איז געווען אַ ליכטיקער שטראַל אין יענע פינצטערע טעג, און נישט געקוקט אויף זיין אַמט ווי קאָמענדאַנט פונעם לאַגער האָט ער אַרויסגעוויזן אחריות פאַרן גורל פון די טויזנטער ייִדישע אַרעסטאַנטן און מיט גרויס מסירות נפש האָט ער באַוויזן צו אָרגאַניזירן אייניקע ביז גאָר געוואַגטע אַקציעס, וואָס האָבן געראַטעוועט דאָס לעבן פון אַ גרויסער צאָל אַרעסטאַנטן. אין איין פאַל האָט ער באַוויזן צו ראַטעווען הונדערטער פרויען, נאָך דעם ווי זיי זענען דורך די דייטשן געווען באַשטימט געשיקט צו ווערן אין די גאַז־קאַמערן און אין אַ צווייטן פאַל האָט ער געראַטעוועט אַ גרויסע גרופּע קינדער, וועלכע זענען שוין געווען צוגעגרייט געשיקט צו ווערן אין די גאַז־קאַמערן פון אוישוויץ ווי „נישט פּראָדוקטיווער רוי־מאַטעריאַל״.

די אָנטיילנעמער האָבן אָנגעוויזן אויף דער באַשיידנקייט פון קאַרל דעמרער, וואָס איז געווען אַ זון פון אַ ייִדישער משפחה אין ווין און וועלכער האָט ביזן סוף פון זיין לעבן נישט געזוכט קיין זעלבסט־רעקלאַמע פאַר זיינע מעשים. זיינע העלדישע מעשים זענען באַקאַנט געוואָרן נאָר אַ דאַנק די

גבית עדות פון פילצאַליקע געראַטעוועטע, וועלכע האָבן איבערגעגעבן וועגן דעם אין „יד ושם", כּדי די פאַקטן זאָלן נישט פאַרלוירן גיין פאַר דער געשיכטע.

נאָך וועגן קאַרל דעמרער ז"ל:

אין דער נאָטיץ, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אויף די שפּאַלטן פון אייער צייטונג דעם 31סטן יאַנואַר היי־יאָר „אזכּרה אויפן קבר פון אַ ייִדן־רעטער בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע", וויל איך אויסבעסערן אייניקע אומ־פּינקטלעכקייטן: קאַרל דעמרער ז"ל איז קיין מאָל נישט געווען קיין לאַגער־קאָמענדאַנט און נישט קיין לאַגער־פירער. די דאָזיקע פונקציעס אין די אַרבעט־לאַגערן האָבן אויסגעפירט נאָר דייטשע פּאָליציאַנטן אָדער ס.אַ. ווען די לאַגערן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן, האָבן די דאָזיקע פונקציעס אויסגעפירט די ס.ס.־לייט. דערקעגן אין אַרבעט־לאַגער בלעכהאַמער, וווּ איך בין געווען אַ געוויסע צייט, איז קאַרל דעמרער געווען אַ יודען־עלטסטער און נישט לאַגער־קאָמענדאַנט. קאַרל דעמערער ז"ל איז געווען אַ ייִד מיט האַרץ. ער האָט געשטעלט אין קאָן זיין לעבן, כּדי צו ראַטעווען אַנדערע ייִדן.

מיט דרך ארץ   ז א מ י   פ ע ד ע ר, ירושלים

פון רעדאַקציע: מיר דאַנקען דעם ה' פעדער פאַר דער אויסבעסערונג. די ידיעה האָבן מיר געגעבן לויט דער פּרעסע־אַגענטור עתי"ם.

אין „פּנקס זאַגלעמביע", פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב 1972, שרייבט קלמן כענטשינסקי: „מיינע איבערלעבענישן" (אין לאַגער מאַרקשטאַט).

...ווען איך בין סוף־כּל־סוף אַריין צו דער סעלעקציע. איז דאָרט גע־שטאַנען מצד די קאַצעטלער דאָקטאָר גוטענטאַג פון כזשאַנאָוו (גאַליציע), וואָס איז געווען אַ משומד. דאָך האָט ער זיך באַמיט מיט אַלע מעגלעכקייטן, וואָס ער האָט נאָר געהאַט, צו שיצן ייִדן און זיי אָפּראַטעווען פון טויט. ווען איך בין צוגעקומען און זיך אָוועקגעשטעלט פאַר זיי, האָבן די דייטשן מיך געוואָלט אָוועקשיקן קיין אוישוויץ, אָבער דאָ האָט זיך דער דאָקטאָר אָנגערופן, אַז איך זע נאָך גוט אויס און בין נאָך פעיִק צו דער אַרבעט. ער האָט מיך געראַטעוועט דאָס לעבן, אָבער ער אַליין האָט פאַר זיין „דיאַגנאָז" באַקומען צוויי פייערדיקע פּעטש פון איינעם פון די עס־עס־לייט, אַז ער האָט דערביי פאַרלוירן אַ פּאָר ציין אין מויל...

6 ד"ר וואָלף גליקסמאַן, אין זשורנאַל „דער וועקער", ניו־יאָרק, יאַנואַר־פעברואַר 1983, שרייבט אין זיין מאמר „ייִדיש וואַרשע קעגן גערמאַנישן אוישוויץ":

...„געגנוי ווי די געשעענישן זיינען זיך פאַרלאָפן קען קיין מענטש זיך נישט פאַרשטעלן". נאָר ווינציקע, די וואָס האָבן איבערגעלעבט אוישוויץ וועלן אפשר קאָנען אַלץ אַרומנעמענדיק איבערגעבן. מיר האָבן געזאָגט אפשר. דער געוועזענער אסיר פון אוישוויץ, דער שפּעטערדיקער פּוילישער פּרע־מיער־מיניסטער, ד"ר יוזעף ציראַנקעוויטש, האָט ביים פּראָצעס פון רודאָלף העס, דעם בויער און ערשטן קאָמענדאַנט פון אוישוויץ, עדות געזאָגט אַז דעם גאַנצן אמת וועגן אוישוויץ וועט מען קיין מאָל נישט וויסן. מיר

אַליין, געוועזענע אין אוישוויץ 23 חדשים מיט 2 טעג, וואָלטן זיך נישט אונטערגענומען צו זאָגן, אַז מיר ווייסן אַ סך וועגן אוישוויץ. יעדער אַרעסטאַנט האָט אויסגעטראָגן זיינעליידן און פּיין אויף זיין אופן און לויט זיינע כּוחות".

7 דוד שמולעווסקי אין זיין בוך „זכרונות פון ווידערשטאַנד — אוישוויץ־ביר־קענאַו":

...„קאַמינסקי, דער קאַפּאָ פון דער זאָנדערקאָמאַנדאָ איז אין גאַנצן געווען אַריינגעטון אין באַזאָרגן די פאַרשידענע כּלים וואָס זענען געווען נויטיק צום פאַבריצירן די באָמבעס"...

8 „אַפּעל צו די וועלט־מנהיגים צו העלפן פאַנגען ד"ר מענגעלע" (נאָטיץ אין „לעצטע נייעס" פון 8.2.1985):

מיט אַ רוף צו אַלע רעגירונגען אויף דער וועלט, צו די גייסטיקע און רעליגיעזע מנהיגים און צו די אָנפירערס פון אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַני־זאַציעס, זיי זאָלן העלפן כאַפּן ד"ר מענגעלע און אים שטעלן פאַר אַ משפט — איז אַרויס די געזעלשאַפטלעכע קאָמיסיע ביים פאַרענדיקן די עדות־דערקלערונגען וועגן זיינע מעדיצינישע עקספּערימענטן און וועגן מענגעלעס פאַרברעכנס אין אָשוויענטשים אין די יאָרן 1943—1944.

די עדות־דערקלערונגען זענען עפנטלעך אויסגעהערט געוואָרן אין „יד־ושם" אין ירושלים, אונטער דער לאָזונג: „איך באַשולדיק!"

אַדוואָקאַט צבי טאַרלאָ, מיטגליד פון דער דאָזיקער קאָמיסיע און גע־וועזענער הויפּט־דירעקטאָר פון יוסטיץ־מיניסטעריום, האָט זיך געוואָנדן צו יעדן איינעם וואָס באַזיצט אינפאָרמאַציעס וועגן מענגעלעס מעשׂים, זיי זאָלן זיי איבערגעבן צום „יד ושם", כּדי דער מאַטעריאַל זאָל דינען אַלס באַווייז פאַר דער באַשולדיקונג קעגן דעם נאַצישן פאַרברעכער ווען זיין יום־הדין וועט קומען.

צווישן די לעצטע עדות איז אויסגעהערט געוואָרן די דערציילונג פון רות אליעז, אַן אָפּשטאַמיקע פון טשעכיע, וועלכע איז אָנגעקומען אין אויש־וויץ־לאַגער אין 1943 זייענדיק אין די לעצטע חדשים פון איר שוואַנגער־שאַפט. באַלד נאָכן געבורט האָט מענגעלע פאַראָרדנט צו בינדן אירע בריסטן, כּדי דאָס פּיצעלע זאָל נישט האָבן וואָס צו עסן. „לאָמיר זען וויפל צייט קען אויסהאַלטן אַ ייִדיש קינד אָן עסן, ביז עס וועט שטאַרבן!", האָט געזאָגט דער נאַצי־פאַרברעכער. מיט דער הילף פון אַ ייִדישער מעדי־קערין האָט די יונגע מוטער געטויט איר קינד, כּדי צו באַפרייען עס פון די הונגער־יסורים.

„איך האָב דערהרגעט מיין קינד מיט די אייגענע הענט" — האָט אויס־געררופן די פרוי אין טיפער געריורטקייט.

אין 1933, ווען די רייכסטאַג־געביידע אין בערלין האָט געברענט, האָבן בערלינער עס־אַ־קאָמאַנדאָס און עס־עס־לייט און אַפילו ציווילע קרימינאַל־פּאָליציסטן, געזוכט סאָציאַליסטן, קאָמוניסטן און... יידן, בעיקר אויסלענ־דישע יידן (שטאַטלאָזע), און זיי פאַרשיקט אין די נאָר וואָס געשאַפענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן — אָראַניענבורג און דאַכאַו.

אין יענער צייט האָב איך געוווינט אין בערלין און בין געווען אַ חבר אין דער פּועלי ציון־באַוועגונג. איך בין אויך געווען אַ מיטגליד אין דער „בערלינער יידישער טעאַטער־סטודיע", וואָס איז אַ צייט אָנגעפירט געוואָרן פון צבי פרידלאַנד („הבימה"); שפּעטער אויך פון אַלעקסיס גראַנאָווסקי און פּראָפ' יאַן קעציר־מילער פון די ריינהאַרד־טעאַטערן, ביי דער מיטאַרבעט פון רפאל קלאַצקין („הבימה"), און פון די שרייבער און דראַמאַטורגן: משה ליוושיץ, זיסקינד ליעוו און דוד בערגעלסאָן. איך האָב געשפּילט אין דער „פּיסקאַטאָר־בינע" און מיטגעווירקט אין דער „דערוס־פילם־געז." (דייטש־רוסישע פילם־געזעלשאַפט). געווען אַ מיטגליד אין דער לינקער שוישפּי־לער־גרופּעביים דייטשן שוישפּילער־ און אַרטיסטן־פאַראיין. מיטגעאַרבעט אין די „בערלינער בלעטער פאַר דיכטונג און קונסט". אָרגאַניזירט אַ דראַמ־קרייז און „שפּרעך־כאָר" אין יידישן אַרבעטער קולטור־פאַראיין. געווען אין „שלום עליכם־קלוב". דאָס אַלץ איז געווען גענוג אַז די „עס־עס" און „עס־אַ"־קאָמאַנדאָס זאָלן מיך זוכן.

אין דער צייט ווען דער רייכסטאַג האָט געברענט, האָב איך געאַרבעט אין דער דרוקעריי פון זיגפריד און אַרטור שאָלעם אין בערלין־שענעבערג, ווו עס האָט זיך געדרוקט די ציוניסטישע צייטונג די „יידישע רונדשאַו". די רעדאַקטאָרן זענען געווען: ראָבערט וועלטש און מאָזעס וואַלדמאַן. דאָרט האָט זיך אויך געדרוקט די „ענציקלאָפּעדיאַ יודאַיקאַ" (אין דייטש), וואָס אירע הויפּט־רעדאַקטאָרן זענען געווען: נחום גאָלדמאַן און יעקב קלאַצקין (וואָס האָט אויך געהאַט דעם „אשכול־פאַרלאַג", אין וועלכן די ענציקלאָ־פּעדיע איז טיילווייז דערשינען). אין דער זעלבער צייט האָט זיך דאָרט געדרוקט דער אָנהייב פון דער „אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע" (אין יידיש) אונטער דער רעדאַקציע פון בן־אדיר, פּראָפ' יוליוס ברוצקוס און יעקב לעשטשינסקי.

איך געדענק, אַז ווען איך האָב געהאַלטן ביים שטעלן דעם אות „יוד"

(יהונתן) אין דער „ענציקלאָפּעדיאַ יודאַיקאַ״, איז אַ שליח פון דער באַלע־באָסטע פון מיין מעבלירטן צימער, אין וועלכן איך האָב געוווינט, געקומען צו מיר און געזאָגט, אַז קרימינאַל־באַאַמטע און עס־עס זענען געווען אין מיין צימער און דאָרט געמאַכט אַ רעוויזיע. זיי האָבן צוגענומען אַלע מיינע כּתבים, שרייב־מאַשין, פאָטאָ־אַפּאַראַט, פאָטאָגראַפיעס און אַנדערע זאַכן. די דאָזיקע לייט וואַרטן נאָך דאָרט ביז איך וועל קומען.

קלאָר, אַז איך בין מער נישט אַהיימגעגאַנגען. איך בין אַוועק צו מיין קריסטלעכן פריינד וואָס איז געווען אַ מיטגליד אין דער סאָציאַליסטישער יוגנט־באַוועגונג און האָט אויך געאַרבעט אין דער זעלבער דרוקעריי.

איך בין געבליבן ביי זיינע עלטערן און דאָרט געווען אויסבאַהאַלטן. נישט געגאַנגען מער צו דער אַרבעט.

מיט אַ וואָך שפּעטער בין איך אין איינעם אַן אָוונט אַרויף אין מיין צימער און אַרויסגענומען אייניקע וויכטיקע זאַכן און זיי פאַרפּאַקט אין אַ וואַליזע. אויפן טיש זענען געלעגן עטלעכע אויפגעעפנטע בריוו צו מיר און צווישן זיי אויך אַן „אַוסוווייז אַוס פּרייסן״, וואָס האָט זיך אַזוי געלייענט:

„דאַ זי זיך שטאַאַטספיינדליך בעטעטיגט האַבען, ווערדען זי אויפגע־פאָרדערט, אינערהאַלב פאָן 48 שטונדען, פּרויסן צו פערלאַססען. אונטער־געשריבן: פאָן פּאַפּען״.

דער באַקאַנטער זשורנאַליסט י. קלינאָוו האָט דעמאָלט וועגן דעם „אויסוווייז״ מיינעם געשריבן אין וואַרשעווער „היינט״, ווייל דאָס איז געווען דער אָנהויב פון אַרויסשיקן ייִדן פון דייטשלאַנד.

די 48 שעה אין וועלכן איך האָב געדאַרפט פאַרלאָזן בערלין זענען געווען שוין לאַנג אַריבער. טאָמער וואָלט מען מיך געכאַפּט, וואָלט מען מיך זיכער געווען פאַרשיקט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, אָדער ווער ווייסט ווו?

אויף דער עצה פון מיינע חברים און בעיקר פון שלום (סאָלאָמאָן) אַדלער־רודעל, וואָס איז אין יענער צייט געווען אַן אָנגעזעענער כּלל־טוער אין דער בערלינער ייִדישער קהילה און אויך אין פּועלי־ציון, האָב איך זיך געגרייט צו פאַרלאָזן דייטשלאַנד.

נאָך שווערע מי און אין כּסדרדיקער געפאַר, געזוכט און פאַרפאָלגט פון די עס־אַ־ און עס־עס־באַנדעס, איז מיר, מיט דער הילף פון מיינע פריינד, געלונגען אַרויסצופאָרן פון בערלין אין אַ נעבן־שטעטל און פון דאָרט מיטן שנעלצוג קיין פּוילן. אָנקומענדיק קיין ברעסלוי, האָט אַ קאָנ־טראָל פון עס־עס־לייט מיך געכאַפּט און איינגעזעצט אין דער דאָרטיקער תּפיסה.ביים אויספאָרשן מיך האָט די עס־עס געוואָלט וויסן ביי וועמען איך

האָב זיך אויפגעהאַלטן די צוועלף טעג זייט מיין אויסוויז פון פרייסן, און אויך ווען און ווי אַזוי איך האָב פאַרלאָזט בערלין?

איך האָב זיך פאַרטיידיקט, אַז איך בין די גאַנצע צייט געווען אויף „וואַנדערשאַפט" און געשלאָפן אין די וועלדער מחמת איך האָב מורא געהאַט, אַז מען וועט מיך פאַרשיקן. כ'האָב געטענהט, אַז איך וויל אַהיימפאָרן צו מיין פאַמיליע אין פוילן.

איך האָב געהאַט מיט זיך אַ ווערטפולע זאַמלונג פון האַלב־איידלשטיי־נער אין רויען צושטאַנד. פּלוצים האָט געזאָגט צו מיר דער עס־עס־מאַן וואָס האָט געפונען ביי מיר די שטיינער: „איך דענקע, זי וואָללען דיזע שיינע זאַמלונג דער דויטשען ,ווינטער־הילפע' שענקען?..." און ער האָט זיי ביי מיר צוגענומען. דערנאָך האָט ער אויף מיינע הענט אָנגעטאָן קייטלעך און מיך געפירט צו דער באַן. דאָרט האָט ער מיך אַריינגעזעצט אין אַ קופּע און זי פאַרשלאָסן. אַזוי בין איך שפּעט ביינאַכט, אַ מידער און הונגעריקער, אָנגעקומען קיין קאַטאָוויץ. ווען דער קאָנדוקטאָר האָט אויפגעשלאָסן די קופּע, האָב איך דערזען אַ פּוילישן פּאָליציאַנט. ער האָט מיר געפרעגט: „זייט איר אַ פּוילישער בירגער? אײַער פּאַס, ביטע!" „איך האָב נישט קיין פּאַס — די דייטשן האָבן מיר אים צוגענומען". דער פּאָליציאַנט האָט אויף מיר אַ שאַרפן קוק געטאָן און געהייסן מיך מיטגיין מיט אים. ער האָט מיך צוגעפירט צו אַ צווייטן צוג, געהייסן איך זאָל אַריינגיין אין אַ קופּע וואָס אויך ער האָט פאַרשלאָסן.

אַ האַלבע נאַכט בין איך געווען פאַרשלאָסן אין קופּע פון וואַגאָן. פאַר־טאָג האָט דער צוג אָנגעהויבן פאָרן. אָנקומענדיק קיין בויטן האָט דער קאָנדוקטאָר אויפגעשלאָסן דעם קופּע און צו מיר געזאָגט: „איצט ביסטו אין בויטן, פאַרשווינד!" דאָס איז געווען זונטיק פרי, עס איז מיר געלונגען זיך אַרויסצומאַכן פון וואָקזאַל־שטח און צו גיין אין שטאָט אַריין. אין שטאָט איז געווען חגאדיק. די געשעפטן זענען געווען געשלאָסן. איך האָב זיך אַריינגעזעצט אין טראַמוויי וואָס איז געפאָרן קיין הינדענבורג. פון הינדענ־בורג האָב איך געוואָלט זיך אַריבערשמוגלען קיין רודאַ. רודאַ איז שוין געווען פוילן. די צוויי שטעטלעך זענען געווען פאַרבונדן ווי איין שטאָט. אויף דער גאַס וווּ איך בין אַראָפּ פונעם טראַמוויי האָב איך געזען אַ גרע־סערע צאָל דייטשן, אַלטע און יונגע וואָס זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג צו דער פּוילישער גרענעץ קיין רודאַ. אויך איך בין געגאַנגען צוזאַמען מיט זיי.

פאַרזיכטיק האָב איך געפרעגט אַ יונגן דייטש וווהין עס פירט דער וועג. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט פאַרוווּנדערונג, פאַרדעכטיקט, אַז איך

בין אַ פרעמדער און מיר געענטפערט, אַז זיי גייען אין דער קירכע. ער האָט מיר דערקלערט, אַז די קאַטאָליקן פון הינדענבורג גייען קיין רודאַ אין דער אָרטיקער קאַטוילישער קירך. אַזוי בין איך מיט אַלע, וואָס זענען געגאַנגען צו דער קירך, אַריבער די גרענעץ. די דייטשע און פוילישע גרענעץ־פּאָליציי זענען אַפילו נישט אַרויסגעקומען קאָנטראָלירן. פון רודאַ בין איך אַוועק אין שטעטל סטשעמיעשיץ (זאַגלעמביע), וווּ מיין מוטער האָט געוווינט. דאָרט בין איך געבליבן אַ קורצע צייט ביז איך האָב זיך לעגאַליזירט און בין דערנאָך אַוועק קיין וואַרשע. די פּוילישע שפּראַך האָב איך נישט געקענט און אויך מיין יידיש האָט געהאַט אַ דייטשע פּאַטשעווקע.

איך בין אַרויף אין אַרטיסטן־פאַראיין, אויף לעשנאָ 2, און דערנאָך אין ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13. דאָרט האָב איך זיך געפילט היימישער. כ׳בין געוואָרן אַ גאַסט־מיטגליד; מיינע צוויי „זשיראַנטן״ זענען געווען: ש. ל. שניידערמאַן און א. ס. ליריק (ריקליס).

אין וואַרשע איז דאָס יידישע לעבן געווען נאָרמאַל, ווי עס וואָלט גאָר־נישט געשען. עפּעס האָט מען יאָ געוווּסט וועגן היטלערן, אָבער אַז דאָס וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד קאָן אויך אין פּוילן געשען — וועגן דעם האָט מען ווייניק געטראַכט.

איך בין נאָך געווען אונטער דעם שטאַרקן רושם פון די גרויסע היטלע־ריסטישע און אַנטי־היטלעריסטישע דעמאָנסטראַציעס, געשלעגן און שיסע־רייען מיט צענדליקער, צענדליקער טויטע אויף די בערלינער גאַסן. ס׳איז נאָך געווען פריש אין מיין זכּרון היטלערס קומען צו דער מאַכט און די שׂריפה פונעם רייכסטאַג. נאָך דעם די מאַסן־פאַרשיקונגען און צעשיסונגען פון סאָציאַליסטן, קאָמוניסטן און יידן אין די ערשט־געשאַפענע קאָנצענ־טראַציע־לאַגערן. נאָך דעם מיין „אויסווייז״ און דאָס אַנטלויפן פון דייטש־לאַנד, וווּ איך האָב אָפּגעלעבט דעם גרעסטן טייל פון מיין לעבן ביז דעמאָלט — אין דער פּרעכטיקער יידישער שטאָט פראַנקפורט ביים מאַין, וווּ איך בין געגאַנגען אין דער שולע, געלערנט, שטודירט און פאַרבראַכט מיין יוגנט.

אינערלעך בין איך געווען זייער אויפגעטרייסלט. אין וואַרשע האָט מען אויף מיר געקוקט מיט רחמנות־בליקן, ווי דאָס געשעענע וואָלט געווען נוגע מיך פּערזענלעך און נאָך עטלעכע אַזעלכע יידן ווי איך, וואָס האָבן געמוזט פאַרלאָזן דייטשלאַנד. דאַרף מען זיי העלפן ווי מען העלפט אַ געפאַלענעם נעבעך...

שפּעטער זענען אויך געקומען קיין וואַרשע די שוישפּילער אַלעקסאַנדער גראַנאַך און קורט קאַטש. איך האָב געטראַכט, אַז מען דאַרף עפּעס טאָן

קעגן דער דאָזיקער גלייכגילטיקייט. מיט בלויז רעדן, דערציילן און וואָרע־
נען, אַז היטלער וויל איינשלינגען די וועלט און פאַרניכטן אַלע ייִדן, וועט
מען גאָרנישט באַווייזן. דערצו בין איך געווען צו יונג און צו שוואַך צו
קאָנען צוקומען מיט מיין וואָרענונג־וואָרט צו גרעסערע מאַסן. איך האָב
אַ צייט געשפּילט אין דער בערלינער „פּיסקאַטאָר־בינע" (פּאָליטיש צייט־
טעאַטער) — האָב איך געוווסט און געטראַכט, אַז נאָר דורך טעאַטער וועט
גרינגער זיין צוצוקומען מיטן אמת צו אַ גרעסערער צאָל מענטשן און
באַזונדערס ייִדן. איך אַליין האָב נישט געהאַט באַהערשט די ייִדיש־ליטעראַ־
רישע שפּראַך, האָב איך גענומען צו הילף דעם שרייבער שמואל וואָלמאַן
(לייזער פּעלזנער) און מיר ביידע צוזאַמען האָבן אָנגעשריבן די פּיעסע
„אויף דער וועלט בייט זיך גאָרנישט" (היטלעריאַדע).

די פּיעסע איז פון דער שוישפּילערין רות טאַרו (רות קאָוואַלסקאַ ע"ה),
לעגאַליזירט געוואָרן אונטער דעם נאָמען „כינקע־פּינקע" און איז דאַן
אונטער מיין רעזשי אויפגעפירט געוואָרן אין „קאַמינסקי־טעאַטער" מיט
דעם דעמאָלט באַקאַנטן דראַמקרייז „אָרפעוש"ביים וואַרשעווער טעקסטיל־
פאַראיין, וועלכער איז אַ צייט אָנגעפירט געוואָרן פון יעקב ראַטבאַום און
דוד ליכט. די דעקאָראַציעס און ליכט־בילדער זענען געווען פון בערמאַן;
מוזיק און כאָר־אָנפירונג פון ד"ר שלמה האָפמאַן (היינט אין תל־אביב).

די זעלבע פּיעסע האָב איך אויפגעפירט אין אָטוואָצקער „קאַזינאָ" מיטן
דאָרטיקן דראַמקרייז. דעקאָראַציעס האָט געמאַכט דער קינסטלער חיים
האַנפט.

אויף דער „ליניע", ווי מען האָט גערופן די שטעטלעך פון וואַרשע־
אָטוואָצקער באַן־ליניע, האָב איך געאַרבעט מיט פאַרשיידענע ייִדישע דראַמ־
קרייזן; אין פאַלעניץ האָב איך צווישן אַנדערע פּיעסן אויך געשטעלט
„אייזיק שעפטל" פון דוד פּינסקי. מיט אַנדערע דראַמקרייזן האָב איך גע־
שטעלט אינסצעניזירטע דערציילונגען פון ייִדישע קלאַסיקער, באַאַרבעט
פאַר דער בינע פון מיר מיט דער מיטהילף פון דעם דיכטער שמואל
זאַראַמב.

בעת דער פאַרשטעלונג די „היטלעריאַדע" אין אָטוואָצקער „קאַזינאָ",
האָט אַ פרוי אין זאַל געחלשט צוליב אַ דראַסטישער סצענע אויף דער בינע.
עס איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע; די פּאָליציי וואָס איז געווען אין טעאַטער־
זאַל האָט געהערט געשרייען, איז זי אַריין אין טעאַטער־זאַל און געזען אויף
דער בינע היטלעריסטישע פענער... צומאָרגנס, איז אינעם צימער ווו איך
האָב געוווינט אין וואַרשע געקומען אַ קרימינאַל־פּאָליציסט און צו מיר
געזאָגט: „איך מיין, אַז פאַר אייך וואָלט געווען בעסער ווען איר פאַרלאָזט

וואַרשע און פּאַרט קיין סטשעמיעשיץ... צו וואָס טויג אייך מען זאָל אייך שיקן קיין קאַרטויז בערעזע?" (אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אין פּוילן). איך האָב פּאַרפּאַקט מיינע זאַכן און בין צוריקגעפּאָרן קיין סטשעמיעשיץ (זאַגלעמביע). דאָרט האָב איך אַ צייט זיך געמוזט מעלדן אין דער פּאָליציי. שפּעטער איז שטיל געוואָרן. אויף דער רעקאָמענדאַציע פון מיינע פריינד, דעם שרייבער און דיכטער סטאַניסלאַוו (שיִע) וויגאָדזקי און דעם רעזשיסער און מאָלער יעקב ראַטבוים, בין איך איינגעלאַדן געוואָרן צו אַרבעטן אין דער בענדינער טעאַטער־ און מוזיק־געזעלשאַפט „מוזע". דאָרט האָב איך אויפגעפירט די „היטלעריאַדע" און אויך „דאָס גרויסע געווינס" פון שלום עליכם, אַחוץ וואָס איך האָב געשטעלט קליינקונסט־אָוונטן. די „היטלעריאַדע" איז אויך געשפּילט געוואָרן אינעם סאָסנאָוויצער שטאָט־טעאַטער.

אין סאָסנאָוויצער דראַמקרייז „לירע" האָב איך צווישן אַ רייע קליינקונסט־אָוונטן אויך געשטעלט דעם „גואל" פון עמיל בערנהאַרדט. איך האָב דאָרט געאַרבעט ביז די דייטשן האָבן אָקופּירט פּוילן. די נאַציס האָבן מיך געפונען און דעם 13טן מאַי 1941 פאַרשיקט אין אַ „יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגער" אין דערפלעס (סודעטן־געביט). איך בין באַפרייט געוואָרן דעם 15טן אַפּריל 1945 אין בערגען־בעלזען. דורך דער צייט בין איך געווען אין צוועלף פאַרשיידענע לאַגערן.

*

אין יעדן אַרבעטס־לאַגער אָדער „קאַצעט" האָט מען אויף פאַרשיידענע אופנים און אויף וויפל עס איז נאָר געווען מעגלעך געפּרוּווט צו טאָן קולטור־אַרבעט: דורכפירן „שמועסן" אויף פאַרשיידענע טעמעס, אָרגאַניזירן רעפעראַטן, אָדער צוזאַמען זינגען יִדישע און העברעיִשע לידער, פייערן רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע און געזעלשאַפטלעכע ימים־טובים — אָנדענקפייערונגען, ווי הערצל־ביאַליק געדענק־טאָג א.אַ.וו. אויפן פאַרלאַנג פון נאָענטע חברים, האָב איך עטלעכע מאָל אָנגענומען פאַרשיידענע לאַגער־פונקציעס, כּדי צו האָבן אַ מעגלעכקייט אַדורכצופירן די דאָזיקע, דעמאָלט פאַר אונדז, וויכטיקע קולטור־אַרבעט.

אין „יודען־אַרבייטסלאַגער" אין בונצלאַו איז אונדז געלונגען אויפצופירן אייניקע טעאַטער־פאַרשטעלונגען און אין געהיים אַרויסצוגעבן אַ געשריבענעם „זשורנאַל" מיט אַקטועלע טעמעס און לידער, וועלכע מען האָט שפּעטער פאַרגעלייענט פאַר די חברים. אויף וויפל איך קאָן זיך דערמאָנען,

זענען די מיטאַרבעטער געווען: שפּיגלער (היינט אין שוועדן), חיים וואַלנער־מאַן (נפטר געוואָרן אין ירושלים), שאול ליפשיץ (דערשאָסן געוואָרן ביים „טויטן־מאַרש"), מיין ווייניקייט און אַנדערע, וואָס איך געדענק לײדער נישט זייערע נעמען. שפּעטער, ווען פון „יודען־לאַגערן" זענען געוואָרן „קאַצעטן", איז שווערער געוואָרן מיט יִדישע קולטור־אַרבעט, ווייל די אַמאָליקע ריין יִדישע לאַגערן זענען אויסגעמישט געוואָרן מיט דייטשן, פּאָליאַקן, פראַנ־צויזן און אַנדערע. מען האָט דאַן יִדישע קולטור־אַרבעט געטאָן בלויז לויט די מעגלעכקייטן.

...אין קאַצעט־לאַגער „בונצלאַו" האָט אַ סך בייגעטראָגן און דערמוטיקט צו הייבן די מאָראַל צווישן די אסירים יידן, סאַמי פעדער, וואָס איז געווען באַקאַנט אין סאָסנאָוויץ, בענדין, ווו ער האָט געווירקט אויפן קולטורעלן און קינסטלערישן געביט פון יידישן טעאַטער. ער, וואָס האָט גוט באַהערשט די דייטשע שפּראַך און האָט באַזוכט אַ טעאַטער־אַקאַדעמיע אין דייטשלאַנד, האָט אויך אין לאַגער געהאַט פונקציעס. אַנדערע אויף זיין אָרט האָבן דאָס אויסגענוצט פאַר זיך, און דערביי זיך אכזריותדיק באַצויגן צו זייערע ברידער יידן, אַנדערש האָט ער זיך געפירט. זיין באַציִונג צו די יידן, וואָס זענען געשטאַנען אונטער זיין באַפעל, איז געווען אַ חברישע און קולטורעלע. ער האָט זיך שטענדיק באַמיט צו פאַרלייכטערן זייערע ליידן. בעיקר האָט זאַמי פעדער זיך אָפּגעגעבן מיט קולטור־אַרבעט פאַר די לאַגערניקעס. ער האָט געשריבן לידער און דערציילונגען, איינגעאָרדנט לייען־אָוונטן, אָרגאַניזירט אַ גרופּע קינסטלער צווישן די אסירים. צווישן זיי האָבן זיך בולטער אַנגעזען די סאָסנאָוויצער בחורים אָפּאָטאָווסקי, דאַטנער און אַנדערע. זיי האָבן איינגעאָרדנט טעאַטער־פאָרשטעלונגען, וואָס ס׳איז געווען אַ גרויסע אַטראַקציע. די דאַזיקע פאַרשטעלונגען האָבן פאַרביקער געמאַכט דאָס טרויעריקע לאַגער־לעבן פון די אסירים פונעם לאַגער. דאָס ווירקן פון זאַמי פעדער איז געווען אַ ווערטפולע רפואה פאַר די אויסגעפייניקטע לאַגער־מענטשן — זיין השפעה איז געווען אַ ברכה...

משה ירקוני*

---

* „עדות מימי הורבן ומרד" (עדות פון חורבן־צייט און ווידערשטאַנד), געזאַמלט און רעדאַגירט פון חיה און חיים לאַזאַר, אַרויסגעגעבן פון משרד הבטחון אין ישראל (זיכערהייט־מיניסטעריום) 1978, זייט 87, „מצעד המוות" (פון טויטן־מאַרש), זכרונות.

דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, ווען די צווייטע וועלט־מלחמה איז אויס־געבראָכן, האָב איך געוווינט ביי מיין מוטער אין סטשעמיעשיץ (זאַגלעמ־ביע), פּוילן.

טעג פריִער האָט מען דורך דעם ראַדיאָ געהערט איבערחזרן דעם אולטימאַטום, וואָס היטלער האָט געשטעלט צו פּוילן. מען האָט זיך געגרייט צום קריג. אין פּוילן איז אויסגערופן געוואָרן אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע. יונגע און עלטערע האָבן געאײַלט זיך צוצושטעלן צו זייערע מיליטערישע פּונקטן. אין די הייף און גאַסן האָבן פּריוואַטליקע געגראָבן שוץ־גריבער. אין דער געשאַפענער שפּאַנונג און נערוועזיטעט זענען מענטשן געלאָפן אין די געוועלבער צו באַזאָרגן זיך מיט עסנוואַרג. פון צעשניטן ברויט האָט מען געטרוקנט סוכאַרעס. די פענצטער האָט מען פאַרקלעפּט מיט שוואַרץ פּאַפּיר, אָדער פאַרהאָנגען מיט טיכער.

אין דער נאַכט פונעם 31סטן אויגוסט אויפן 1טן סעפּטעמבער האָט מען פּלוצעם געהערט אַ ווייט שיסן און דונערן פון קאַנאָנען. אין אונדזער שטוב זענען אַלע געוואָרן וואַך און האָבן נײַגעריקע געאײַלט צו די פענצטער און געזען ווי מענטשן, באַלאָדענע מיט פּעק און זעק, אײַלן ערגעץ־ווּ. אַנדערע האָבן אונטערגעשטופּט וועגענער מיט זאַכן, אָדער אָוועקגעאײַלט אויף באַלאָ־דענע וועגענער געשפּאַנטע מיט פערד. דער אָוועקלויף איז געוואָרן שטאַר־קער און שטאַרקער. מיר זענען געשטאַנען דערשראָקענע ביז מיר האָבן זיך געכאַפּט, אַז אויך מיר זענען נישט ווייט פון דער דײַטשער גרענעץ, סך־הכּל עטלעכע און פערציק קילאָמעטער. האָבן מיר באַשלאָסן שנעל אײַנצו־פּאַקן דאָס נויטיקסטע און אַנטלויפן פון דעם פראָנט וואָס האָט זיך דער־נענטערט מיט יעדער מינוט. מײַן מוטער, ברודער, דריי שוועסטער, אַ שוואָגער מיט זײַן דריי־יאָריק ייִנגעלע און איך, האָבן גענומען אויף זיך שווערע רוקזעק־פּעקלעך, פאַרלאָזט אונדזער היים און זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

עס איז געווען פאַרטאָג, אין דרויסן האָט געיאָגט אַ קילער ווינט. פון דער ווייטן האָט געליכטיקט אויף טאָג. די גאַס איז געווען איבערפולט מיט אײַלנדיקע צופוס און פאָרנדיקע אויף וועגענער מיט פּעקלעך און פּעק — מענער, פרויען, קינדער. מאַמעס האָבן געטראָגן זייערע עופעלעך אַרומגע־הילט מיט טיכער אָדער זיי געפירט אין קינדער־וועגעלעך. מיר זענען אַוועק

צו דער באַן־סטאַציע, טאָמער וועט מען קענען אַנטלויפן מיט אַ באַן. די באַן איז מער נישט געגאַנגען. האָבן מיר זיך אַנגעשלאָסן אין דער איילנדי־קער מענטשן־מאַסע, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ טייך פון מענטשן. אַזוי זענען מיר געגאַנגען אַ גאַנצן טאָג, פאַרבייגעגאַנגען דערפער און שטעטלעך. דער גייענדיקער מענטשן־שטראָם איז געוואָרן פון שעה צו שעה לענגער און לענגער, מען האָט קיין סוף נישט געזען.

אין אָוונט האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין אַ דאָרף. מיט שוועריגקייט איז אונדז געלונגען אַריינצוגיין אין אַ פאַרלאָזענער סטאָדאָלע און דאָרט מידע און אויסגעפּייניקטע איבערגעשלאָפן די נאַכט.

פאַרטאָג, ס'איז נאָך געווען פינצטער, זענען מיר אויפגעשטאַנען און זיך ווידער אַנגעשלאָסן אינעם גייענדיקן מענטשן־שטראָם, וואָס איז אַפילו דורך דער נאַכט נישט איבערגעריסן געוואָרן.

אין וועג איז געוואָרן הייס. די פּעקלעך אויף די פּלייצעס זענען געוואָרן וואָס אַ מאָל שווערער און שווערער. די זון האָט אומרחמנותדיק געברענט. כּדי צו קענען שלעפּן די מידע, אויסגעמאַטערטע פיס, האָט מען אָנגעהויבן אַוועקוואַרפן זאַכן. מיין שוואָגער האָט אויף די אַקסלען געטראָגן זיין דריי־יאָריק יינגעלע. מיר האָבן געשפּאַנט טויט־מידע, און דער דורשט האָט געפּייניקט. די מאַמע האָט פון גיין באַקומען ווונדן אויף די פיס. זי האָט אויסגעטאָן די שיך און געגאַנגען באָרוועס. פּלוצעם האָט זיך דערהערט אַ רעש פון עראָפּלאַנען און אָט זענען זיי אָנגעפלויגן פון האָריזאָנט אַנטקעגן אונדז.

„דאָס זענען אונדזערע!” — האָט עמעצער אויסגערופן — „פּוילישע!”

ס'זענען געווען דײַטשע, מיט שוואַרצע קרייצן. זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט מיט אַ פאַרטויבנדיקן גערויש און באַהאָגלט מיט קוילן דעם אײַליקן מענטשן־שטראָם. אין דער בהלה, מיט ווילדע געוואַלדן, געשרייען, געוויי־נען, זענען מענטשן געלאָפן און געפאַלן איינער איבערן אַנדערן, ווי גע־שאָכטענע, באַגאָסענע מיט בלוט. מ'איז פאַרטויבט געוואָרן פונעם רעש פון די שיסנדיקע עראָפּלאַנען און דאָס שטעכן מיט קוילן האָט זיך אויסגע־מישט מיט די וויי־געשרייען פון די צום טויט־דערשראָקענע און פאַרוווּנ־דעטע מענטשן.

אונדזערע פאַמיליע־מענטשן האָבן זיך אָפּגעזוכט און איינגעזאַמלט. די מאַמע האָט וויינענדיק יעדן איינציקן פון אונדז געקושט, דאַנקענדיק גאָט, אַז ס'איז קיינעם פון אונדז קיין בייזס נישט געשען.

אייניקע פּוילישע סאָלדאַטן און ציווילע האָבן צווישן דעם גייענדיק עולם געזוכט שפּיאָנען, וואָס זאָלן האָבן געגעבן די עראָפּלאַן־פּליערס צייכנס ווו

צו באַמבאַרדירן און צו שיסן אויף אונדז, כּדי אַרויסצורופן אַ בהלה צווישן דער אַנטלויפנדיקער באַפעלקערונג. מיין מאַמע האָט מיר געוואָרנט איך זאָל זיין גאָענט צו איר, ווייל איך בין געקומען פון דייטשלאַנד, נישט געקענט קיין פויליש און ס'איז געווען לייכט מ'זאָל מיך אָננעמען ווי אַ שפּיאָן. עטלעכע אַזעלכע „שפּיאָנען" האָט מען דערשאָסן.

נאָך אַ קורצער צייט זענען די עראָפּלאַנען צוריקגעקומען און ווידער איז געוואָרן אַ צעלויפעניש, מיט היסטערישע געשרייען און געוויינען. די עראָפּלאַנען האָבן אַרומגעקרייזט איבער אונדזערע קעפּ, וואָס אַ מאָל נידעריקער און נידעריקער אַזוי אַז מען האָט געקאָנט אויף זייערע פליגלען זען די אויפגעמאָלטע האַקנקרייצן. די פּילאָטן האָבן געגעבן סימנים — מיר זאָלן אַראָפּגיין פון וועג. שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן דערפאַר צו אונדז געשאָסן, ווייל די וועגן זענען געווען פאַרשטאָפּט מיט מענטשן און וועגענער. זיי האָבן מסתמא געוואָלט אויף דעם אופן אָפּרייניקן דעם וועג פאַרן אָנקומענדיקן דייטשן מיליטער מיט זייערע וועגענער און קאַנאָנען. מיר זענען אַראָפּ פון הויפּטוועג אויף אַ זייטנוועג, וואָס האָט געפירט אין אַ וואַלד און דורך פעלדער. אויף די פעלדער זענען נאָך געלעגן די רעשטן פון נישט אַהיימגענומענער תבואה.

גייענדיק, האָב איך פלוצעם דערזען מיין פריינד, דעם מיטאַרבעטער פון דער „זאַגלעמביער צייטונג" און רעדאַקטער פונעם יידישן אילוסטרירטן „אַלמאַנאַך זאַגלעמביע", שמעון (שימעלע) ראָטענבערג. ער האָט מיר געוויזן אַז ער האָט שוין כּמעט אַלע זיינע פּעקלעך אַוועקגעוואָרפן; בלויז דאָס פּעקל מאַנוסקריפּטן מיט אַ צאָל נאָר־וואָס געדרוקטע בויגנס פון „אַלמאַנאַך", וואָס ער האָט נישט באַוויזן צו ענדיקן דרוקן, שלעפּט ער מיט מיט זיך און דאָס מיט די לעצטע כּוחות. ער האָט מיר דערציילט אַז אים מיט אַ גרופּע איז קוים געלונגען בייבאַכט דורך אונטערוועגן צו אַנטלויפן פון בענדין. ער האָט געצילט צוצוקומען צו דער רוסישער גרענעץ. צוליבן ביי עם אָנפלי פון דייטשע עראָפּלאַנען האָבן מיר זיך פאַרלוירן און נישט מער געזען. שימעלע ראָטענבערג איז שפּעטער אומגעקומען (1943) אין אוישוויץ.

עטלעכע טעג שפּעטער, דעם 9טן סעפּטעמבער, האָבן די דייטשן אין דער זעלבער יידישער שטאָט בענדין געמאַכט אַ חורבן, געהאַנגען און געשאָסן יידן, אונטערצונדן די באַרימטע בענדינער שול, וואָס האָט געשמט מיט אירע פּרעכטיקע מאָלערייען פון די יידישע קינסטלער משה אַפּלבוים, שמואל ציגלער און חיים האַנפּט.

צומאָרגנס נאָך אַ נאַכט־מאַרש מיט קליינע פּויזעס, זענען מיר אָנגעקומען אינעם שטעטל וואָלבראָם, ווו די דייטשן האָבן אונדז דעריאָגט און

דורך עטלעכע שעה באַוויזן צו פּאַגראַמירן דאָס שטעטל. גייענדיק דורך די גאַסן האָבן מיר געזען ווי מען פירט צעשלאָגענע, פאַרבלוטיקטע ייִדן צו צוואַנגס־אַרבעט. אויף די זייטן פון די טראָטואַרן זענען געלעגן דערשאָסענע ייִדן און נישט־ייִדן. די ייִדישע געוועלבער זענען געווען אויפגעריסן און אויסגערויבט. מיר זענען שטיין געבליבן אין מיטן מאַרק, דערשראָקענע, פאַרמאַטערטע, הונגעריקע און דורשטיקע. נישט געוווסט וואָס צו טאָן, וואָהין צו גיין, כּדי זיך אויסצובאַהאַלטן פון די בלוטדורשטיקע דייטשן, וואָס יאָגן זיך נאָך ייִדן.

עס זענען כּסדר אָנגעקומען פרישע גרופּעס מענטשן; אַנדערע זענען געגאַנגען צוריק. און אָט האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי, ס'איז געוואָרן אַ געלויף; אויך מיר זענען געלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ הויף. מענטשן האָבן זיך געשטופּט אין די טויערן פון די הייזער, אַפילו אין פרעמדע שטובן; אויך מיר זענען אַריין אין אַ שטוב. באַלד דערנאָך, אַרויס־גייענדיק פון דער שטוב האָבן מיר געזען פירן אַ גרופּע צעשלאָגענע ייִדן. אויף דער גאַס איז געווען אַ געלויף מיט געשרייען פון דייטשע מיליטער־לייט, וואָס האָבן זיך געיאָגט נאָך ייִדן. מיר זענען אַריין אין אַ צווייטער שטוב וואָס איז געווען איבערפולט מיט מענטשן. דער באַלעבאָס האָט געבעטן מען זאָל זיך אויף אים מרחם זיין און אַרויסגיין פון זיין שטוב. בלית ברירה זענען מיר צוריק אַרויס אין דרויסן, געשטאַנען מיט קלאַפּנ־דיקע הערצער און געטראַכט וואָס צו טאָן מיט זיך, ווו זיך אויסצובאַהאַלטן. ווייטער גיין האָבן מיר נישט געקענט, צוליבן פראָנט. בלייבן אויף דער גאָס האָבן מיר אויך נישט געקענט. מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן צוריק־צוגיין אַהיים.

דורך אונטערגעסלעך זענען מיר צוריק אַרויס פונעם שטעטל. עס איז שוין געווען נאָכמיטאָג. מ'האָט געמוזט זיך איילן, ווייל ביז 5 אַ זייגער האָט מען געמעגט זיין אויף דער גאָס. אויב מ'האָט עמעצן געטראָפן נאָך דער צייט — איז ער געוואָרן דערשאָסן.

מיט נאָך צוריקגייענדיקע האָבן מיר זיך אַרויסבאַקומען פון וואַלבראָם און אָנגעקומען אין אַ וואַלד. נאָך אַ צייט גיין, זענען מיר אַריין אין אַ דאָרף. מיין שוואָגער האָט אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר פון אַ פּויער און אים געבעטן ער זאָל אונדז פאַר אַ גוטן לוין לאָזן איבערנעכטיקן אין זיין סטאָדעלע. ער האָט אונדז דערלויבט.

פאַרמאַטערט פון אַ גאַנצן טאָג גיין און פון צוזען זיך צו די דייטשע אכזריותן, האָבן מיר זיך אָוועקגעלייגט אויפן אויסגעשפּרייטן שטרוי. מיין שוואָגער איז אַריין צום פּויער, באַצאָלט אים פאַרן נאָכטלעגער און געקויפט

ביי אים צוויי ברויטן און אַ טאָפּ מילך. מיר האָבן געשטילט דעם הונגער און זיך געלייגט שלאָפן. פאַרטאָג האָבן מיר גענומען אונדזערע פּעקלעך און זיך ווידער גענומען אין וועג אַריין. אַזוי זענען מיר בלאָנדזשענדיק געגאַנ־גען איבער פעלדער און וועלדער, זיך באַמיט אויסצומיידן די הויפּטוועגן, וואָס זענען געווען פול מיט באַוועגלעך דייטש מיליטער.

אָקעגן דריי נאָך מיטאָג זענען מיר אָנגעקומען אין דעם נעבנשטעטל פון סטשעמיעשיץ, סלאַווקאָוו, מיט דער פריידיקער האָפענונג אַז נאָך עטלעכע קילאָמעטער און מיר וועלן זיין אין דער היים.

פון סלאַווקאָוו קיין סטשעמיעשיץ האָט מען געמוזט אַריבערגיין אַ בריק איבערן שמאָלן טייך ביאַלאַ־בזשעמזאַ. האָבן מיר אינעם שטעטל זיך דער־וווּסט, אַז דאָס פּוילישע מיליטער האָט אויפגעריסן די בריק. די דייטשן האָבן אַריבערגעוואָרפן אַ פּאָנטאָן־בריק, וואָס ווערט געהיטן טאָג און נאַכט פון דייטש מיליטער.

מיר האָבן זיך געמוזט איילן. אויך האָט מען נישט געטאָרט נאָך פינף אַ זייגער פאַרנאַכט זיין אויף דער גאַס. מיר האָבן געוואָלט באַווייזן פאַר דער צייט צו זיין אין דער היים. ווי מיר האָבן געאיילט אין דער ריכטונג פון דער בריק, זענען אונדז אַנטקעגנגעקומען דריי פאַרוויינטע ייִדישע מיידלעך און אונדז געוואָרנט:

„דערבאַרעמט זיך, גייט נישט דורך דער בריק! עס שטייען דאָרט דייטשן מיט שיכּורע פּוילישע שקצים און זיי וואַרפן ייִדן, וואָס ווילן אַריבערגיין די בריק, אין טייך אַריין. אויב מען ווערט נישט דערהרגעט, דערשיסן זיי".

מיר זענען געבליבן שטיין דערשראָקענע, פאַרצווייפלטע. מיר זענען געוואָרנט געוואָרן, אַז אויך ביי פלעצער ווו דאָס וואַסער אין טייך איז פלאַך שטייען פּוילישע שקצים מיט פאָלקס־דייטשן און וואַרטן אויף אָנקומענדיקע ייִדן. זיי טוען זיי אויס נאַקעט, רויבן אַלץ צו און צעשלאָגן זיי — נישט איין ייִד איז צעשלאָגן געוואָרן ביז טויט. דערווייל זענען צו אונדז צוגע־קומען נאָך צוויי פרויען און אַ ייִד, אויך זיי האָבן געוואָלט אַריבער אויף דער צווייטער זייט טייך.

האָב איך געזאָגט: „מיר האָבן נישט קיין אַנדער אויסוועג ווי נאָר צו גיין דורך דער בריק". און מיין מחשבה איז געווען מיר זאָלן מאַכן דעם אָנשטעל, אַז מיר זענען פאָלקס־דייטשן.

אַלע זענען מיט מיר מסכּים געווען. מיר וועלן גיין אָרגאַניזירט, אין מאַרש, ווי סאָלדאַטן, אָדער בעסער געזאָגט, ווי ספּאָרטליט. איך, אַלס דייטש־קענער, וועל קאָמאַנדירן. און באַלד האָב איך געוויזן ווי צו גיין

אין גלייכן שריט. אויף מיין קאָמאַנדע האָבן מיר עטלעכע מאָל דורכמאַר־שירט דאָס געסל אַרויף און אַראָפּ.

„ווער פון אייך האָט ביי זיך אַ מעסער, אַ ברויטמעסער, אַ טאַשנ־מעסערל זאָל עס מיר געבן. אין פאַל פון אַ רעוויזיע זאָלן די דייטשן נישט געפינען קיין ,וואָפן', מיט וועלכן מיר האָבן געוואָלט זיי דערהרגענען".

איך האָב צוזאַמענגענומען אַלע מעסערס און מעסערלעך און זיי באַ־באַגראָבן אין דער ערד.

כ'האָב די גרופּע אויסגעשטעלט צו דריי אין אַ ריי: אין דער ערשטער ריי האָב איך געשטעלט מיינע דריי שוועסטער; אין דער צווייטער ריי — די דריי מיידלעך; אין דער דריטער ריי — מיין מוטער מיט די צוויי פרויען; און צום סוף — מיין ברודער, מיין שוואָגער מיטן יינגעלע אויף די אַקסלען און דעם ייִד. איך בין געגאַנגען אויסער דער גרופּע און קאָמאַנ־דירט אויף דייטש:

„אַכטונג!... אַללעס שטילשטאַנד!..." — אַלע האָבן זיך שטראַם גע־שטעלט.

„לינקס אום!..." — אַלע האָבן זיך אַ דריי געגעבן אויף לינקס.

„אים גלייכשריט מאַרש!!!" — אַלע האָבן אָנגעהויבן מאַרשירן אין טאַקט פון מיין קאָמאַנדע.

ס'איז נאָך געווען אַ הונדערט מעטער צו דער בריק. אונדזערע טריט, ווי אויך אונדזערע הערצער האָבן געקלאַפּט שטאַרקער.

„לינקס, לינקס, אונד לינקס!"

מיר האָבן מאַרשירט צו דער „טויטנבריק". פון דער ווייטנס האָט זיך געהערט דאָס שיכּורע לאַכן און זינגען פון די דייטשע סאָלדאַטן צוזאַמען מיט פאָלקסדייטשן און פּאָליאַקן:

דער פרעמדער ייִד זאָגט שטיל ווידוי. ביי מיר קלאַפּט דאָס האַרץ נאָר אַרויסצושפּרינגען. איך קאָמאַנדיר שאַרפער און שטאַרקער, ווי פריִער:

„לינקס, לינקס, לינקס אונד לינקס!"

כ'האָב באַמערקט ווי פון דער בריק איז געגאַנגען אַ דייטשער מיליטער־מאַן. קענענדיק גענוי די אַלע דייטשע מיליטערישע באַפעל־קאָמאַנדעס, האָב איך אויסגערופן: „אַללעס האַלט!"

אַלע זענען אויפן אָרט געבליבן שטיין. איך האָב צוגעאיילט צום דייטשן מיליטער־מאַן, זיך געשטעלט שטראַם און געפרעגט:

„הער לויטנאַנט, וואָ געהטס היער נאָך בויטען?"

בויטען איז אַ דייטשע שטאָט, וואָס גרענעצט זיך מיט פּוילן. אויב

מ׳האָט געוואָלט פון דעם אָרט, ווו מיר זענען געווען, גיין קיין בויטען, האָט מען געמוזט אַדורכגיין אונדזער שטעטל סטשעמיעשיץ.

דער לייטנאַנט איז שטיין געבליבן, געקוקט אויף מיר און דערנאָך צו דער גאַנצער גרופּע, וואָס איז געשטאַנען פון דער ווייטנס, און ער האָט געפרעגט:

„זייט איר פאָלקס־דויטשע?"

נישט וואַרטנדיק אויף מיין ענטפער, האָט ער געשריגן צום זעלנער ביי דער בריק:

„העי, האַנס, צייג דאָך דיזע לויטע, וואָ דער וועג נאָך בויטען געהט!"

כ׳האָב צוזאַמענגעקלאַפּט די קנאַפּל, נאָך אַ מאָל געשטעלט זיך שטראָם און געזאָגט:

„דאַנקע, הער לויטנאַנט".

איך האָב זיך אויסגעדרייט מיליטעריש און צוגעגאַנגען צו מיין חברה:

„אַכטונג, שטילשטאַנד!... אים גלייכשריט, מאַררש!" — מיט האַרץ־קלאַפּעניש האָבן מיר צוגעמאַרשירט צו דער בריק. דער דייטשער זעלנער האָט אונדז אַריבערגעפירט איבער דער בריק און אונדז געוויזן דעם וועג קיין בויטען.

מיר האָבן מורא געהאַט זיך אומצוקוקן. ביי דער בריק איז געשטאַנען דאָס געזינדל פון דייטשע זעלנער, פאָלקסדייטשן און פּוילישע יוגנטלעכע, וואָס האָבן צוזאַמען געשיכּורט און געוואַרט אויף אָנקומענדיקע ייִדן. זיי האָבן זיך מיט די ייִדן געשפּילט, אַריינגעוואָרפן זיי אין טייך און געשריגן ווי באַנומענע:

„יודע פּעררעקע! דויטשלאַנד איזט ערוואַכט!"

מיר זענען בשלום אַריבער די „טויטנבריק". מיין קאָמאַנדירן איז גע־וואָרן שנעלער און שטאַרקער. מיט אייליקע שריט זענען מיר אַוועק פון דאָזיקן שרעקלעכן פּלאַץ. דער זייגער האָט שוין געוויזן אַריבער פיר — נאָך אַ קנאַפּע שעה! אָט האָבן מיר געזען די ערשטע הייזקעס פון אונדזער שטעטל. מיר האָבן קוים געשלעפּט די פיס. אַריין אין שטעטל האָבן מיר די גאַסן געפונען אויסגעליידיקטע פון מענטשן, ווי אויסגעשטאָרבן. די ייִדישע קראָמען זענען פאַרמאַכט. אייניקע אויפגעבראָכן און צעראַבירט. גלאָז, שטיינער און געבויגענע שטיקער אייזנס האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער ערד. פון צייט צו צייט האָט מען געהערט איינצלנע שאָסן. מיין מאַמע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין און געזאָגט:

„קינדער מיינע, איך קאָן נישט מער, די פיס טראָגן נישט, לאָזט מיך דאָ זיצן".

איך און מיין ברודער האָבן גענומען אונדזער מאַמען אונטער די אָרעמס און זי געפירט ווייטער. דאָס קליינע ייִנגעלע פון מיין שוואָגער האָט זיך צעוויינט, ער איז געווען הונגעריק און געוואָלט שלאָפן. די דריי מיידלעך האָבן זיך געזעגנט מיט אונדז און זענען אַוועק אין אַן אַנדערער ריכטונג; אויך די פרויען און דער ייִד זענען אַוועק. ס'האָט אָנגעהויבן ווערן טונקל ווען מיר זענען אָנגעקומען צו דער גאַס וווּ מיר האָבן געוווינט.

טויט־מידע, הונגעריקע און טרויעריקע זענען מיר אין דער לעצטער מינוט, פאַר פינף, אַריין אין אונדזער וווינונג. מיין מוטער האָט זיך הויך אויפן קול צעוויינט, און מיינע שוועסטער האָבן מיטגעוויינט. דאָך זענען מיר געווען גליקלעך וואָס דער שוידערלעכער וואַנדערוועג האָט זיך גע־ענדיקט.



סטשעמיעשיץ איז אַ שטעטל אין פּוילישן אויבערשלעזיע (זאַגלעמביע), עס ליגט צווישן דאָמבראָווע און סלאַווקווו. פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה געהאַט קנאַפּע 16 טויזנט איינוווינער, צווישן זיי דריי הונדערט ייִדישע פאַמיליעס.

דאָס שטעטל איז געווען באַקאַנט מיט זיינע צוויי באַן־סטאַנציעס, וואָס האָבן פאַרבונדן די שטרעקעס צווישן מזרח־ און מערב־אייראָפּע. איין באַן האָט געפירט פון קאַטאָוויץ איבער סטשעמיעשיץ קיין איוואַנגראָד און די צווייטע — פון ווין קיין וואַרשע. די געגנט אין סטשעמיעשיץ האָט מען אָנגערופן לויט די נעמען פון די באַן־סטאַציעס: „איוואַנגראָדער" און „ווינער".

אין סטשעמיעשיץ איז געווען אַ גרויסע רעמיזע צו פאַרריכטן לאָקאָ־מאָטיוון. ייִדן האָט מען נישט צוגעלאָזט צו באַן־אַרבעט, אָבער אין סטשע־מיעשיץ האָט געאַרבעט אַ ייִד ווי אַ בוכהאַלטער אין דער באַן־ביוראָ. אַחוץ דעם זענען געווען קוילן־גרובנס און פאַבריקן. באַזונדערס באַרימט איז געווען די כעמישע פאַבריק „סטרעם", וואָס האָט געהערט צו אַ ייִדישער געזעלשאַפט. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז סטשעמיעשיץ געווען אַ גרענעץ־שטעטל, עטלעכע קילאָמעטער פון דעם דעמאָלט באַרימטן „דריי־קייזער־עק": רוסלאַנד, דייטשלאַנד און עסטרייך. צוליב דעם האָט זיך דאָס שטעטל גוט אַנטוויקלט. פון דאַנען איז צווישן די דריי לענדער אָנגעגאַנגען אַ שמוגל מיט סחורות.

ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן אין סטשעמיעשיץ עקזיסטירט פאַרשידענע ייִדישע רעליגיעזע, געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס פון אַלע שאַטירונגען, אַ שול, חסידים־שטיבלעך, אַ ביבליאָטעק מיט אַ דראַמקרייז, אַ ייִדישע פאָלקסבאַנק, אַ גמילות־חסדים־קאַסע און אַנדערע פאַרשידענע אינסטיטוציעס.



זאַמי פעדער, אין דער צווייטער ריי, דער פערטער פון רעכטס פאָטאָגראַפירט נאָך אַ רעפעראַט אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „גורדוניה" אין סטשעמיעשיץ 1937.

## איך, אַן „אַבעריודע" און אַ שפּיאָן...

צומאָרגנס, נאָך דעם ווי מיר זענען צוריקגעקומען פונעם גיהנומדיקן וועג, בין איך אַרויס אין גאַס זען צי מען קען קויפן שפּייז. די גאַסן זענען געווען פּוסט. אָפּגעליידיקט פון מענטשן. בלויז איינצלנע האָט מען געזען זיך אַדורכשמוגלען צווישן די הייזער, ווי שאָטנס, אָדער דייטשע זעלנער, וואָס האָבן מיט חיהשדיק־ברילנדיק געשריי, געפירט געכאַפּטע און צעשלאָגענע ייִדן צו צוואַנג־אַרבעט. די געוועלבער מיט די קרעמלעך זענען געווען געשלאָסן. בלויז איין בעקעריי איז געווען אָפן, אַ ייִדישע, אָבער ייִדן האָבן קיין ברויט נישט געקענט באַקומען. טאָמער האָט זיך אַ ייִד געשטעלט אין דער ריי האָבן אים פּוילישע שקצים צעשלאָגן און אַרויסגעשטופּט פון דער ריי. דער דייטשער זעלנער וואָס האָט געהיט די אָרדענונג, מען זאָל נישט צעראַבעווען דאָס ברויט, האָט זיך צוגעקוקט און אַמוזירט פון דעם ספּעקטאַקל ווי ייִדן ווערן צעשלאָגן און גייען אַוועק אָן ברויט.

עס איז מיין מוטער געלונגען אויסצובאָרגן ביי אַ קריסטלעכער שכנה אַ ביסל בעבעלעך און אַ פּאָר קילאָ קאַרטאָפל. נאָך דעם זענען מיר ווידער געשטאַנען פאַר דער פראַגע פון וואַנען צו נעמען לעבנסמיטל. דאָס קינד האָט געוויינט פון הונגער. האָט מיין שוואָגער באַשלאָסן: וואָס עס זאָל זיין, מאָרגן פרי גייט ער זיך שטעלן אין דער ריי נאָך ברויט. צומאָרגנס איז ער אַוועק צו דער בעקעריי און זיך געשטעלט אין דער ריי. פון אָנהייב האָט קיינער נישט רעאַגירט, אָבער ווען די בעקעריי האָט זיך געעפנט, מען האָט אָנגעהויבן פאַרקויפן ברויט, זענען צו מיין שוואָגער צוגעלאָפן צוויי שקצים מיט אַ געשריי:

„יודע!... יודע!... יודע!..."

נאָך זיי האָט אויך דער דייטשער זעלנער געשריגן:

„יודע, טראָג זיך אָפּ פון דאַנען — פאַרשווינד!!!"

מיין שוואָגער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען וואָס דער דייטש רעדט צו אים. איז דער זעלנער אַריין אין רציחה, און מיט דער ביקס אַרויסגעשטויסן אים פון דער ריי, אים גוט צעשלאָגן און אים אַוועקגעפירט צו דער מיליטער־קאָמענדאַטור. ס'זענען אַריבער דריי טעג און מיין שוואָגער איז נאָך אַלץ נישט צוריקגעקומען. אין דער היים בין איך געווען דער עלטסטער פון די זין און האָב באַהערשט די דייטשע שפּראַך. האָט מיין מוטער זיך געוואָנדן צו מיר נאָך אַן עצה. מען מוז דאָך

זען וואָס מיט חיימען איז געשען. מיין ענטפער איז געווען, אַז איך וועל גיין זוכן מיין שוואָגער.

האָט מיין מוטער זיך צעוויינט און מיך געבעטן: „נישט! דערבאַרעם זיך איבער מיר, גיי נישט, מיין האַרץ וועט עס נישט אויסהאַלטן!" צום סוף, אַז מיין שוואָגער איז נישט אַהיימגעקומען, האָב איך באַשלאָסן דאָך גיין אין דער קאָמענדאַנטור.

וויינענדיק האָט מיך מיין מוטער באַגלייט צו דער טיר: „זאָל דיר גאָט העלפן, זאָלסט מצליח זיין".

פאַרן טויער פון דער קאָמענדאַנטור איז אַרויף און אַראָפּ געגאַנגען אַ דייטשער זעלנער, מיט אַ העלם אויפן קאָפּ אַראָפּגערוקט ביז צו די אויגן און אַ ביקס אויפן אַקסל. כ'האָב זיך געוואַנדן צו אים ער זאָל מיר דער־לויבן אַריינגיין צום קאָמענדאַנט.

„וועגן וואָס מוזט איר מיט דעם קאָמענדאַנט רעדן?" האָט דער זעלנער געוואָלט וויסן.

„דאָס קאָן איך זאָגן נאָר דעם קאָמענדאַנט פּערזענלעך", איז געווען מיין ענטפער.

ער האָט מיר באַטאַפּט, צי איך האָב נישט קיין געווער און געזאָגט:

„אויבן, ערשטער שטאָק, צימער פיר", און ער גיט צו: „איידער איר גייט אַריין, נישט פאַרגעסן פריִער אָנצוקלאַפּן אין דער טיר — פאַרשטאַ־נען?!" כ'האָב אָנגעקלאַפּט. אין אַ גרויס צימער איז הינטער אַ שרייבטיש געזעסן אַן אָפיציר אין ראַנג פון אַ מאַיאָר.

„גוט מאָרגן, הער מאַיאָר! מעג איך אַריינקומען?..."

ער האָט מיר געגעבן אַ צייכן איך זאָל אַריינגיין. כ'בין געבליבן שטיין אַ דריי שריט פאַרן שרייבטיש און געזאָגט:

„הער מאַיאָר, אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך שטער אייך. מיר האָבן אין דער היים קליינע קינדער, זיי זענען הונגעריק. מיר ייִדן באַקומען נישט צוגעטיילט קיין ברויט אָדער אַנדערע לעבנסמיטלען. מיין שוואָגער האָט מיט אַ פּאָר טעג צוריק זיך געשטעלט אין דער ריי נאָך ברויט, איז ער געוואָרן צעשלאָגן און אַרעסטירט. ביז היינט איז ער נאָך נישט אַהיימגעקומען".

דער מאַיאָר האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן פון זיין שטול, זיך דער־נענטערט צו מיר און איז מיר אַרומגעגאַנגען. פּלוצעם איז ער שטיין גע־בליבן און ברומענדיק מיט כּעס געזאָגט צו מיר:

„אַזוי, איר ייִדן, איר ווילט ברויט? איר האָט נעבעך נישט וואָס צו פרעסן. איז פאַר וואָס האָט איר געמאַכט די מלחמה? איך קאָן אייך גאָר־

נישט נישט העלפן. גייט צו אייער חבר האָר בעלישאַ,* זאָל ער אייך געבן ברויט".

איך בין געבליבן שטיין, נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן. נאָך אַ ווייל האָב איך געפרעגט:

„הער מאַיאָר, וואָס איז מיט מיין שוואָגער?"

„מיט אייער שוואָגער?" האָט ער שטיל נאָכגעזאָגט אין דעם זעלבן טאָן ווי איך האָב געפרעגט, צוגעגאַנגען צו דער טיר און גערופן: „פראַנץ! פראַנץ!" דעם אַריינגעקומענעם פראַנץ האָט ער באַפוילן אַרויפברענגען „דעם ייִד פון קעלער". נאָך אַ פּאָר מינוט האָט דער זעלבער געבראַכט צו פירן מיין שוואָגער. ער איז געווען צעשלאָגן און פאַרבלוטיקט. מיט אַ סאַרקאַסטישן געלעכטער האָט דער מאַיאָר געקוקט אויף מיין שוואָגער און מיט געמאַכטן שטוינען געפרעגט:

„דו ליבער הער גאָט! ווער האָט דיך אַזוי צעהרגעט?!"

מיין שוואָגער, וועלכער האָט קוים געקאָנט רעדן, ווייל זיינע ליפּן זענען פון קלעפּ געווען געשוואָלן, האָט אַרויסגעשטאַמלט:

„פּוילישע לייט, וואָס זענען מיט מיר געשטאַנען אין דער ריי נאָך ברויט".

דער מאַיאָר האָט באַפוילן אים באַפרייען. אויפן וועג האָט פראַנץ געזאָגט צו מיין שוואָגער:

„דיין מזל וואָס דו האָסט געהאַלטן דיין מויל, און נישט פאַרמסרט אַ דייטשן סאָלדאַט". מיך האָט דער מאַיאָר פאַרהאַלטן און מיטן פינגער אָנגעוויזן:

„איר בלייבט דאָ!"

איך בין געוואָרן צעטומלט און געוואַרט אויף דעם ערגסטן. ער האָט רויִק פאַררויכערט אַ ציגאַר, געבלאָזן דעם רויך און איך האָב געוואַרט אין שפּאַנונג. פּלוצעם האָט ער אָנגעהויבן רעדן ווי פאַר זיך:

„אַזוי, אַזוי, איר ייִדן, איר קריגס־פאַרברעכער, איר ווילט ברויט?" ער האָט ווידער אַרויסגעבלאָזן אַ וואָלקנדל ציגאַרן־רויך און ממשיך געווען באַפעלעריש: „זאָל דער ראַבינער, אָדער איין אַנדערער אָבערייודע אַהער־קומען, וועל איך זען וואָס מען קאָן פאַר אייך, יודענפאָלק, טון".

„הער מאַיאָר, דער ראַבינער איז נישטאָ". האָב איך געענטפערט. „ער איז אין אַנהויב פון דער מלחמה אַוועק".

* האָר בעלישאַ, 1940—1939 ענגלישער קריגס־מיניסטער.

„אַזוי־אַזוי, דער ראַבינער איז אַוועק“, איז דער מאַיאָר געבליבן שטיין און פּלוצעם אַ שאַרפן קוק געטאָן אויף מיר. „וועט איר זיין דער ראַבינער!“

„איך? איך ראַבינער? איך בין דאָך נישט קיין ראַבינער“, האָב איך געשטאַמלט.

„וועט איר איינער זיין! האָט איר פאַרשטאַנען?!“ האָט ער אויסגעשריגן מיט כּעס. ער האָט געעפנט די טיר און ווידער גערופן דעם זעלנער פראַנץ.

„פראַנץ, דער יודע איז פון היינט אָן דער אָבעריודע — דער ראַבינער, און שטייט אונטער מיין באַפעל, קלאָר?!“ האָט ער אָנגעוויזן אויף מיר, און געפּרעגט ביים זעלנער וויפל קאָנפיסקירטע בעקערייען עס זענען פאַראַן אין שטאָט.

„דריי, הער מאַיאָר“, האָט פראַנץ געענטפערט. איצט איז געקומען דער באַפעל:

„זאָל מילער און היינצע צוזאַמען מיטן ראַבינער גיין אין איינע פון די בעקערייען און הייסן דאָרט באַקן ברויט פאַר יידן. נישט פאַרגעסן אויפצו־הענגען אַ דויד־שטערן מיט אַן אויפשריפט ,נור פיר יודען!‘, און נאָך דעם מיר אַ שריפטלעכן באַריכט צושטעלן — איז עס קלאָר?!“

„יאַוואָהל!“ — האָט פראַנץ ווידער צוזאַמענגעקלאַפּט די קנאַפל און זיך דאַן געוואָנדן צו מיר מיט אַ באַפעלערישן געשריי: „קומט!“

דעם אמת זאָגנדיק, בין איך געווען צופרידן, אַז יידן וועלן האָבן אַן אייגענע בעקעריי און פטור ווערן פון די פּאָליאַקן און פון די ניי־אויפגע־קומענע „פאָלקס־דייטשן“, אָבער פון דער אַנדערער זייט איז מיר געווען ביטער וואָס דער מאַיאָר האָט מיך באַשטימט פאַר ראַבינער. וואָס פאַר אַן עול וועט ער אָרויפלייגן אויף דעם ראַבינער? איך בין געגאַנגען מיט די צוויי דייטשן צו אַ בעקעריי. אויפן וועג בין איך געקומען צו זיך פון דעם געשעענעם און געטראַכט, אויב מיר יידן וועלן נישט האָבן פאַר אונדז אַליין אַ בעקעריי, וועלן די דייטשן אַוועקגעבן די בעקעריי צו קריסטן און ווי־וועט דעמאָלט זיין צו די יידן. מיר וועלן זיין געצוווּנגען צוזאַמען מיט זיי שטיין אין איין ריי נאָך ברויט.

מיר גייען פאַרביי די בית־המדרש־גאַס, אויך דאָ איז געווען אַ יידישע בעקעריי. די צוויי דייטשן האָבן אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון דעם בעקערס שטוב. דער בעקער האָט אויפגעמאַכט די טיר. דערזען צוויי דייטשן מיט אַ ייד איז ער געבליבן אַ דערשראָקענער.

„ר' משה“, האָב איך געפּרוּווט אים באַרויִקן, „שרעקט אייך נישט, זיי ווילן, מען זאָל אין אייער בעקעריי באַקן ברויט פאַר יידן. אויב נישט, וועלן זיי אייער מעל צונעמען פאַר נישט־יידן. איז בעסער יידן זאָלן האָבן ברויט“.

דער בעקער האָט משונהדיק געקוקט צוערשט אויף די דייטשן און דאַן אויף מיר, געשאָקלט מיטן קאָפּ, און מיט אַ הייזעריק דערשראָקן קול געקרעכצט:

„אָך, אָך, אָך! אויף אייך, האָב איך זיך נישט געריכט".

דער זאָג פונעם ייִד האָט מיר שטאַרק ווי געטאָן. איך האָב זיך באַמיט אים צו איבערצייגן, אַז איך בין נישט שולדיק, און אַז דאָס איז גוט פאַר אים און פאַר די ייִדן אין שטעטל. מען וועט נישט האָבן צו טאָן מיט דער פּוילישער מיליץ און נישט מיט די פאָלקס־דייטשן".

די צוויי דייטשן האָבן געזען אַז איך טענה מיטן בעקער, האָבן זיי אָנגעהויבן שרייען ער זאָל שנעלער אויפמאַכן די בעקעריי און אויפהערן פּלאַפּלען. דער בעקער האָט אויפגעשלאָסן די בעקעריי, די דייטשן האָבן אַראָפּגעריסן די זיגלען. מיר זענען אַריין אינעווייניק. זיי האָבן איבערגע־ציילט די זעקלעך מעל. צען זעקלעך האָבן זיי צוגענומען פאַרן מיליטער. מיר האָבן גענומען אַ טאָוול, אויפגעמאָלט אַ מגן־דוד און אויפגעשריבן „נאָר פאַר ייִדן!" און אויפגעהאָנגען.

די דייטשן האָבן דעם בעקער געהייסן מאַכן אַ ליסטע פון די ייִדן, וואָס וועלן נעמען ברויט, אַ האַלבן קילאָ אויף אַ קאָפּ. נישט מער. דער בעקער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר ריכטיק אויספירן דעם באַפעל, אויב נישט וועט ער שווער באַשטראָפט ווערן. מיך האָבן זיי געפרעגט, ווי איך הייס און וווּ איך וווין. זיי האָבן אַלץ פאַרשריבן און דאַן נאָך אַ מאָל איבערגעציילט די זעקלעך מעל און זענען אַוועק.

איך האָב דעם בעקער דערציילט די פּאַסירונג מיט מיין שוואָגער, און ווייל דער רב איז נישטאָ, צווינגט מיך דער מיליטער־קאָמענדאַנט צו זיין דער „רב" פון שטעטל. דאָס הייסט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלע ייִדן אין דער שטאָט. דער בעקער האָט געשוויגן. איך, אין מיין פּיין, אויך.

כ'האָב געאיילט אַהיים. מיין מוטער האָט אַוודאי איבערגעקלערט וואָס מיט מיר איז געשען. אויפן וועג אַהיים, האָב איך די באַגעגנטע ייִדן אָנגע־זאָגט די בשורה: פון מאָרגן אָן וועלן ייִדן קאָנען קויפן ברויט אין דער בעקעריי ביים בית־מדרש — אַ האַלבן קילאָ אויף אַ קאָפּ.

צוריקקומענדיק אַהיים האָבן זיך מיין מאַמע, שוועסטער און ברודער דערפרייט מיט מיר, געדאַנקט גאָט וואָס זיי האָבן מיך געזען אַ לעבעדיקן און אויך אַ נישט צעשלאָגענעם. איך בין געווען טרויעריק און דערשלאָגן. איך האָב אויך נישט געהאַט דעם מוט צו דערציילן מיין מוטער וועגן דעם וואָס ס'איז געשען. כ'האָב געוואָלט מיין מאַמען פאַרשפּאָרן עגמת־נפש. איך האָב

בלויז געזאָגט, אַז פון מאָרגן אָן קאָנען מיר קויפן ברויט אין דער בעקעריי ביים בית־מדרש — אַ האַלבן קילאָ אויף אַ קאָפּ.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט, נאָכן צוריקקומען אַהיים, ווי ס׳האָט זיך אַריינגעשטעלט אַ דייטשער סאָלדאַט מיט אַ פּאַפּיר אין דער האַנט, און האָט געפרעגט:

„ווער הייסט דאָ זיינוועל פעדער?"

„איך הייס זיינוועל פעדער", איז געווען מיין ענטפער.

„קומט מיט!" האָט ער באַפוילן.

„וואוהין?" האָב איך געפרעגט.

„צום מאַיאָר!"

די מאַמע און אַלע שטוביקע האָבן מיך באַגלייט מיט צער און ייאוש, ווי זיי וואָלטן מיך געזען צום לעצטן מאָל.

דער זעלנער האָט מיך געפירט צו דער מיליטער־קאָמאַנדע. ביים מאַיאָר זענען געזעסן נאָך עטלעכע דייטשע אָפיצירן און געשמועסט צווישן זיך. דער מאַיאָר האָט זיך געוואָנדן צו מיר:

„הער ראַבינער, אָדער הער אָבערדיודע, מיר ברויכן פאַר דער סאָל־דאַטן־קיך: טויזנט לעפל, טויזנט גאָפל און טויזנט מעסער. ביז מאָרגן צען אַ זייגער פאַר מיטאָג, מוזן די לעפל־גאָפל־מעסער דאָ אָפּגעגעבן ווערן — פאַרשטאַנען?!"

„הער מאַיאָר", האָב איך געזאָגט, „אין דאָזיקן שטעטל זענען פאַראַן צוואַנציק טויזנט איינוווינער, פון זיי דריי הונדערט ייִדישע פאַמיליעס, דער גרעסטער טייל איז אַוועק. פון וואַנען זאָל איך צושטעלן טויזנט לעפל־גאָפל־מעסער? עס איז נישט מעגלעך איינזאַמלען ביי די איבערגעבליבענע אָרעמע ייִדן טויזנט שטיק באַשטעק. און ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג קאָן איך נישט, אַלס ייִד, נעמען באַשטעק. דאָס קאָן מאַכן די פוילישע מיליץ".

דער מאַיאָר איז געוואָרן צעקאָכט:

„צו וועמען איך דאַרף זיך ווענדן איז נישט אייער זאַך. ביז מאָרגן צען אַ זייגער איז דאָס באַשטעק דאָ ביי מיר אין צימער! איר האָט פאַרשטאַנען?! אויב נישט, איז ווי צו אייך און צו אייערע ייִדישע גענאָסן". און ווענדנדיק זיך צום זעלנער האָט ער אים באַפוילן: „איר גייט מיט, און איר זענט פאַראַנטוואָרטלעך, אַז אַלץ זאָל ווי געהעריק אויסגעפירט ווערן".

„יאַוואָהל!" האָט דער סאָלדאַט אָפּגעענטפערט און זיך ווענדנדיק צו מיר אַ ריטשע געטאָן: „יודע, קום!"

ער האָט מיר געגעבן אַ העפט מיט אַ בלייפעדער צו פאַרשרייבן ביי וועמען מען האָט גענומען די לעפל־גאָפל־מעסער און וויפל שטיק.

איך בין געוואָרן פאַרצווייפלט אין וואָס פאַר אַ ראָל דער נאַצי האָט מיך אַריינגעטריבן. ווי אַזוי האָב איך געקענט אַרומגיין און צונעמען ביי ייִדן זייער באַשטעק? גייענדיק מיטן שומר און נישט ווי‏סנדיק וואָס צו טאָן, האָב איך זיך אַליין געטרייסט: אַ כפרה דאָס באַשטעק, אַבי נישט עפּעס ערגערס. עס איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק צום ערשט גיין צו אונדז, זאָלן זיי ביי אונדז צונעמען דאָס באַשטעק. מיר האָבן דווקא געהאַט שיין פאַרזילבערט באַשטעק, נאָר דאָס איז געווען פסחדיק, פאַרפּאַקט און באַהאַלטן אין דער הייך אויף דער קליידערשאַנק. אויף אונדזער הויף איז די ערשטע וווינונג געווען פון אַ פאַרפאַלק, גרויסע אָרעמע לייט. זיי האָבן געהאַט אַ צימער מיט אַ קיך און אַלט צעבראָכן מעבל. דער דייטש האָט אָנגעקלאַפּט. די פרוי, וואָס האָט אונדז געזען דורכן פענצטער האָט אַ דערשראָקענע אויפגעמאַכט די טיר. איך האָב געזאָגט צו איר:

„טייערע רחלע, שרעקט אייך נישט, מען וועט אייך גאָרנישט טאָן. ייִדן מוזן אָפּגעבן לעפל, גאָפּל און מעסער".

די פרוי איז צו צום שענקל פון דער קיך און אַרויסגעשלעפּט דעם צעבראָכענעם שופלאָד. דער דייטש האָט אַריינגעקוקט און געזען די האַלב צעבויגענע צוויי־דריי גאָפּל, מעסער און לעפל. האָט ער מיר געפרעגט:

„וואָס זאָל איך מאַכן מיט דעם מיסט? קומט, לאָמיר גיין אַנדערשוווּ".

ביים אַרויסגיין איז מיר געלונגען צו זאָגן דער אָרעמער פרוי:

„רחלע, אַלאַרמירט די שכנים, אַז מיר גייען צונעמענעמען לעפל, גאָפּל, מעסער".

איך האָב דעם דייטש אַריינגעפירט אין אונדזער וווינונג. כ'האָב באַמערקט, אַז אונדזער פאַמיליע האָט שוין געוווּסט, אַז מיר גייען צונעמענעמען באַשטעק. ווען איך האָב אַרויסגעצויגן דעם שופלאָד איז דאָס בעסערע באַשטעק מער נישט געווען. איך האָב אַרויסגענומען דעם שופלאָד, אַלץ אויסגעשיט אויפן טיש און זיך געוואָנדן צום דייטש:

„הער אָבערגעפרייטער, זוכט אייך אויס דאָס בעסטע".

ער האָט אַרויסגענומען זעקס לעפל, זעקס גאָפּל און דריי מעסער. איך האָב גענומען דעם העפט און אַריינגעשריבן דעם נאָמען און וואָס און וויפל שטיק ער האָט גענומען. כ'האָב אים געזאָגט:

„הער אָבערגעפרייטער, ביטע, שרייבט אונטער".

ער האָט איבערגעלייענט און באַמערקט מיין נאָמען. האָט ער געפרעגט:

„איר זייט דאָ אין אייער היים?"

איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ און ער האָט געזאָגט:

„אָך, לאָזט עס איבער, קומט, מיר גייען אויף אַן אַנדער פּלאַץ".

דערווייל האָבן זיך אַלע שכנים פון אונדזער הויף דערוווּסט, אַז מיר גייען אַרום צוזאַמענעמען באַשטעק, האָבן זיי טאַקע דאָס גוטע באַהאַלטן און איבערגעלאָזט — אַלטס און צעבראָכנס.

אַזוי זענען מיר געגאַנגען פון שטוב צו שטוב. מיר זענען געקומען אין אַ צווייטן הויף. עטלעכע פאַמיליעס האָבן נישט באַוויזן אויסצובאַהאַלטן, האָט מען ביי זיי צוגענומען דעם באַשטעק און פאַרשריבן אין העפט. אַזוי אויף אַ דריטן און פערטן הויף. מיר זענען שוין געהאַט געווען אין אַ פּופּצן הייזער. דער סך־הכל איז געווען — עטלעכע פופציק לעפל, פערציק גאָפל און ניינצן מעסער. דער דייטש איז געבליבן שטיין און געזאָגט צו מיר:

„איך מיין, אַז עס האָט נישט קיין זין ווייטער צו זוכן. אַ שאָד די צייט. איר קאָנט דאָס אַלץ צוריקגעבן".

איך בין צוריקגעגאַנגען צו אונדזער שטוב, דאָרט אַלץ איבערגעלאָזט, כדי שפּעטער צוריקצוגעבן ביי וועמען מען האָט גענומען די לעפל־גאָפל־מעסער.

גייענדיק צו דער קאָמענדאַנטור האָט מיר דער דייטש געפרעגט:

„ווי אַזוי איז עס וואָס די ייִדן האָבן נישט קיין באַשטעק? עפּעס שטימט עס נישט".

„איך וועל אייך זאָגן פאַרוואָס", האָב איך אים געענטפערט, „די פּאָר פאַרמעגלעכע ייִדן זענען אין אָנהויב פון דער מלחמה אַוועק, געבליבן איז אַ ביסל אָרעמעלייט און חסידים".

„כאַסידים?" האָט זיך דער דייטש געוווּנדערט, „ווער זענען זיי?" האָב איך אים דערקלערט, אַז:

„חסידים, דאָס איז אַ פרומע ייִדישע סעקטע. איר האָט דאָך זיכער געהערט פון ווונדערראַבי".

„יאַ־יאַ! איך האָב עפּעס דערפון געהערט", איז דער דייטש געוואָרן ערנסט. און איך — ווייטער:

„ער איז זייער רעליגיעזער פירער; און די חסידים־סעקטע, זיי עסן נאָר מיט אַ לעפל, אָבער אָן גאָפּל־מעסער, ווייל מיט אַ מעסער אָדער גאָפּל קאָן מען הרגענען אַ מענטש. איז עס דאָך אַ מאָרד־מכשיר און נישט כשר. דערפאַר עסן זיי אַלץ וואָס איז נישט פליסיק מיט די הענט, ווי די אַראַבער. גאָפּל און מעסער ווערן באַנוצט נאָר דאָרט ווו מען מוז".

„אַה!... אַזוי איז דאָס... איצט פאַרשטיי איך", איז דער דייטש געוואָרן געלערנט, און איך ווייטער:

„דאַקעגן די מער פאַרמעגלעכע חסידים, זיי זענען אַ ביסל מאָדערנער,

זיי עסן יאָ מיט גאָפּל און מעסער, אָבער זיי זענען ביים אָנהויב פון דער מלחמה אַוועק".

דער דייטש איז געקומען צום אויספיר אַז עס האָט נישט קיין זין ווייטער צו זוכן. מיר דאַרפן צוריקגיין צו דער קאָמענדאַנטור. האָט מיך געפּייניקט דער געדאַנק: וואָס וועט זיין אויב דער קאָמענדאַנט פון דער פּוילישער מיליץ, וואָס ווערט אָנגעפירט פון „פאָלקס־דייטשן", וועט עצהן דעם מאַיאָר ער זאָל אים מיטגעבן צוויי זעלנער און ער וועט גיין זוכן ביי ייִדן לעפל־גאָפּל־מעסער. ס'איז מיר געווען שטאַרק אָנגעזאָלצן אויפן האַרצן. וועלכער ייִד האָט עס נישט באַהאַלטן צווישן פּסחדיקן געפעס אויך לעפל־גאָפּל־מעסער? מען וועט זוכן און געפינען — ס'וועט זיין אַ בראָך צו מיר און צום גאַנצן ייִדישן שטעטל.

מיר זענען צוריק אַרויף אין צימער פונעם מאַיאָר, ער איז געווען אַליין. איך האָב געשוויגן. דער סאָלדאַט האָט געמאָלדן:

„הער מאַיאָר, מיר זענען געווען אין איבער צוואַנציק וווינונגען, און דאָס, וואָס מיר האָבן דאָרט געפונען איז געווען מיסט — אַלטע, פאַרראָסטע, צעבראָכענע לעפל־גאָפּל־מעסער, אויב מיר וואָלטן צוזאַמענגעבראַכט אַ דרייסיק שטיק באַשטעק, וואָס מען זאָל קאָנען באַנוצן, וואָלט עס געווען אַ סך. די מייניסטן יודען דאָ פרעסן מיט די הענט, ווי די אַראַבער".

דער מאַיאָר האָט אַ ווײַלע געקלערט, גענומען דאָס טעלעפאָן־טרייבל אין האַנט, אָנגעדרייט, און איך האָב געהערט ווי ער באַפעלט אַז דער קאָמענדאַנט פון דער פּוילישער מיליץ זאָל באַלד קומען אין דער קאָמענ־דאַנטור. דערנאָך האָט ער זיך געוואַנדן צו מיר:

„איר קאָנט איצט גיין. מאָרגן פרי, פּינקטלעך אַכט אַ זייגער, מעלדעט איר זיך ביי מיר. פאַרשטאַנען?!"

„יאַוואָהל, הער מאַיאָר", האָב איך געענטפערט און בין אַוועקגעגאַנגען.

באַלד ווי איך בין אַהיימגעקומען האָב איך געשיקט מיינע שוועסטער זיי זאָלן צעוויסן טאָן די ייִדן אין שטעטל זיי זאָלן באַגראָבן די לעפל־גאָפּל־מעסער פון פּסחדיקן געפעס.

צומאָרגנס, פינף מינוט פאַר אַכט אין דער פרי בין איך צוגעקומען צו דער קאָמענדאַנטור. כ'האָב באַמערקט, אַז עפּעס האָט זיך דאָ געענדערט. ס'איז אַנדערש פון נעכטן. ווו איז דער זעלנער וואָס איז געשטאַנען פאַרן טויער? ס'איז מיר אַנטקעגנגעקומען אַ דייטשער פּאָליציסט, נישט קיין זעלנער, און ער האָט מיר געפרעגט צו וועמען איך דאַרף.

„דער מאַיאָר האָט מיך געהייסן היינט פּינקטלעך אַכט אַ זייגער זיך מעלדן ביי אים".

„ביסט אַ ייִד?"

„יאָ, איך בין אַ ייִד".

„פריץ!" האָט ער אַ געשריי געטאָן און עס איז אַרויסגעקומען אַ צווייטער פּאָליציסט.

„פריץ" האָט דער ערשטער געזאָגט צום צווייטן פּאָליציסט, אָנווייזנדיק אויף מיר, „דאָ האָסטו אַ ייִד צו דער אַרבעט".

דער צווייטער פּאָליציסט האָט מיר געגעבן אַ שטופּ, און באַפּעלעריש געברילט:

„יודע, לאָס! געגאַנגען!"

„הער וואַכטמייסטער, דער מאַיאָר האָט מיך באַשטעלט אויף אַכט אַ זייגער", האָב איך געפּרוּווט טענהן.

„אָך, שווייג! האַלט דיין פּרעסער! איצט, לאָס, געגאַנגען!" מיט זיין הילצערנעם פלאָקן האָט ער מיר דערלאַנגט אַ זעץ אין דער פּלייצע און ווידער געריטשעט און ווידער געשלאָגן און מיך באַליידיקט.

זיך דרייענדיק אין שמערצן בין איך מיט אים מיטגעגאַנגען. ער האָט מיך געפירט דורך דער לאַנגער גאַס פון שטעטל. אויפן וועג האָט ער געכאַפּט נאָך ייִדן, אייניקע פון זיי צעשלאָגן, דערנאָך אונדז געפירט צום קריסטלעכן בית־הקברות, געהייסן אונדז אויסגראָבן גריבער. אין די גריבער האָבן מיר באַגראָבן דערשאָסענע מענטשן. זיי האָבן נישט אויסגעזען ווי ייִדן. ווען מיר זענען פאַרטיק געוואָרן, האָט דער פּאָליציסט מיט אַ ריטשעריי באַפוילן מיר זאָלן פאַרשווינדן און דערביי אָנגעהויבן צו קלאַפּן מיטן גראָבן שטעקן איבער די קעפּ און פּלייצעס פון די אַנטלויפנדיקע ייִדן. אויך איך, וועלנדיק אויסמיידן די קלעפּ, האָב אָנגעהויבן לויפן, אָבער מיך האָט ער פאַרהאַלטן. ער האָט מיך צוריקגעפירט צו דער קאָמענדאַנטור, מיך אַריינגעפירט אין צימער פון דעם מאַיאָר און באַפוילן איך זאָל ריין מאַכן דאָס צימער, אָפּווישן אומעטום דעם שטויב און אַלץ אַוועקלייגן אויף זיין פּלאַץ. אַ מידער פון דער פריִערדיקער אַרבעט האָב איך נישט געוווּסט פון וואָס אָנצוהויבן. דער פּאָליציסט איז אַרויס פון צימער. כ'האָב דעם פּלאַץ קוים דערקענט. אומעטום זענען געווען אָנגעוואָרפן פּאַפּירן, שענקלעך זענען געווען אויסגעליידיקט. אַ פּאָליצייאישער מונדיר פון אַן אָבערלויטנאַנט איז געלעגן צוזאַמענגעוויקלט אויף אַ בענקל. זאַכן, וועלכע איך האָב פריִער געזען, זענען מער נישט געווען. און ווּ איז דער מאַיאָר? ס'איז מיר איינגעפאַלן, אַז אין דער נאַכט, אָדער פאַרטאָג, איז דאָס מיליטער אַוועק און עס איז אָנגעקומען אַ ציווילע פאַרוואַלטונג.

אַזוי טראַכטנדיק איז מיר געוואָרן גרינגער אויפן האַרצן: אויס „ראַבי־

נער". מיט פרייד האָב איך זיך גענומען אויפצורוימען דאָס צימער. כ'האָב אַלץ צוזאַמענגענומען, ריין געמאַכט, אַוועקגעשטעלט די שענקלעך אין אָרדע־נונג, ווי איך האָב דערזען אַ פּעקל אַקטן. מיטן מאָמענט ווי איך האָב דאָס פּעקל געוואָלט אַרויפלייגן אויפן טיש, האָט זיך פּלוצעם אויפגעמאַכט די טיר און ס'איז אַריינגעקומען אַ פּאָליציסט, אַן אָבערלויטנאַנט. ער איז געבליבן שטיין אַ דערשטוינטער און געשריגן צו מיר:

„צום טייוול, וואָס טוט איר דאָ?!" ציטערנדיק פון כּעס האָט ער אַריינגערופן דעם דערמאָנטן פריץ און געשריגן, אָנווייזנדיק אויף מיר:

„דער רוח זאָל עס נעמען! ווער האָט דערלויבט, דעם אָ, ער זאָל אַרומגראַבלען אין מיינע אַקטן?"

„דער ייִד האָט געזאָלט בלויז דאָס צימער ריין מאַכן, ווי דער אָבער־לויטנאַנט האָט באַפוילן, און דאָס איז געווען אַלץ", האָט זיך פריץ פאַר־ענטפערט.

„ריכטיק", האָט דער אָבערלויטנאַנט געזאָגט, „אָבער צו אַלדע רוחות, ווער האָט דעם ייִד דערלויבט אין מיינע אַקטן אַרומצוזוכן? דאָס איז אַ גרויסע חזירײַ, און איר פריץ, זייט פאַר דעם פאַראַנטוואָרטלעך".

דער פּאָליציסט איז צו מיר צוגעלאָפן מיט אַ ריטשערײַ און מיר דער־לאַנגט אַ זעץ מיט אַ פויסט אין פּנים. בלוט האָט מיר אַ זעץ געטאָן פון דער נאָז. אַז פריץ האָט זיך פאַרמאָסטן צו געבן מיר נאָך אַ קלאַפּ, האָט דער אָבערלויטנאַנט אים אָפּגעהאַלטן:

„פריץ, לאָזט, איר קאָנט גיין. איך וועל די זאַך אויספאָרשן און דער־ליידיקן, ווי געהעריק".

דער פּאָליציסט האָט סאַלוטירט און איז אַוועק.

איך בין געשטאַנען און מיט מיין טאַשנטיכל געווישט דאָס בלוט פון מיין נאָז. דערווייל איז דער אויבערלויטנאַנט צוגעגאַנגען צום שרייבטיש, דאָרט אַלץ אַדורכגעקאָנטראָלירט און ביים קאָנטראָלירן מיך געפרעגט:

„ווער האָט אייך דאָ אַהערגעשיקט און וואָס האָט איר געזוכט אין מיינע פּאַפּירן, אויף וועלכע עס איז אויפגעשטעמפּלט ,שטרענג געהיים'?!" ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און געפּייקלט מיט די פינגער אין טיש. ער האָט געוואַרט איך זאָל ענטפערן.

איך, ווישנדיק דאָס בלוט פון מיין נאָז, האָב קוים געקאָנט רעדן:

„איך האָב גאָרנישט נישט געזוכט, איך האָב בלויז אויפגערוימט, אַזוי ווי מען האָט מיר געהייסן".

זייענדיק אין בערלין האָב איך אַ צייט געאַרבעט אין אַ ביוראָ און כ'האָב גוט געקאָנט די מענטאַליטעט און פּינקטלעכקייט פון די דייטשן. האָט

זיך דער אויבערלויטנאַנט געוווּנדערט וואָס אַלץ איז געלעגן אויף זיין פּלאַץ. ער האָט געפרעגט:

„ווי הייסט איר?"

„זיינוועל פּעדער".

„אייער פּראָפעסיע?"

אויף אַ רגע בין איך צעטומלט געוואָרן. וואָס זאָל איך אים זאָגן? אַז איך בין אַ מעטראַנפּאַזשיסט? אַ טעכנישער רעדאַקטאָר? אָדער פּשוט אַ דרוקער און אים נישט דערציילן, אַז איך בין אַ טעאַטער־רעזשיסער. עס קען דאָך געמאָלט זיין ער זאָל מאָרגן געוויער ווערן, אַז איך האָב געמאַכט אין פּוילן אַנטי־היטלעריסטישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען. כ׳האָב אַרויסגע־שטאָמלט:

„שוישפּילער".

„ווו האָט איר געלערנט דייטש?" האָט ער געוואָלט וויסן.

„אין פראַנקפורט ביים מאַין, דאָרט בין איך געגאַנגען אין דער שולע. און אין בערלין האָב איך באַזוכט אַ טעאַטער־שולע".

„ווי אַזוי קומט איר דאָ אַהער אין דעם שטעטל?" האָט ער מיך ווייטער געפאָרשט.

„מיין מוטער וווינט דאָ".

„ווען זייט איר פון דייטשלאַנד אַוועק? וואָס איז געווען די אורזאַך אַז איר האָט פאַרלאָזט דייטשלאַנד?"

דאָס וואָרט „אורזאַך" האָט דער אָבערלויטנאַנט באַטאָנט.

„איך בין אַוועק פון דייטשלאַנד אין 1933".

פאַר וואָס?"

„ווייל איך בין געווען אַ שטאַאַטנלאָזער, בין איך געוואָרן אויסגעוויזן".

„דערפאַר זייט איר אויסגעוויזן געוואָרן?"

„יאָ, איך גלויב אַזוי".

ער איז צוגעשטאַנען איך זאָל אים אַלץ דערציילן גענוי: „וואָס איז געווען געשריבן אין אייער ,אויסוויז־באַפעל׳? דערציילט, עס איז אין אייער אינטערעס. איך בין אַ בערלינער, און איך קאָן באַלד אַרויסבאַקומען, צי איר זאָגט ליגן".

„איך מיין אַז ווייל איך האָב געשפּילט אין דער ,פּיסקאַטאָר־בינע׳,*

---

* „פּיסקאַטאָר־בינע" — אַ טעאַטער אין בערלין, אין די צוואַנציקער און אָנהויב דרייסיקער יאָרן, אויפן נאָמען פון רעזשיסער און קינסטלערישן לייטער ערווין פּיסקאַטאָר. דאָס טעאַטער האָט געשפּילט נאָר סאָציאַלע און פאָלקס־דראַמעס, אויך אַנטי־פאַשיסטישע טעאַטער־שטיק.

דערפאַר האָט מען מיך אויסגעוויזן פון פרייסן, אָבער נישט פון דייטש־לאַנד".

„איך האָב אייך געפרעגט, וואָס עס איז געווען געשריבן אין ‚אויסוויז־באַפעל' ?"

כ'האָב געטראַכט אַז איך בין אַ פּאַרטיקער. כ'האָב ווייטער געווישט די פּאַרבלוטיקטע נאָז, כּדי צו געווינען צייט און באַקלערן וואָס צו ענטפערן. כ'האָב לסוף באַשלאָסן צו זאָגן דעם אמת, ווארום סיי ווי איז דער אמת ערגעץ ווו פאַרשריבן:

„אויף וויפל איך קאָן זיך ווערטלעך דערמאָנען, איז אין אויסוויז געווען געשריבן: „אַזוי ווי איר האָט זיך שטאַאַטספיינדלעך באַטעטיקט, ווערט איר אויפגעפאָדערט, אין דער צייט פון 48 שעה, צו פאַרלאָזן פרייסן. אונטער־געשריבן: פאָן פּאַפּען — דער פּרייסנפּרעזידענט".

„אַזוי־אַזוי, איר האָט זיך שטאַאַטספיינדלעך באַטעטיקט! מיט וואָס האָט איר זיך שטאַאַטספיינדלעך באַטעטיקט? איר זייט געווען אַ מיטגליד אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי?"

„איך האָב זיך נישט באַטעטיקט שטאַאַטספיינדלעך, און נישט געווען אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי".

„אין וועלכן יאָר זייט איר געקומען קיין דייטשלאַנד?"

„סוף 1918, באַלד נאָכן ערשטן וועלט־קריג. ווען מיין פאָטער איז גע־שטאָרבן איז מיין מוטער געבליבן מיט פינף קליינע קינדער. איך בין דעמאָלט אַלט געווען דריי יאָר, האָט מיך מיין זיידע גענומען צו זיך. שפּע־טער, אין יאָר 1918, ווען מיין זיידע־באָבע זענען אַוועק קיין פראַנקפורט, האָבן זיי מיך מיטגענומען און דאָרט בין איך געגאַנגען אין דער שולע".

„וואָס איז געווען די פּראָפעסיע פון אייער זיידן?"

„זייגערמאַכער".

„אַלזאָ, בריליאַנטן־הענדלער, בריליאַנטן־שיבער — דאָס הייסט אַ שוואַרצהענדלער?"

„ביין, ער איז געווען אַ זייגערמאַכער און נישט אַ שוואַרצהענדלער".

„גוט, זאָל זיין אַ זייגערמאַכער".

ער האָט פאַרשריבן און ווייטער געפרעגט: אין וועלכער שולע זייט איר געגאַנגען אין פראַנקפורט?"

„צוערשט אין אַ יידישער פאָלקסשולע און שפּעטער אין אַ מיטלשולע; איך האָב באַזוכט די פראַנקפורטער קונסטגעווערבע־שולע".

„זייט איר געווען אין אַ יוגנט־ אָדער ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע? אין וועל־כער?"

„איך בין געווען אין דער ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע ,בלוי־ווייס' און שפּעטער אין דער יידיש־סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי „פּועלי־ציון" און אין „החלוץ", אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פֿאַר אומשיכטונג פֿון יידן־סוחרים אויף ערד־אַרבעטער, בוי־אַרבעטער, אָדער אַנדערע פּראָפֿעסיעס, כּדי זיי זאָלן שפּעטער קאָנען אויסוואַנדערן קיין פּאַלעסטינע און דאָרט צוריק אויפֿבויען דאָס יידישע היימלאַנד".

„און פֿאַר וואָס האָט איר נישט געלערנט קיין ערדאַרבעט, אָדער, ווי איר זאָגט, אַן אַנדערע פּראָדוקטיווע פּראָפֿעסיע, כּדי אויפֿצובויען אייער היימלאַנד פּאַלעסטינע ?"

„איך האָב במשך אַ זומער געאַרבעט ביי אַ פּויער אין דאָרף עסלינגען, דאָרט געלערנט פֿעלדאַרבעט. אויך בין איך אַ געלערנטער דרוקער, אָבער איך האָב ליב די טעאַטער־קונסט".

„פֿון וואַנען האָט איר געהאַט געלט צו קאָנען אין בערלין שטודירן ? אייער רייכער זיידע, דער בריליאַנטן־סוחר, האָט אייך עס געגעבן ?"

„מיין זיידע, דער זייגערמאַכער, איז נישט געווען רייך. ער האָט איבער־הויפּט נישט געוואָלט איך זאָל זיין אַ שוישפּילער, נאָר איך זאָל אַרבעטן אין אַ ריכטיקער פּראָפֿעסיע, ווי ער האָט זיך צו מיר אויסגעדריקט : ,איך וויל דו זאָלסט זיין אַ בעל־מלאכה און נישט קיין קאָמעדיאַנט — לערן זיך אויס אַ ריכטיק פֿאַך, אַז דו זאָלסט קאָנען צוהעלפֿן דיין אָרעמער מאַמען, דערנערן דיין פֿאַמיליע'. האָב איך געלערנט זיין אַ שריפֿטזעצער. שפּע־טער בין איך אַוועק קיין בערלין, דאָרט געאַרבעט אין אַ דרוקעריי און אין אָוונט געלערנט אין אַ יידישער טעאַטער־שולע, אָנגעפֿירט פֿון באַקאַנטע יידישע און נישט־יידישע פּראָפֿעסאָרן פֿון דער טעאַטער־קונסט, ווי צבי פֿרידלאַנד פֿון ,הבימה', אַלעקסיס גראַנאָווסקי, פּראָפֿעסאָר יאַן קעציר־מילער און אַנדערע. און כּדי צו האָבן די מעגלעכקייט צו לערנען האָב איך בייטאָג געאַרבעט אין אַ דרוקעריי און אַ סך מאָל אויך אָנטיילגענומען אַלס סטאַ־טיסט אין אַ פֿילם, אָדער געשפּילט קליינע ראָלן אין טעאַטער, אַזוי אויך אין דער ,פּיסקאַטאָר־בינע', אויפֿן נאָלענדאָרף־פּלאַץ אין בערלין".

„אינטערעסאַנט, אינטערעסאַנט", האָט דער אויבערלויטנאַנט אַרויס־געבראַמט, „איר האָט געלערנט ביים פּראָפֿעסאָר יאַן קעציר־מילער ? אָבער ער איז דאָך אַן אַלטער מאַן !"

אַ ווילע האָט דער אויבערלויטנאַנט געשוויגן און דערנאָך מיט אַ וואַרעמער שטים שטיל געזאָגט :

„אויך איך האָב אַמאָל געוואָלט ווערן אַ שוישפּילער און געלערנט ביים פּראָפֿעסאָר יאַן קעציר־מילער, נאָר מיין פֿאָטער האָט געוואָלט איך זאָל ווערן

אַן אָפּיציר״. ווידער האָט ער געשוויגן און דערנאָך ווי צו זיך אַליין גערעדט:
„אַזוי־אַזוי, איר האָט געלערנט ביים פּראָפעסאָר יאַן קעציר־מילער״. ער האָט זיך פּלוצעם געגעבן אַ שטעל־אויף און אָנגעהויבן מיט טעאַטראַלישן פּאַטאָס צו רעציטירן:

„דאָס נייַע דרינגט אַרייַן מיט מאַכט, דאָס אַלטע,
דאָס ווירדיקע גייט אַוועק, אַנדערע צייַטן קומען,
עס לעבט אַן אַנדער דענקענדיקער דור!
וואָס טו איך דאָ, אַז זיי זענען באַגראָבן אַלע,
מיט וועלכע איך האָב אָנגעפירט און געלעבט?
אונטער דער ערד שוין ליגט מיין צייט״.

(אויך איך האָב אַמאָל געלערנט דאָס זעלבע אויסנווייניק און איך האָב נאָך אים פאַרענדיקט):

„ווייל דעם, וואָס דאַרף מיט דער נייַער [צייַט] נישט מער צו לעבן!״

און צוגעגעבן: „אַטטינגהאַוזען״ אין „ווילהעלם טעל״ פון פרידריך פאָן שיללער״.*

דער אויבערלויטנאַנט האָט אויף מיר אַ שאַרפן קוק געגעבן, זיך אַוועק־געזעצט, צוזאַמענגענומען די בלעטלעך פּאַפּיר, אויף וועלכע ער האָט פאַר־שריבן אַלץ וואָס איך האָב געזאָגט. ער האָט ווידער מיט די פינגער אָנגע־הויבן קלאַפּן אויפן טיש און געזאָגט:
„טיאַ, דאָס אַלץ מוז איך איצט איבערשיקן צו דער ,געהיימען־שטאַאַטס־פּאָליציי׳ („געסטאַפּאָ״), אָפּטיילונג צוויי (יודען־אָפּטיילונג) אין קאַטאָוויץ — איז אייך דאָס קלאָר?״
ער האָט זיך אויפגעשטעלט, געגאַנגען איבערן צימער אַרויף און אַראָפּ, האַלטנדיק זיין האַנט אויפן פּנים און רייבנדיק די גאַמבע זיינע. ער איז צו צום ברענענדיקן אייזערנעם אויוון, אויפגעמאַכט דאָס קליינע טירל, אַדורכגעריסן אויף צוויי העלפטן די באַשריבענע בייגעלעך פּאַפּיר און זיי אַריינגעוואָרפן אין פייער. ער האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר און געזאָגט:
„פאַר היינט איז עס גענוג, מאָרגן, פּונקט אַכט אַ זייגער, זאָלט איר

* די איבערזעצונג פון די פערזן אין יידיש איז אַ פרייע.

דאָ זייַן, רייַן מאַכן און אויפֿרוימען דאָס צימער ווי געהעריק. דאָס איז עס — פֿאַרשטאַנען ?!"

איך האָב אים אויפֿגעקלערט, אַז ווען אַ דייטשער באַאַמטער, אָדער אַ דייטשער ציווילער וועט מיך וועלן נעמען צו אַן אַנדער אַרבעט, וועל איך נישט קענען אָפּזאָגן. ער וועט דאָך מיך צעממיתן.

ער האָט מודה געווען, אַז איך בין גערעכט. ער האָט אַרייַנגערופֿן דעם פּאָליציסט און אים געהייסן אויסשרייַבן אַ צעטל, אַז דער ייִד זייַנוול פּעדער איז צוגעטיילט צו רייניקונגס־אַרבעטן אויף דער היגער פּאָליציי־וואַך און עס איז פֿאַרבאָטן, אָן אַ דערלויבעניש פֿונעם פּאָליציי־קאָמענדאַנט, צו נעמען אים צו אַן אַנדערער אַרבעט.

דער פּאָליציסט האָט אויסגעשריבן אַזאַ צעטל. דער אויבערלויטנאַנט האָט עס אָפּגעשטעמפּלט, אונטערגעשריבן און עס מיר געגעבן.

„אַ דאַנק, אַ גוטן טאָג!" — האָב איך געזאָגט, און בין אַוועק. ווען איך בין פֿון דער פּאָליציי־וואַך אַרויס אויפֿן הויף, האָב איך פֿון נאָכגע־לאָזטער שפּאַנונג זיך צעוויינט. עס איז מיר געוואָרן אַ ביסל לייכטער אויפֿן האַרצן. ווען דער אויבערלויטנאַנט האָט מיך אויסגעפֿאָרשט, האָב איך מיך באַצייטנס געזען ביי דער געסטאַפּאָ, אין זייערע בלוטיקע הענט, וואָס זענען מיר געווען גוט באַקאַנט מיט זייער אכזריות נאָך דער צייט ווען איך בין געווען אין בערלין און היטלער איז געקומען צו דער מאַכט. עס איז מיר געווען באַוווּסט, אַז אַלע אַקטן וועגן מיין אַנטי־היטלעריסטישער טעטיקייט אין דייטשלאַנד, פֿאַר וועלכער איך בין אויסגעוויזן געוואָרן פֿון פּרייסן, ליגן אין דער בערלינער „געהיימע־שטאַאַטספּאָליציי".

קומענדיק קיין פּוילן האָב איך אין די יאָרן 1934—1939 אין וואַרשע און אין אַנדערע שטעט געשריבן, רעזשיסירט און אויפֿגעפֿירט אַנטי־היטלע־ריסטישע טעאַטער־שטיק. אויך וועגן דעם קאָנען זיי אַרויסבאַקומען. אויף וויפֿל איך קאָן די מענטאַליטעט פֿון די דייטשן, האָב איך געוווּסט, אַז איך טאָר נישט זאָגן קיין ליגן. ווייַ וועט זייַן צו מיר ווען דער אויספֿאָרשער וועט דערשפּירן, אַז איך וויל אים „פֿירן אין באָד אַרייַן". האָב איך זיך באַמיט צו זאָגן דעם אמת, אַ האַלבן אמת אָבער ליגן — נישט. כ'האָב געהאַט מזל דערמיט וואָס דער אויספֿאָרשער איז געווען בלויז אַ פּאָליציי־מאַן און נישט קיין אָנגעהעריקער צו דער עס־עס.

אויפֿן הויף פֿון דער פּאָליציי־קאָמאַנדע, קומענדיק אַ ביסל צו זיך, האָב איך אָנגעהויבן צו באַגרייפֿן וואָס פֿאַר אַ מזל איך האָב געהאַט זיך אַרויסצודרייען פֿון זייערע בלוטיקע נעגל. ביים טויער איז געשטאַנען אַ פּאָליציסט און געשריגן צו אַ פּוילישן פּויער. דער פּויער איז געשטאַנען

תמעוואַטע, געקוקט מיט אַן אָפן מויל אויפן שרייענדיקן פּאָליציסט און נישט פאַרשטאַנען קיין וואָרט, וואָס ער שרייט צו אים. אַזוי ווי בײדע זענען געשטאַנען אין דער מיט פונעם טויער און איך האָב נישט געקאָנט אַדורכ־גיין, האָב איך געפרעגט דעם פּאָליציסט:

„הער וואַכטמייסטער, מעג איך דעם הער דערקלערן, וואָס איר ווילט ער זאָל טאָן?"

„זאָגט דעם אידיאָט, אַז ער מוז אָנגעבן אַ ביטע אין פּאָליציי־אַמט".

איך האָב זיך באַמיט מיט מיין שלעכטן פּויליש איבערצוגעבן דעם פויער וואָס דער פּאָליציסט הייסט אים טאָן.

האָט מיר דער פויער געפרעגט, צי איך וואָלט געקאָנט פאַר אים אָנשרייבן אַזאַ ביטע אויף דייטש. ער האָט געקוקט אויף מיר מיט אַזעלכע בעטנדיקע אויגן, אַז עס איז מיר געוואָרן אַ רחמנות אויף אים און איך האָב אים געזאָגט ער זאָל דריי אַ זייגער קומען צו מיר אין דער וווינונג, וועל איך אים די ביטע אָנשרייבן. ער האָט גענומען מיין אַדרעס און איז אַוועק.

פונקט דריי אַ זייגער איז דער פויער געקומען. ער האָט מיטגעבראַכט אַ פויעריש ברויט און אַ פּאָר אייער. איך האָב אים די ביטע אָנגעשריבן. ער האָט מיר געדאַנקט און איז אַוועק. די שמחה ביי אונדז אין דער שטוב איז געווען אין־לשער — פאַרדינט אַ פויעריש ברויט און נאָך אַ פּאָר אייער דערצו. צומאָרגנס, קורץ פאַר אַכט אַ זייגער בין איך געגאַנגען צום פּאָליציי־אַמט צו פאַרענדיקן דאָס נעכטיקע ריין מאַכן דאָס צימער פונעם אויבער־לויטנאַנט. איז מיר אַנטקעגנגעקומען אַ דייטשער באַן־באַאַמטער מיט איינעם פון דער פוילישער מיליץ און געפאָדערט פון מיר איך זאָל גיין מיט אים. מיט זעלבסטזיכערקייט האָב איך אַרויסגענומען דעם צעטל פונעם אויבער־לויטנאַנט און געוויזן דעם דייטש. דער דייטש, ער האָט אַפילו נישט געוואָלט אַ קוק טאָן אויפן צעטל און געשריגן אין שלעזישן פּויליש: „קום, זשידעק, קום אַ ביסל שנעלער!" און מיר דערלאַנגט אַ זעץ מיט זיין שטעקן. בלית ברירה האָב איך באַהאַלטן דעם צעטל און מיט אים מיטגעגאַנגען. ער האָט מיך צוגעפירט צו דער „רעמיז" צוזאַמען מיט נאָך געכאַפּטע ייִדן. דאָרט האָבן מיר געשלעפּט שינעס און שוועלן. נאָך דריי שעה אַרבעטן, ווו קלעפּ פון די אָנפירער האָבן נישט געפעלט, איז אַריינגעקומען אַ פּאָליציסט עפּעס וואָס פאַרשרייבן. איך האָב אים דערציילט, אַז מען האָט מיך געכאַפּט צו דער אַרבעט בעת איך האָב אַכט אַ זייגער פרי געדאַרפט זיין אין פּאָליציי־אַמט ביים אויבערלויטנאַנט. כ'האָב אים געוויזן דעם צעטל. ער איז אַריין אין דער קאַנצעלאַריע מיט אַ געשריי:

„זייט איר אַראָפּ פון זינען ?! אַן אַ דערלויבעניש פונעם פּאָליציי־אַמט איז פאַרבאָטן דעם ייִד צו נעמען צו אַן אַרבעט. דער ייִד וועט מיט מיר מיטגיין צום פּאָליציי־אַמט און איך וועל מעלדן דעם אויבערלויטנאַנט".

איך האָב געשוויגן. דער דייטשער באַן־באַאַמטער האָט זיך פאַרטיידיקט, אַז ער ווייסט פון גאָרנישט, דאָס אַלץ האָט דער מאַן פון דער פּוילישער מיליץ דערליידיקט. דער פּאָליציסט האָט מיך מיטגענומען מיט זיך און מיך אַרויפגעפירט צום אויבערלויטנאַנט. מיט פאַרוואונדערונג האָט דער אויבערלויטנאַנט מיך געפרעגט:

„ווו זייט איר געווען ביז איצט ?"

דער פּאָליציסט האָט אים אַלץ דערציילט און ער האָט אויפגעברויזט פון כּעס. וואָס הייסט מען רעספּעקטירט נישט זיינע באַפעלן ? צו מיר האָט ער געשריגן:

„צום טייוול, פאַר וואָס זייט איר מיט זיי מיטגעגאַנגען ? צו וואָס האָב איך אייך געגעבן דעם צעטל ?!"

איך האָב אים געענטפערט, אַז נעכטן בין איך אַוועק פון זיין ביוראָ מיט אַ צעבלוטיקטער נאָז. טאָמער וואָלט איך היינט מיט זיי נישט מיטגעגאַנגען, וואָלטן זיי מיך צעהרגעט, אַז איך וואָלט אַזוי שנעל נישט געקאָנט אַהערקומען אויפצורוימען.

די גאַנצע צייט וואָס איך האָב גערוימט האָט זיך דער אויבערלויטנאַנט נישט געקענט באַרויִקן הלמאי מען רעספּעקטירט נישט זיינע באַפעלן.

„איך וועל זיי ווייזן, וואָס אָרדענונג איז !" האָט ער געשריגן. און זיך אויסדרייענדיק צו מיר האָט ער נאָך העכער געשריגן: „פאַרוואָס לאָזט איר זיך פון זיי שלעפּן צו אַן אַרבעט ? גיט זיי אין די ציינער !" באַלד האָט ער זיך אַליין אויסגעבעסערט: „נו, יאָ, איר זייט אַ ייִד, איר קאָנט דאָס נישט טאָן, אָבער איך וועל דעם ענין דערליידיקן".

איך האָב אָפּגעאַרבעט אַ פּאָר שעה און אַהיימגעגאַנגען. אין דער היים האָט שוין אויף מיר געוואַרט אַ פּויער. ער האָט געהערט פונעם נעכטיקן פּויער, אַז איך האָב פאַר אים געשריבן אַ ביטע צו דער דייטשער פּאָליציי. וואָלט ער וועלן איך זאָל אויך פאַר אים אָנשרייבן אַזאַ ביטע. איך בין מסכּים געווען און אָנגעשריבן. דער פּויער האָט פון זיין קערבל אַרויסגענומען אַ קליין לעבעדיק הינדל און עס מיר דערלאַנגט צוזאַמען מיט אַ סך ברכות.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די פּויערים אַרום דעם שטעטל זענען ביי מיר געשטאַנען אין דער ריי איך זאָל פאַר זיי שרייבן ביטעס. עסנוואַרג האָט שוין אונדז נישט געפעלט. דערקעגן האָט מיר אויסגעפעלט

שרייבפּאַפּיר. איז מיר געלונגען צו קויפן אַ גרויס העפט, האָב איך אַרויס־געשניטן די בלעטער און געהאַט שרייבפּאַפּיר פאַר די פוילישע ביטעס.

אויף צו מאָרגנס אין פּאָליציי־אַמט ביים אויפרוימען די צימערן האָב איך געהערט ווי אַ פרעמדער געסטאַפּאָ־באַאַמטער האָט געפרעגט דעם ביים טיש זיצנדיקן מיליציאַנט צי איז אין שטעטל פאַראַן אַ ייִד וואָס הייסט זאַמי פעדער.

די פראַגע האָט מיך אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן. ספּאָנטאַן האָב איך זיך האַסטיק אויסגעדרייט מיטן רוקן צום געסטאַפּאָ־באַאַמטן און אָנגעהויבן שנעלער צו אַרבעטן. דער פּוילישער מיליציאַנט האָט זיך אויפגעשטעלט און אָנגעוויזן אויף מיר:

„דער ייִד הייסט פעדער", און ווייטער אויפגעקלערט: „פאַר דער מלחמה האָב איך געאַרבעט אין דער פּוילישער געמיינדע ביי דער איינ־וווינער־קאַרטאָטעק. קען איך כּמעט יעדן אין שטעטל. איך ווייס, אַז דער ייִד הייסט זיינוועל פעדער*. ער איז דער זון פון גאָלדע גאָלדלוסט. דאָ אין שטעטל, דאַכט זיך, געפינט זיך נישט נאָך אַ פּערזאָן מיטן נאָמען זאַמי פעדער. איך, יעדנפאַלס, קען נישט אַזאַ איינעם".

אויפן הויף פון דעם פּאָליציי־אַמט איז געשטאַנען אַן אויטאָ מיט נאָך געסטאַפּאָ־באַאַמטע, וואָס פון צייט־צו־צייט האָבן זיי מיט דעם אויטאָ־האָרן געגעבן סיגנאַלן צום געסטאַפּאָ־באַאַמטן, ער זאָל זיך צואיילן. זיי מוזן אַוועק־פאָרן. דער געסטאַפּאָ־באַאַמטער האָט דעם זיצנדיקן מיליציאַנט עפּעס איינ־גערוימט און איז אַוועק. אויך דער דייטשער פּאָליציסט וואָס איז געווען דערביי האָט זיך אויפגעשטעלט און איז אַרויס פון צימער. האָט זיך דער פּוילישער מיליציאַנט צו מיר געוואָנדן:

„איך קען דיין מאַמען זייער גוט. מיין פאַמיליע איז פון לאַנגע יאָרן באַפריינדט מיט דיין מאַמען. ס'קאָן זיין, אַז די געסטאַפּאָ מיינט נישט דיך, אָבער איך ראָט דיר דו זאָלסט פאַרשווינדן אויף אַ צייט פון סטשעמיעשיץ".

עס איז געווען פרייטיק. דער אויבערלויטנאַנט איז דאָן נישט געווען. ער איז אַהיימגעפאָרן קיין בערלין און געדאַרפט צוריקקומען די אַנדערע וואָך, דאָנערשטיק. מיך האָט מען געהייסן מיטוואָך קומען אויפרוימען דאָס צימער. ביז דעמאָלט בין איך פריי. דאָס הייסט — פיר טעג.

אַהיימגעקומען האָב איך דערציילט מיין מוטער, אַז די געסטאַפּאָ אין

* אין מיינע אָפיציעלע פּאַפּירן האָב איך געהייסן: שמואל זיינוועל פעדער; און מיין מוטער, נאָכן טויט פון מיין פאָטער ז"ל, האָט נאָך איר צווייטן מאַן געהייסן גאָלדלוסט.

קאַטאָוויץ זוכט מיך און איך מוז צוליב דעם נעלם ווערן פון סטשעמיעשיץ. איך האָב באַשלאָסן צו אַנטלויפן קיין רוסלאַנד. די באַן־באַוועגונג איז שוין דעמאָלט געווען כּמעט אַ נאָרמאַלע. איך מוז ריזיקירן און פּרוּוון זיך דער־שלאָגן צו דער נייער רוסישער גרענעץ און אַריבער אויף דער סאָוויעטישער זייט.

ס'איז פרייטיק אָוונט. איך מאַך גרייט אַ פּעקל מיט די נויטיקסטע זאַכן. די מאַמע זיצט און וויינט. מיינע שוועסטער און ברידער דרייען זיך אַרום טרויעריקע, העלפן מיר ביים מאַכן דאָס פּעקל. פּלוצים האָט איינער פון מיינע ברידער געזאָגט:

„זאַמי, איך פאָר מיט דיר". און אויך ער האָט אָנגעהויבן צוגרייטן פאַר זיך אַ פּעקל.

מיין מוטער האָט וויינענדיק זיך געטרייסט, אַז צוויי וועט זיין לייכטער. איינער וועט העלפן דעם צווייטן, און גאָט זאָל ביידן העלפן.

מיין שטיפפאָטער איז געהאַט געשטאָרבן. אין אַזאַ שווערער צייט מוז איך פאַרלאָזן מיין מוטער און די שוועסטער. מיין יינגסטער ברודער, וואָס איז געבליבן, איז שוין געווען אַ חתונה געהאַטער און האָט געהאַט צו פאַר־זאָרגן אַן אייגענע פאַמיליע, אַ פרוי מיט אַן אייך־יאָריק זונעלע. אין דעם מצב האָב איך געמוזט שפּילן דעם קאַלטן, דערדריקן אין מיר דעם ווייטאָג וואָס איך מוז זיי אַלע פאַרלאָזן, און באַהאַלטן מיינע טרערן די מאַמע זאָל זיי נישט זען. דאָס איז מיר נישט געלונגען. אויף פאַרשידענע אופנים האָב איך געפּרוּווט טרייסטן מיין מאַמען:

„ס'איז דאָך נישט אויף אַ לאַנגער צייט; די מלחמה וועט נישט אייביק דויערן".

כ'בין די נאַכט נישט געשלאָפן. אויך מיין מאַמע איז נישט געשלאָפן. כ'האָב געהערט ווי מיין מאַמע האָט שטיל תּפילה געטאָן.

שבת זענען מיר אויפגעשטאַנען באַגינען און ווען מען האָט שוין געמעגט גיין אין דרויסן האָבן מיר גענומען אונדזערע פּעקלעך, זיך געזעגנט מיט די געבליבענע און אין דער באַגלייטונג פון מיין מאַמען און עלטסטער שוועסטער זענען מיר אַוועק צו דער באַנסטאַציע. נישט ווייט פון דער סטאַציע האָבן מיר זיך געזעגנט מיט דער מאַמען און מיט דער שוועסטער און מיר האָבן זיך צעשיידט.

כ'האָב אויסגעקויפט צוויי בילעטן קיין קראָקע, און שטומע האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן אויפן צוג. נאָך אַ צען מינוט וואַרטן איז דער צוג אָנגעקומען. עס איז אונדז געלונגען אַריינצוגיין אין אַ ליידיקן קופּע. דער צוג האָט געריסן און דאָס שטעטל מיט אונדזערע טייערסטע האָט זיך דער־

וויטערט פון אונדז, פון אָנהויב לאַנגזאַם און מיט יעדער רגע וואָס אַ מאָל שנעלער.

אויף דער באַן־סטאַציע אין קראָקע איז געווען אַ טומל און אַ געפּילדער. פּאָליציי־ און געסטאַפּאָ־אַגענטן האָבן קאָנטראָלירט ביי די ציווילע זייערע פּערזענלעכע דאָקומענטן. עטלעכע מענטשן, געשלאָסענע אין קייטעלעך, זענען געפירט געוואָרן פון געסטאַפּאָ־אַגענטן. כּדי מען זאָל נישט וויסן, אַז מיר קלייבן זיך צו דער רוסישער גרענעץ, האָב איך אויסגעקויפט בילעטן נאָר ביז טאַרנאָוו. מיר האָבן געוואַרט ביז עטלעכע מינוטן פאַרן אָפּפאָרן פון דער באַן און דעמאָלט זענען מיר אַריין אין אַ וואַגאָן. די באַן האָט גערירט, אָבער דאָס מאָל איז עס געווען אַנדערש ווי אין דער באַן קיין קראָקע. פּלוצעם האָט זיך אויפגעריסן די טיר און אַ דייטשער מיליטער־מאַן האָט אַריינגעשטעקט זיין רויט צעפּלאַמטן פּרצוף, מיט ווילדע שיכּורע אויגן און אַרויסגעריטשעט:

„פערדאַמיש נאָך איין מאָל, זינד היר יודען דאַ? רררראַוס!"

אומבאַמערקט האָב איך אָנגעכאַפּט די פאָלע פונעם זשאַקעט פון מיין ברודער צו באַרויקן אים. כ'האָב באַמערקט, אַז אויפן געשריי פונעם מיליטער־מאַן האָט ער פון שרעק אַ ציטער געטאָן. ער האָט פאַרשטאַנען מיין מיק. מיר זענען געבליבן זיצן, ווי נישט אונדז מיינט מען, און וויטער געקוקט אין דער דייטשער צייטונג. וואָס איך האָב געהאַט געקויפט אויף דער סטאַציע אין קראָקע. באַלד האָבן מיר געהערט ריטשערייען, געוויינען, געשרייען אין אַ צווייטן קופּע.

„יודען רררראַוס! יודען רררראַוס־רררראַוס־רררראַוס!" וואָס האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם גערויש און געקלאַפּ פון די באַן־רעדער. אַזוי זענען מיר די גאַנצע צייט געזעסן אין טויטשרעק, געלייענט די צייטונג, אָדער בעסער געזאָגט — געקוקט אין דער צייטונג, און מיט די אויערן זיך איינגעהערט וואָס עס טוט זיך אין די אַנדערע קופּעען. אַזוי זענען מיר דערפאָרן און אָנגעקומען קיין טאַרנאָוו. איך בין שנעל אַראָפּ פונעם צוג צו דער קאַסע כּדי צו קויפן בילעטן קיין יאַראָסלאַוו. ביי דער קאַסע האָב איך געהערט דערציילן, אַז מען האָט יידן אַרויסגעוואָרפן פון פאַרנדיקן צוג, וואָס איז אָנגעקומען פון קראָקע. איך האָב גענומען די בילעטן און בין צוריק אַריין אין דער קופּע ווו ס'איז געזעסן מיין ברודער. די באַן האָט אָנגעהויבן פאָרן און מיר האָבן מיט שרעק און שפּאַנונג געוואַרט אויף דעם וואָס איז געווען עלול צו קומען. דער וועג איז אַדורך בשלום. בלויז דער באַן־קאָנטראָלער האָט אָפּשטעמפּלענדיק אונדזערע בילעטן זיך געוווּנדערט פאַר וואָס מיר קויפן כּמעט אויף יעדער גרעסערער סטאַציע בילעטן אויף צו פאָרן וויטער

אין דעם זעלבן צוג און צאַלן צוליב דעם אַ סך טייערער ווי עס קאָסט אַ דירעקטער בילעט. איך האָב געוואָלט אים זאָגן אַן אויסרייד. ער האָט נישט געוואָרט אויף מיין ענטפער און איז אַוועק.

עס איז שוין געווען מיטאָגצייט ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין יאַראָ־סלאַוו. פון יאַראָסלאַוו קיין פשעמישל האָבן מיר נישט געוואָלט פאָרן מיט דער באַן. מיר האָבן געדונגען אַ פויערשן פערד־און־וואָגן וואָס האָט אונדז געבראַכט קיין פשעמישל, נישט ווייט פון דער בריק איבערן טייך סאַן. מיר האָבן זיך געלאָזט צופוס צו דער בריק וואָס האָט געפירט צו דער רוסישער זייט. אָבער די בריק איז געווען געשלאָסן. מענטשן זענען גע־שטאַנען פון פאַרטאָג אָן און מען האָט קיינעם נישט אַריבערגעלאָזט, נישט אַהין און נישט צוריק. קיינער האָט נישט געוווסט צי מען וועט די בריק בכלל עפענען. אַזוי זענען מיר צוזאַמען מיט אַנדערע הונדערטער מענטשן געשטאַנען שעהן לאַנג און געוואַרט. ווי דער שטייגער האָבן די וואַרטנדיקע אַרויסגעזאָגט זייערע סברות. האָט איינער געזאָגט: „אין אַ שעה אַרום וועט מען עפענען די בריק. נעכטן האָט מען זי אויך אין דער צייט געעפנט", האָט אַ צווייטער געזאָגט: „און איך זאָג, אַז מען וועט היינט די בריק נישט מער עפענען, אַ שאָד דאָס שטיין דאָ און וואַרטן".

אַזוי זענען מיר געשטאַנען מיט האַרצקלעמעניש און געוואַרט. פלוצעם האָט איינער געזאָגט:

„ייִדן, אַ שאָד דאָס וואַרטן. קומט מיט מיר, לאָמיר גיין דורכן טייך. איך קען אַן אָרט, ווו דער טייך איז נישט טיף. דאָס וואַסער גרייכט נישט העכער ווי ביז צו דער ברוסט", האָט ער מיט דער האַנט אָנגעוויזן אויף דער ברוסט.

זענען מיר, אַ צענדליק מענער און פרויען, געגאַנגען מיט דעם בעל־עצה, וואָס האָט אונדז געפירט צו דעם אָרט ווו דער טייך איז נישט טיף. ס'האָט אָנגעהויבן טונקלען. מיר זענען אַריין אין וואַסער. וואָס ווייטער איז געוואָרן אַלץ טיפער און טיפער. דאָס וואַסער האָט שוין דערגרייכט ביז צו דער ברוסט. ביי די נידעריקע מענטשן האָט עס דערגרייכט ביזן האַלדז. מיר זענען שוין געווען אין דער מיט פונעם טייך ווי ס'האָט זיך פלוצעם דערהערט אַ שיסעריי. נישט ווייט פון אונדז טרעפן קוילן און זיי צעשפריצן דאָס וואַסער פון טייך.

„ייִדן!" האָט דער בעל־עצה געשריגן, „די רוסן שיסן צו אונדז. זיי ווילן נישט, מיר זאָלן אַריבערקומען אויף זייער ברעג".

בלית ברירה האָבן מיר זיך אויסגעדרייט צוריקצוגיין, האָט זיך אַנט־קעגן אונדז געעפנט אַ שיסעריי פון דער דייטשער זייט. פאַרייאושטע זענען

מיר געבליבן שטיין אין דער מיט פונעם קאַלטן טייך. די פרויען האָבן אויסגעבראַכן אין אַ געוויין. טאָמער פרווּווט עמעצער גיין אין דער אָדער אין דער צווייטער ריכטונג ווערט די שיסעריי שטאַרקער. און אָט שרייט אַ פרוי און פון איר אָרעם גיסט זיך בלוט. שטייענדיק אין וואַסער נעמט איינער אַרויס אַ טיכל פון זיין בוזעם־קעשענע און פאַרבינד דעם בלוטנדיקן אָרעם פון דער פרוי.

אַזוי זענען מיר מיט פּחד און ייאוש געשטאַנען אין דער מיט פונעם קאַלטן טייך — נישט אַהין און נישט אַהער. אין צווישנצייט איז געוואָרן פינצטער. אייניקע האָבן געפּרווּווט גיין צו דער דייטשער זייט. עס איז געווען שטיל, מ׳האָט נישט געשאָסן. אויב אַזוי זענען מיר אויך געגאַנגען און בשלום אַרויס אויפן דייטשן ברעג און... אַריינגעפאַלן אין די אָרעמס פון דייטשע מיליטער־לייט. אין דער פינצטערניש, ביים צוזאַמענגעמען די אַרויסגייענדיקע פון וואַסער, איז מיר געלונגען נעלם צו ווערן און אַנטלויפן. איך בין אַריין אין אַ הויז און אין אַ ווינקל ביי טרעפּ זיך אַוועקגעזעצט. געזעסן און געציטערט פון קעלט און נעץ. פון מיינע בגדים האָט געטריפט וואַסער. אָנקלאַפּן אין אַ טיר האָב איך מורא געהאַט; איך האָב נישט געוווּסט ווער עס וווינט דאָרט. אַזוי בין איך געזעסן אין דעם ווינקל אין דער פינצטער, איינגעקורטשעט, און כאָטש כ׳האָב געציטערט פון קעלט בין איך פון מידקייט איינגעדרימלט. צופעליק איז אַן איינוווינער פונעם הויז פאַרבייגעגאַנגען און מיך באַמערקט. ער האָט מיך איבערגעוועקט. פון שרעק האָב איך אָנגעהויבן שטאַרקער צו ציטערן. דער מענטש האָט מיך באַרויִקט און געפרעגט וואָס מיר איז און פאַר וואָס, ביים באַרירן מיין אַקסל, בין איך אַזוי נאַס? צי ער קאָן מיר מיט עפּעס העלפן? איך האָב קוים געקאָנט ענטפערן. לסוף האָט ער מיך אַריינגעבעטן צו זיך אין שטוב. אויפן ביישטידל פון דער טיר האָב איך באַמערקט אַ מזוזה. איך האָב דעם ייִדן דערציילט וואָס מיט אונדז איז געשען. איך האָב אויסגעטאָן מיינע נאַסע בגדים און זיי אויפגעהאַנגען צום טריקענען. דער ייִד האָט פאַר מיר אויסגעבעטן אַ געלעגער אָבער צוליב דעם איבערגעלעבטן און מחמת דער זאָרג וואָס איז געשען מיט מיין ברודער, האָב איך נישט געקאָנט איינשלאָפן.

באַלד אין דער פרי האָב איך זיך געאיילט, צוזאַמענגענומען מיינע אויסגעטרוקנטע בגדים, זיך אָנגעטאָן, געדאַנקט דעם בעל־הבית פאַרן נאַכטלעגער, זיך געזעגנט מיט אים, און בין אַוועק געוווּיר ווערן וואָס ס׳איז געשען מיט מיין ברודער. ביי דער מיליטער־קאָמענדאַנטור, נישט ווייט פונעם פלאַץ, ווו מיר איז געלונגען נעלם צו ווערן, זענען אַלע געפאַנגענע געשטאַנען מיט די פּנימער אויסגעדרייט צו אַ וואַנט צו. פאַרביי דעם פלאַץ

בין איך געגאַנגען אַהין און צוריק בערך אַ שעה צייט און האָב זיך דער־וואַרט ביז מ׳האָט זיי באַפרייט און כ׳האָב דערלעבט צו זען מיין ברודער אַ געזונטן.

דער ברודער האָט מיר דערציילט, אַז נאָכן פאַנגען די אַרויסגעקומענע פונעם טייך, האָט מען זיי באַפוילן זיך אַוועקשטעלן מיט די פנימער צו דער וואַנט, דערנאָך האָט מען זיי געדראָעט מיט דערשיסן פאַר אומלעגאַל פרוּוון אַריבערגיין די גרענעץ צו דער סאָוויעטישער זייט. נאָך שטיין שטיין אין די נאַסע בגדים, ציטערנדיק פון קעלט, האָבן די מענטש פאַרלוירן די כּוחות. טייל זענען אַוועקגעפאַלן אין חלשות. די זעלנער האָבן געשלאָגן די געפאַלענע מכּות רצח: „אויפשטיין! אויפשטיין!” ביז דער פאַרחלשטער האָט מיט זיינע לעצטע כּוחות זיך אויפגעשטעלט. דערנאָך זענען איינער נאָכן אַנדערן אַריינגעפירט געוואָרן אין אַ גרויס צימער צו אַן אויספאַר־שונג: — פאַר וואָס האָבן זיי געוואָלט אויף אַן אומלעגאַלן אופן אַריבער דעם טייך צו דער רוסישער זייט? דער גרעסטער טייל פון די ייִדן האָט זיך פאַרטיידיקט, אַז זיי האָבן געוואָלט באַזוכן זייערע משפחות. אויך מיין ברודער האָט געזאָגט, אַז ער האָט אַ ברודער, וואָס וווינט אין לעמבערג און ער האָט אים געוואָלט באַזוכן. און אַזוי ווי די בריק איז געווען אָפּגעשלאָסן, איז ער געגאַנגען דורכן טייך.

נאָכן רעווידירן דאָס פּעקל זאַכן האָט דער אויספאָרשער באַפוילן מיין ברודער צוריקנעמען זיין „פּעקל מיסט”, דערלאַנגט אים אַ קלאַפּ איבער דער פּלייצע מיט אַ גומענעם שטעקן, ער זאָל זיך שטעלן אין דרויסן מיטן פּנים צו דער וואַנט. אַזוי זענען זיי אָפּגעשטאַנען די גאַנצע נאַכט, ביז אַ זייגער ניין אין דער פרי. געפרוּווירן געוואָרן און זיך נישט געטאָרט רירן פון אָרט. פּונקט ניין אַ זייגער איז אַרויסגעקומען אַ דייטשער אָפיציר, ער האָט באַפוילן אַלע זאָלן זיך אויסדרייען מיט די פּנימער צו אים און געזאָגט:

„איר זייט פריי, איר קאָנט אַלע אַהיימגיין, אָבער ווער וועט זיין צו דעם וואָס מיר וועלן אים נאָך אַ מאָל כאַפּן ביים אַריבערגיין אומלעגאַל די גרענעץ. ער וועט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט”. נאָך אָט דער וואָרענונג האָט ער אָנגעהויבן האַקן איבער די קעפּ פון פרויען און מענער, געשלאָגן מיטן גומענעם שטעקן אָן רחמנות און געריטשעט: „פאַרשווינד פון דאַנען, פאַרשאָלטן געזינדל!”

מתּוך שׂמחה וואָס ער איז אַרויס אַ לעבעדיקער פונעם גיהנום האָט זיך מיין ברודער צעוויינט ווי אַ קינד.

וואָס טוט מען? ווו גייט מען? אַהין, אויף דער סאָוויעטישער זייט? צי האָט מען שוין געעפנט די בריק? דערווייל איז די בריק געשלאָסן.

ווען וועט מען קענען אַריבער, ווייס קיינער נישט. מיר דרייען זיך אַרום מיט שרעק, מען זאָל אונדז נישט כאַפּן צו אַן אַרבעט און באַקומען נאָך קלעפּ. דערצו האָט מיין ברודער פון די שטאַרקע איבערלעבונגען באַקומען אַ שאָק. ביי יעדער קלייניקייט איז ער אויפגעשפרונגען און אָנגעהויבן ציטערן, לסוף האָב איך געזאָגט צו מיין ברודער: „איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן צוריק אַהיים". מיט שטוינונג האָט מיין ברודער מיך אָנגעקוקט, און האַלב מיט פרייד און דאָך רעזיגנירט געזאָגט:

„אַזוי ווי דו וועסט באַשטימען, אַזוי וועט זיין".

געטראַכט האָב איך מיר: פאַר וואָס זאָל איך אומקומען ערגעץ־ווו אונטערוועגס אין דער פרעמד? איך מוז זוכן אַן אויסוועג אין דער היים, זיך אויסצובאַהאַלטן, אפשר וועט מען אין מיר פאַרגעסן, אפשר? מיר זענען אַוועק צו דער באַן־סטאַציע קויפן בילעטן צוריקצופאָרן אַהיים. זיך אַרומדרייען אויף דער באַן־סטאַציע און וואַרטן ביז דער צוג וועט אָפּפאָרן, איז געווען געפערלעך. מיר האָבן מורא געהאַט פאַר די קאָנטראָלעס פון דער געסטאַפּאָ. אויך קאָן מען אונדז ערגעץ־ווו פאַרשלעפּן צו אַן אַרבעט און דורך דעם פאַרשפּעטיקן דעם צוג. ענדלעך זענען מיר מיט מזל איינגעשטיגן אין דער באַן און דער צוג האָט אָנגעהויבן פאָרן.

ווידער האָבן מיר זיך געזעצט „לייענענדיק" אַ דייטשע צייטונג, און מיט אָנגעשפּיצטע אויערן זיך איינגעהערט וואָס די פּאַסאַזשירן אַרום אונדז רעדן צווישן זיך. אַ דייטשער זעלנער, וואָס איז געזעסן אַנטקעגנאיבער מיר, האָט מיר געפרעגט צי איך האָב שוועבעלעך. ער וויל פאַררויכערן זיין ציגאַרעט. איך האָב אים נאַטירלעך געענטפערט אויף דייטש:

„לײדער, איך בין נישטראַוכער".

נאָך אַ פּאָר מינוט האָט ער ווידער געפרעגט:

„וואָהין פאַרען זי? ווען איך פראַגען דאַרף".

„נאַך קראַקאַו", האָב איך געענטפערט. אַזוי האָט זיך צווישן מיר און דעם דייטש אָנגעהויבן אַ געשפּרעך. אַ ביסל בין איך געווען צופרידן, ווייל איך האָב גערעדט דייטש, און נאָך מיט אַ דייטשן סאָלדאַט: פון דער אַנדערער זייט האָבן מיר זיינע שאלות נישט אויסגעזען באַקוועם.

„וואָס זענט איר פון באַרוף?"

„שריפטזעצער".

„ווו אַרבעט איר? זיכער אין אַן אַמטלעכער דרוקעריי".

„איך בין צוליב מיין קראַנק זיין אויף אַ צוויי וועכנטלעכן אורלויב".

„וואָס פאַר אַ צייטונג לייענט איר? איך קאָן זי נישט".

„דאָס איז אַ קאַטאָוויצער צייטונג".

איך האָב אים געגעבן אַ העלפט פון מיין צייטונג. ער האָט אָנגעהויבן לייענען, און דערמיט בין איך פּטור געוואָרן פון זיינע פראַגן. אַ ביסל שפּעטער האָב איך זיך מיט אים געטוישט מיט דער צווייטער העלפט פון דער צייטונג. אין קראָקע האָב איך זיך געזעגנט מיטן זעלנער און געגאַנגען זען ווען מיר האָבן אַ צוג קיין סטשעמיעשיץ. דאָ חזרט זיך איבער די געשיכטע: ס'איז אַ קנאַפּע שעה צייט ביז דער צוג קיין סטשעמיעשיץ וועט אָפּפאָרן. וואָס איז בעסער? זיצן אויף דער באַן־סטאַציע און וואַרטן, אָדער זיך אַרומדרייען אין דרויסן? מיר האָבן אויסגעמיטן די קאָנטראָלעס, גע־זוכט צו זיין וואָס ווייטער פון דייטשן אין מונדירן. נאָר אַז מיר האָבן זיך געקליבן אַריינגיין אין צוג האָבן מיר באַמערקט, אַז געסטאַפּאָ קאָנטראָ־לירט ווידער די פּאַפּירן. איז אונדז געלונגען צוריק אַרויסצוגיין פון דער באַן־סטאַציע אין גאַס. קוים זענען מיר אין דרויסן, קומען אונדז אַנטקעגן צוויי מיליטער־לייט מיט די ווערטער:

„אַוסוויין, ביטע!”

מיר האָבן אַרויסגענומען אונדזערע פּוילישע פּאַפּירן און זיי געוויזן. די מיליטער־לייט האָבן צוגענומען די פּאַפּירן און אונדז געהייסן מיטגיין מיט זיי.

וואָס טוט מען איצט? און איך הייב אָן צו בעטן זיי אין דייטש: אַזוי ווי מיר זענען נישט דאָ־יקע, מיר וואַרטן אויף אונדזער צוג, וואָס פאָרט קיין סטשעמיעשיץ (און איך ווייז זיי אונדזערע צוויי בילעטן) — בעט איך זיי זיי זאָלן אונדז אָפּלאָזן, מיר זאָלן נישט פאַרשפּעטיקן דעם צוג. אַ צוויי־טער צוג גייט ערשט מאָרגן אין דער צייט, און מיר האָבן אין דער נאַכט נישט ווו צו זיין. כ'האָב זיך דערמאָנט אין צעטל פונעם אויבערלויטנאַנט — אַז מען טאָר מיך נישט נעמען צו קיין שום אַנדערער אַרבעט, ווייל איך בין צוגעטיילט צום אויפרוימען אויפן פּאָליציי־אַמט אין סטשעמיעשיץ. די ביידע זעלנער האָבן געקוקט אויפן פּאַפּיר, געערעדט צווישן זיך, צוריקגע־געבן דעם דאָקומענט און אונדז צוריקגעפירט צו דער באַן־סטאַציע. דאָ האָבן זיי אונדז באַפרייט און מיר זענען אַריין אין צוג. מיט אומגעדולד און אומרו האָבן מיר געוואַרט דער צוג זאָל רירן, עס זאָל נישט אונטער־קומען עפּעס נייעס. ווען דער צוג האָט גערירט האָבן מיר געטופּעט מיט די פיס, אונטערצואיילן דעם פאָרנדיקן צוג, ער זאָל שנעלער פאָרן, מיר זאָלן וואָס שנעלער זיין אין דער היים. אויף יעדער סטאַציע ווו דער צוג איז שטיין געבליבן, זענען אויך אונדזערע הערצער שטיין געבליבן. אָט זענען מיר שוין צוגעקומען צו דער לעצטער סטאַציע פאַר אונדזער שטעטל. נאָך אַ צען־פופצן קילאָמעטער און מיר וועלן זיין אין דער היים. דער צוג

איז געפֿאָרן לאַנגגזאַמער און לאַנגזאַמער. מיר האָבן שוין געזען די ערשטע כאַטעס און הייזער פון אונדזער שטעטל. ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען אַהיים.

אויפגעעפנט די טיר פון אונדזער הויז זענען מיר געבליבן שטיין אָן צו קענען אויסרעדן אַ וואָרט. מיין מוטער און די שוועסטערס קוקן אויף אונדז און שטוינען, און די מאַמע שרייט אויס:

„זאַמי! מאַטעק!"

די מאַמע האָט געלאַכט און געוויינט פון פרייד און וויינענדיק אונדז געקושט.

איך האָב מיין מאַמען גאָרנישט דערציילט פון אונדזערע צרות וואָס מיר זענען דורך די צוויי טעג אויפן וועג אַדורכגעגאַנגען. איך האָב בלויז געזאָגט, אַז די בריק איז פאַרמאַכט און מען לאָזט קיינעם נישט אַריבער אויף דער רוסישער זייט. גיין דורכן וואַסער איז מען איינגעשטעלט מיטן לעבן. האָבן מיר באַשלאָסן צוריקצוקערן אַהיים. איך וועל דאָ, אין דער היים, זוכן אַן אויסוועג. אפשר זוכט מען מיך גאָרנישט? אפשר האָט זיך מיר און דעם פּאָלאַק אויסגעדאַכט?

מיין מאַמע האָט מיך באַרויִקט און געזאָגט:

„מיין קינד, גוט וואָס איר זייט צוריק געקומען, מיט גאָטס הילף, וועט זיין גוט. דאָ זענען מיר כאָטש אַלע צוזאַמען".

אויף צומאָרגנס אין דער פרי, אַן אויסגעשלאָפענער און צעוואָרעמטער, האָב איך זיך אויפגעכאַפּט און נישט באַגריפן ווו איך געפין זיך. אַ צופרידענער בין איך אַרויס פון בעט, זיך אָנגעטאָן, געוואַשן זיך און ראַזירט. שוין דעם דריטן טאָג ווי איך האָב זיך געהאָט נישט ראַזירט. פּלוצעם קלאַפּט עמעצער אין דער טיר און שרייט:

„אויפמאַכן! אויפמאַכן! פּאָליציי!"

„איר זייט זיינוועל פעדער?" האָט געפרעגט דער פּאָליציסט וואָס האָט זיך אַריינגעשטעלט אין דער געעפנטער טיר.

„יאָ!" האָב איך געענטפערט.

פון דעם גערודער ביי דער טיר האָבן זיך אַלע אויפגעכאַפּט פון שלאָף און ס'איז געוואָרן אַ שטילע סומאַטאָכע. דער פּאָליציסט האָט געזאָגט צו מיר באַפעלעריש:

„טוט איך אָן און קומט מיט מיר מיט אויף דער פּאָליציי־קאָמאַנדע!"

מיין מאַמע האָט אָנגעהויבן שטיל צו וויינען. איך האָב זיך אָנגעטאָן און געגאַנגען מיטן פּאָליציסט.

„הער וואַכטמייסטער, וואָס איז אַזעלכס געשען וואָס איר זענט געקומען אַזוי פרי מיך נעמען אויפן פּאָליציי־אַמט ?"

„מאָרגן", האָט ער געזאָגט, „קומט צו פאָרן דער אויבערלויטנאַנט, מוזט איר היינט ערשטקלאַסיק אויפּרוימען זיין צימער".

מיר איז אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן. ווי אַזוי זאָגט מען עס מיין מאַמען און די שוועסטער, זיי זאָלן זיך נישט מצער זיין ביז איך וועל אַהיימקומען ? דערווייל איז דער פּאָליציסט אַריין אין אַ געשעפט עפּעס קויפן. אין דעם מאָמענט האָב איך באַמערקט אַ חברטע פון מיינס אַ שוועסטער. איך האָב זי גערופן און געבעטן, זי זאָל גיין צו אונדז און זאָגן מיין מאַמען, אַז מען האָט מיך גענומען אויפצורוימען דאָס צימער פון דעם אויבערלויטנאַנט און זיי זאָלן גאָרנישט איבערקלערן.

ביי דער אַרבעט אויפן פּאָליציי־אַמט האָב איך געבענטשט מיין מזל וואָס איך בין אַהיימגעקומען צו דער ריכטיקער צייט. ביטער וואָלט געווען ווען איך וואָלט איצט נישט געווען אין דער היים, ווייל אָן אַ דערלויבעניש פון אויבערלויטנאַנט האָב איך נישט געטאָרט אַוועקפאָרן. אויך האָב איך נישט פאַרלוירן מיין אַרבעט אויפצורוימען דאָס צימער. דאָס שטיקל פּאַפּיר וואָס איך האָב פון אים באַקומען, האָט מיך אַ סך מאָל אָפּגעראַטעוועט פון פאַרשידענע צרות. אָן דעם פּאַפּירל וואָלט איך געווען אין גאַנצן הפקר צו יעדן דייטשן אָנשיקעניש. פון דעסטוועגן האָב איך זיך מצער געווען: אפשר וועט מען מיר שלעפּן צו פאַרשידענע אַרבעטן...

די ערשטע שעהען ביי דער אַרבעט בין איך געווען זייער דענערווירט, מורא געהאַט, אַז מען וועט מיך נישט אַהיימלאָזן. אפשר וועט קאַפּויער קומען דער געסטאַפּאָ־אַגענט, וואָס האָט יענע וואָך וועגן מיר זיך אויס־געפרעגט ? צי האָב איך אין דער היים גוט „אויפגערוימט" אַלע בילדער פון דער אַנטי־היטלעריסטישער פּיעסע „היטלעריאַדע", וואָס איך האָב צוזאַמען מיטן שרייבער שמואל וואָלמאַן אָנגעשריבן און זי דאָן אויפגעפירט אין די יאָרן 1935/36 אין וואַרשע, אין קאַמינסקי־טעאַטער, אין אָטוואָצק (קאַסינאָ) צוליב וועלכער די וואַרשעווער פּאָליציי האָט מיך געצוווּנגען צו פאַרלאָזן וואַרשע ? שפּעטער, אין 1938, האָב איך די זעלבע פּיעסע אויפ־געפירט אין בענדין. צי וועט דאָס אַלץ אויף וועלכן עס איז אופן נישט קאַפּויער קומען ?

אָפּגעטאָן מיין אַרבעט האָב איך געוואָרט מען זאָל מיר הייסן אַהיימ־גיין. דער הונגער האָט גענאָגט. דעם גאַנצן טאָג האָב איך גאָרנישט געהאַט אין מיין מויל. ס'איז אַריינגעקומען דער פּאָליציסט, וואָס האָט מיך אַהער־געבראַכט, און מיר געגעבן אַ פּאַק פּאַפּירן און צייטונגען, איך זאָל דאָס

אַלץ סאָרטירן לויט די דאַטעס. איך האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט און געפרעגט:

„הער וואַכטמייסטער, אַז איך וועל אויססאָרטירן די פּאַפּירן און זיי אַריינלייגן אין דער שאַפע וועל איך מעגן אַהיימגיין? כ'האָב נאָך היינט גאָרנישט נישט געגעסן".

„ניין! דער וואַכטמייסטער שולצע וויל נאָך מיט אייך רעדן", האָט ער געענטפערט און איז אַרויס פון צימער.

וואָס דערוואַרט מיך? וואָס וויל דער וואַכטמייסטער שולצע פון מיר? איידער וואָס־ווען איז ווידער אַריינגעקומען דער פּאָליציסט און מיר גע־מאָלדן, אַז דער וואַכטמייסטער שולצע האָט די זאַך איבערגעלאָזט פאַר דעם אויבערלויטנאַנט. נאָכן פאַרענדיקן די אַרבעט קען איך אַהיימגיין און נישט פאַרגעסן צו קומען מאָרגן פּינקטלעך אַכט אַ זייגער.

## סטשעמיעשיץ ווערט אָנגעשלאָסן צום דריטן רייך

זאַגלעמביע, דאָס האָט אויך געמיינט סטשעמיעשיץ, איז צוגעטיילט געוואָרן צום דריטן רייך. ייִדן מוזן אָנטאָן ווייסע אָרעמבענדער מיט אַ בלויען מגן־דוד. אין די ייִדישע געשעפטן, וואַרשטאַטן און פאַבריקן זענען אַריינגעזעצט געוואָרן דייטשע „טרויהענדער" (באַגלייבטע קאָמיסאַרן), וואָס וועלן אָנפירן מיט די אונטערנעמונגען. די אייגנטימער האָבן נישט מער קיין דעה איבער זייער אייגנטום. יעדער איינוווינער מוז אַרויסנעמען אַ דייטשע לעגיטימאַציע.

ביי טאָג האָב איך געאַרבעט מיט נאָך אַ ייִד ביים אויפרוימען אין פּאָליציי־אַמט. אין אָוונט האָב איך געשריבן ביטעס פאַר די פּויערים.

אייניקע פאָלקס־דייטשן און פּאָלאַקן האָבן געפונען אַ מונדירטן דייטש און אין זיין באַגלייטונג זענען זיי אַריין אין ייִדישע וווינונגען און צוגע־רויבט מעבל, וואַנטזייגערס, זילבער־זאַכן און אויך צירונג און געלט, אויב זיי האָבן געפונען. ייִדן האָבן מורא געהאַט זיך קעגנצושטעלן. דער רויב האָט געקענט באַגלייט ווערן מיט קלעפּ.

איין מאָל איז צו מיר אַריינגעקומען אַ ייִד און מיר דערציילט, אַז אַ באַקאַנטער קריסט, וואָס האָט אויך אין די פריִערדיקע צייטן אָנגעטאָן

צרות די ייִדן אין שטעטל, איז אַריין מיט אַ דייטש צו אים אין זיין פערד־שטאַל און צוגענומען זיינע צוויי פערד. אַזוי ווי איך אַרבעט ביים אויפ־רוימען אויפן פּאָליצײַ־אַמט און קען רעדן דייטש, האָט ער מיר געבעטן צי איך וואָלט נישט געוואָלט מיט אים מיטגיין אין פּאָליצײַ־אַמט, מען זאָל אים צוריקגעבן זיינע פערד. איך האָב אים אָפּגערעדט פון גיין. עס איז פאַר אים צו געפערלעך. איך וועל זען, וואָס עס לאָזט זיך מאַכן.

זייענדיק ביי דער אַרבעט האָב איך צופעליק געהערט ווי אַ קרימינאַל־באַאַמטער האָט געזאָגט צום אויבערלויטנאַנט, אַז די ייִדן און זייער פאַרמעגן געהערן צו דער „געהיימער שטאַאַטס־פּאָליצײַ" און קיינער טאָר נישט אָן אַ דערלויבעניש פון דער „געסטאַפּאָ", אָפּטיילונג 2, אין קאַטאָוויץ, עפּעס וואָס קאָנפיסקירן ביי ייִדן. ביי אַ געלעגנהייט האָב איך דערציילט דעם אויבער־לויטנאַנט, אַז עס לויפן אַרום געוויסע פּאָליאַקן מיט אַ פאַלקסדייטש און „קאָנפיסקירן" ביי ייִדן פאַרשידענע זאַכן. ביי איינעם האָב זיי צוגענומען צוויי פערד און אַ וואָגן.

דער אויבערלויטנאַנט האָט געהערט און געשוויגן. צומאָרגנס האָב איך באַמערקט דעם טאָגבאַפעל פאַר די פּאָליציסטן:

„עס איז שטרענג פאַרבאָטן אָן אַ דערלויבעניש פון דער געסטאַפּאָ צוצונעמען אָדער קאָנפיסקירן פון וועלכע ס'איז זאַכן. ווער עס וועט עובר זיין אויפן דאָזיקן פאַרבאָט וועט שטרענג באַשטראָפט ווערן".

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און דער ייִד האָט צוריקבאַקומען זיינע פערד. אַ צייט איז געווען שטיל, ביז ס'האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן נייע גזירות:

יעדער ייִד מוז טראָגן אויפן רעכטן אָרעם אַ ווייסע באַנד מיט אַ געמאָלטן בלויען מגן־דוד (די דייטשן האָבן עס גערופן „שאַנדע־באַנד" אָדער „יודען־שטערן"). יעדער מוז האָבן ביי זיך אַ „פּאַלצוווקע" (לעגיטי־מאַציע מיט אַ פינגער־אָפּדרוק; פּאַלעץ — אויף פויליש פינגער). כּדי אויסצושרייבן פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג די דאָזיקע „פּאַלצוווקעס", איז קיין סטשעמיעשיץ אָנגעקומען אַ ספּעציעלע גרופּע הילפס־פּאָליצײַ פון די צוריקפאַרנומענע פון די דייטשן אויבערשלעזישע געביטן, וואָס האָבן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געהערט צו דייטשלאַנד. די הילפס־פּאָליציסטן זענען געווען יונגע מענטשן, געבוירענע שוין אין דער פּוילי־שער צייט, געלערנט אין פּוילישע שולעס. די מערסטע פון זיי האָבן נישט ווי געהעריק באַהערשט די דייטשע שריפטשפּראַך.

די פּוילישע מיליץ איז אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער און יעדן געהייסן גיין אַרויסנעמען אַ „פּאַלצוווקע". פאַר ייִדן איז עס געווען אַ פרישע

צרה. ווען אַ ייִד איז געקומען נעמען די לעגיטימאַציע, האָט דער פּוילישער מיליציאַנט, וואָס האָט בײַ דער טיר געהיט די אָרדענונג, אָנגעטאָן דעם ייִד גרויסע צרות. ער האָט אונטערגעהעצט די יונגע פּאָליציסטן מיט פאַר־שידענע אַנטיסעמיטישע העץ־ווערטלעך. די אונטערגעהעצטע האָבן די ייִדן באַליידיקט.

די „פאָלצוווקעס" זענען געווען פון צוויי טיילן. איין טייל האָט באַקומען דער אײַנוווינער און דעם צווייטן טייל האָבן זיי, לויטן אל"ף־בי"ת, אַרײַנ־געלייגט אין אַ ספּעציעלער שאַפע, מיט פאַכן פון „אַ" ביז „צעט". די שאַפע איז געשטאַנען אין צימער פון דעם אויבערלויטנאַנט. ווען איך בין אין דער פרי געקומען צו דער אַרבעט, האָט ער מיר פיל מאָל געהייסן אַרײַנלייגן אין די פאַכן דעם שטויס פּאָלצוווקעס, וואָס מען האָט מיט אַ טאָג פריִער געהאַט אויסגעפּאַרטיקט.

בײַם סאָרטירן די לעגיטימאַציעס האָב איך אויף איינער באַמערקט אַ סך פעלערן. דער אויבערלויטנאַנט האָט געזען אַז איך פאַרהאַלט זיך בײַ דער דאָזיקער לעגיטימאַציע און ער האָט געפרעגט:

„וואָס איז? שטימט דאָרט עפּעס נישט?"

איך האָב אים געגעבן די לעגיטימאַציע דורכצולייענען, און ער האָט זיך צעלאַכט אויפן קול:

„פריִער זענען זיי געווען וואַסערדיקע פּאָליאַקן; איצט זענען זיי וואַסערדיקע דײַטשן. אַ חרפה אַזאַ לעגיטימאַציע זאָל אַרויס פון אַ דײַטשן פּאָליצײַ־אַמט. זיי מוזן נאָך אַ מאָל גיין אין אַ דײַטשער שולע און זיך אויס־לערנען שרײַבן דײַטש אָן פעלערן".

איך האָב אַרײַנגעלייגט אַלע „פּאָלצוווקעס" אין די פאַכן און זיך גע־גרייט אַהיימצוגיין ווי דער אויבערלויטנאַנט האָט געזאָגט צו מיר:

„מען מוז זיך שעמען, ווי גרײַזיק זיי שרײַבן אויס די לעגיטימאַציעס פון אַ דײַטשן פּאָליצײַ־אַמט. פון מאָרגן אָן וועט איר אויסשרײַבן די לעגי־טימאַציעס פאַר ייִדן, און זיי וועלן זען, ווי מען שרײַבט אַ קאָרעקטן דײַטש".

צומאָרגנס איז פאַר מיר געשטאַנען אַ ספּעציעלער טיש מיט אָן אויפ־שריפט „נאָר פאַר ייִדן" און איך האָב אָנגעהויבן אויסצושרײַבן די „פּאָל־צוווקעס" פאַר די אַרײַנגעקומענע ייִדן. פריִער, אינעם טאָגבאַפעל, האָט דער אויבערלויטנאַנט אָנגעזאָגט די הילפס־פּאָליציסטן, אַז אויב אַ דײַטש וואָרט וועט זיי נישט זײַן קלאָר, זאָלן זיי פרעגן דעם ייִד ווי דאָס וואָרט ווערט געשריבן. אין דער פרי, ווען דער פּוילישער מיליציאַנט איז געקומען היטן די אָרדענונג בײַ דער טיר, האָט ער נישט געקאָנט פאַרשטיין וואָס ס׳איז

געשעץ. ער האָט אָנגעהויבן איזדעקעווען זיך איבער די ייִדן וואָס זענען געקומען אַרויסנעמען „פּאַלצוווקעס". חוזק געמאַכט פון זיי.

„נאַ, איציק, מאַכע־מאַכע פּרענדקאַ — שנעל־שנעל!" און ווענדנדיק זיך צו די באַאַמטע האָט ער געהעצט: „די זשידקעס האָבן נישט קיין צייט, זיי מוזן מאַכן האַנדל־וואַנדל, געשעפט, געשעפט, באַשווינדלען".

איך האָב זיך אַ שטעל־אויף געגעבן און הויך, אויפן קול, אויף דייטש זיך צעשריגן:

„איך בעט נישט צו שטערן די אַרבעט! זאָרגט בעסער, אַז אין דרויסן זאָל זיין אָרדענונג! אויב איר וועט ווייטער שטערן אין דער אַרבעט, וועל איך מעלדן דעם אויבערלויטנאַנט".

דער פּאָליאַק אָדער פאָלקסדייטש האָט קנאַפּ פאַרשטאַנען דערפון וואָס איך האָב צו אים געשריגן, נאָר אַז ער האָט געזען אַז די הילפס־פּאָליציסטן שווייגן און רופן זיך נישט אָן, האָט ער זיך אָפּגעטראָגן און געוואָרן שפּעטער קריכנדיק קליין. פון דעמאָלט אָן, ווען אַ ייִד איז געקומען נעמען די „פּאַל־צוווקע", האָט ער אים נישט מער באַאומרויִקט.

די יונגע הילפס־פּאָליציסטן, וואָס זענען געווען אָנגעוויזן אויף מיר אויסצובעסערן זייערע שרייבפעלערן, האָבן געהאַט פאַר מיר אַ געוויסן דרך־ארץ. דורך די פּאָר טעג וואָס איך האָב דאָרט געאַרבעט האָב איך אָפּגעראַטעוועט אַ צאָל ייִדן פון באַליידיקט און געפּייניקט צו ווערן פון די פּאָליאַקן און פאָלקסדייטשן.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מיך דער אויבערלויטנאַנט אַריינגערופן און מיר באַפוילן איך זאָל נעמען דעם ייִד וואָס פאַרטרעט מיך ביים רוימען, און אַ געהילפס־פּאָליציסט וועט אונדז ביידע באַגלייטן, מיר זאָלן גיין צו קראַנקע ייִדן און נישט־ייִדן אין סטשעמיעשיץ און אין די אַרומיקע דערפער און אויפן פלאַץ אויסשרייבן זייערע „פּאַלצוווקעס".

איך האָב באַקומען דעם „הייליקן" סטעמפּל מיטן האַקנקרייץ אין דער מיט און אַ פּעקל פאָרמולאַרן און מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין לויט די אָנגעוויזענע אַדרעסן. די קראַנקע פּויערים האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין און זיך שטאַרק געוווּנדערט הלמאי אַ זשיד גייט אַרום און שרייבט אויס די „פּאַלצוווקעס", און נישט די פּוילישע מיליץ. אייניקע האָבן אונדז אַפילו מכבד געווען מיט זויערמילך און שוואַרץ ברויט מיט פּוטער און ווייסן קעז.

בכדי נישט יעדעס מאָל צו סטעמפּלען די פאָרמולאַרן, האָב איך אַ שפּאָר ביסל פון זיי פריִער אָפּגעשטעמפּלט און זיי אַריינגעלייגט אין איין טאַש פון מיין מאַנטל און די נישט־אָפּגעשטעמפּלטע אין דער צווייטער טאַש.

ווען מיר זענען פּאַרטיק געוואָרן, האָב איך דעם הילפס־פּאָליציסט געגעבן דעם שטעמפּל מיט די פאַרמולאַרן, און מיר, צוויי ייִדן, זענען אַהיימגעגאַנגען.

אין דער היים, ביים אויסטאָן מיין מאַנטל, איז מיר געוואָרן פינצטער פאַר די אויגן. איך האָב פאַרגעסן צוריקצוגעבן דעם פּאָליציסט די אָפּגעשטעמפּלטע פאַרמולאַרן. — וואָס האָב איך געזאָלט טאָן? אַריינלייגן דאָס פּעקל אין אויוון און פאַרברענען? איז מיר איינגעפאַלן: נישט פאַרברענען. איך האָב דאָס פּעקל פאַרשטעקט נעבן אויוון.

אַזוי ווי סטשעמיעשיק איז אַנגעשלאָסן געוואָרן צום דייטשן רייך, האָט מען די ייִדן וואָס זענען אין אַנהויב פון דער מלחמה אַנטלאָפן און האָבן נישט באַוויזן פאַר דער צייט פונעם אַנשלוס צוריקצוקומען, נישט אַריינגעלאָזט אין די צוקאַאַפּטירטע געביטן. סטשעמיעשיק, וואָס איז געלעגן עטלעכע קילאָמעטער פון דער גרענעץ פון דעם ניי־געשאַפענעם „גוּווערנעמענט פוילן", איז עטלעכע ייִדן געלונגען זיך צוריק אַריינצושמוגלען קיין סטשעמיעשיק. זיי האָבן נישט געהאַט קיין „פּאַלצווּוקע", און אָן אַזאַ לעגיטימאַציע האָבן זיי נישט געקאָנט באַקומען קיין צוטיילונג פון שפּייז און צו דעם זענען זיי נאָך געווען אויסגעשטעלט אויף צרות.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז צו מיר געקומען מיינע אַ קרובה, אַ 20־יאָריק מיידל, און מיר געבעטן איך זאָל איר העלפן באַקומען אַ „פּאַלצווּוקע". איך האָב איר צוגעזאָגט צו העלפן איר באַקומען אַ „פּאַלצווּוקע", בתנאי אַז קיינער זאָל דערפון נישט וויסן, אַפילו איר מוטער נישט, ביז איך וועל איר זאָגן ווען זי מעג דערציילן איר מאַמען, אַז זי האָט אַ „פּאַלצווּוקע". אויף צומאָרגנס, בעת מיין אַרבעט, האָב איך אַריינגעלייגט די צווייטע העלפט פון דער לעגיטימאַציע אין געהעריקן פאַך און מיט דעם איז דער ענין געווען דערליידיקט. נאָך אַ פּאָר טעג איז ווידער געקומען צו מיר אַ פריינדין פון מיין מוטער און מיר געבעטן אַז ווי זי האָט געהערט אַז איך אַרבעט אין דער יודען־אָפּטיילונג ביים אַרויסגעבן „פּאַלצווּוקעס" זאָל איך איר העלפן באַקומען אַ לעגיטימאַציע. גראָד האָב איך מיט טאָג פריִער אויפגעהערט צו אַרבעטן ביי די „פּאַלצווּוקעס". ס'האָט זיך געענדיקט די רעגיסטראַציע. אויב עמעצער איז שפּעטער געקומען נאָך אַ „פּאַלצווּוקע", האָט די פּאָליציי נאָכגעפאָרשט פאַר וואָס ער איז נישט געקומען ביז צום באַשטימטן טערמין. ייִדן האָבן זיי צוליב דעם אָנגעטאָן גרויסע צרות.

„טייערע פרוי חנהלע", האָב איך געטענהט צו איר, „הערט זיך גוט צו, וואָס איך וועל אייך איצט זאָגן: קודם כל זאָלט איר וויסן, אַז איך אַרבעט

נישט מער ביים אויסשרייבן די „פּאַלצוווקעס״. אָבער איך וויל אייך העלפן. נאָר קיינער טאָר נישט דערפון וויסן. איך וועל אויספילן אַ פּאָרמולאַר און איר וועט אונטערשרייבן. אין דריי טעג אַרום זאָלט איר גיין אין פּאָליציי־אַמט און זאָגן, אַז איר האָט פאַרלוירן די „פּאַלצוווקע״, און איר בעט מען זאָל אייך אויסשרייבן אַ צווייטע״.

די פרוי האָט אַזוי געטאָן. נאָך דריי טעג איז זי געגאַנגען אין פּאָליציי־אַמט און האָט געזאָגט, אַז זי האָט פאַרלוירן די „פּאַלצוווקע״ און זי בעט אַ צווייטע. דער פּאָליציסט האָט פאַרשריבן ווי זי הייסט און איז אַרויף אין צימער פון אויבערלויטנאַנט און אין שענקל געפונען די צווייטע העלפט, וואָס איך האָב מיט אַ טאָג פריִער געהאַט אַריינגעלייגט. מען האָט איר אויס־געשריבן אַ צווייטע „פּאַלצוווקע״. זי האָט באַצאָלט אַ געלט־שטראָף און מען האָט איר געוואָרנט: אויב זי וועט נאָך אַ מאָל פאַרלירן די „פּאַלצוווקע״, וועט זי קיין נייע נישט מער באַקומען.

במשך דער צייט האָב איך עטלעכע ייִדן באַזאָרגט מיט „פּאַלצוווקעס״. איינער האָט זי „פאַרלוירן״, ביי אַ צווייטן האָט מען „צוגעגנבעט״ דאָס בייטעלע געלט מיט דער „פּאַלצוווקע״ אאַז״וו.

איין מאָל, ביים רוימען דאָס צימער, האָב איך באַמערקט אויפן טיש פונעם אויבערלויטנאַנט אַ פּעקל מיט „פּאַלצוווקעס״. ביים דורכקוקן זיי האָב איך אויסגעפונען, אַז צווישן זיי געפינען זיך אַזעלכע וואָס איך האָב געהאַט אויסגעשריבן פאַר די, וואָס האָבן זיי געהאַט „פאַרלוירן״. פאַר וואָס ליגן זיי אויפן טיש און נישט אין די פאַכן, ווו איך האָב זיי געהאַט אַריינ־געלייגט? אַזוי האַלטנדיק די „פּאַלצוווקעס״ אין די הענט, איז אַריינגעקומען דער אויבערלויטנאַנט. ער האָט זיך געוואַנדן צו מיר מיט די ווערטער:

„זאָגט מיר, פאַר וואָס פאַרלירן ייִדן זייערע לעגיטימאַציעס?״

איך בין געבליבן אָן לשון. כ׳האָב זיך באַהערשט און געענטפערט:

„דאָס איז דערפאַר, ווייל ווען מען כאַפּט צו דער אַרבעט באַקומען זיי קלעפּ. אַ סך מאָל ווערן זיי אויך שטאַרק צעשלאָגן. פון מורא און קלעפּ ווערן זיי אַזוי צעטומלט, אַז זיי וויסן נישט וואָס עס טוט זיך מיט זיי. דעמאָלט, נישט בלויז פאַרלירן זיי די לעגיטימאַציעס, נאָר אויך זייער געלט און אַנדערע זאַכן״.

פון אָנהייב האָט ער נישט רעאַגירט אויף מיינע ווערטער, אָבער נאָך דעם געזאָגט:

„די ייִדן מוזן בעסער אַכטונג געבן זיי זאָלן נישט פאַרלירן זייערע לעגיטימאַציעס. אויב עס וועט אַזוי ווייטער גיין וועט עס זיין זייער ביטער

פאַר זיי. זיי וועלן דורך דעם פאַרלירן אויך זייער ברויט און צו דעם נאָך שווער באַשטראָפט ווערן״.

ביים אַהיימקומען פון דער אַרבעט האָט געוואַרט אויף מיר אַ יונגער קריסט פון עטלעכע און דרייסיק יאָר. ער האָט געהערט, אַז איך שרייב דייטשע „פּראָזשבעס״. האָט ער מיר געפרעגט, צי איך וואָלט געוואָלט אויך פאַר אים אָנשרייבן אַזאַ „ביטע״. און ער האָט מיר דערציילט אַז ער איז אַ פּוילישער אָפיציר, אַנטלאָפן פון אַ דייטשן געפאַנגענען־לאַגער. האָט ער נישט קיין „פּאַלצוווקע״. איז ער געקומען צו מיר, איך זאָל אים אָנשרייבן אַ ביטע צו דער פּאָליציי און מאָטיווירן דערמיט, אַז ער איז געלעגן קראַנק ביי אַ פאַמיליע אין דאָרף, דערפאַר האָט ער זיך פאַרשפּעטיקט מיט אַרויס־נעמען אַ „פּאַלצוווקע״.

ס׳איז מיר געוואָרן קאַלעמוטנע אויפן האַרצן. כ׳האָב געוווּסט אַז נאָך אַזאַ ביטע וועט אים די פּאָליציי אַרעסטירן און אָוועקשיקן דער טייוול ווייסט ווו. כ׳האָב געוווּסט פון אַזעלכע פאַלן. כ׳האָב אויך מורא געהאַט, אַז טאָמער שיקט מען אים אָוועק, וועט די שולד פאַלן אויף מיר. סיי יִידן און סיי נישט־יִידן האָבן געוווּסט אַז איך אַרבעט אין פּאָליציי־הויז. אָבער אַז איך אַרבעט דאָרט מיט נאָך יִידן צוואַנגס־אַרבעט — דאָס האָבן יִידן געוווּסט. קריסטן האָבן דערפון נישט געוווּסט. צו דעם בין איך נאָך אַ געקומענער פון דייטשלאַנד. אָפּזאָגן דעם פּוילישן אָפיציר האָב איך נישט געוואָלט. פון דער צווייטער זייט — פאַר וואָס זאָלן בלויז יִידן „פאַרלירן״ זייערע „פּאַלצוווקעס״? זאָל עס אַ מאָל טרעפן אויך מיט אַ קריסט אַ פּאַליאַק. כ׳האָב אים געבעטן ער זאָל צוּוואַרטן אַ צען מינוטן, און כ׳וועל פאַר אים אָנשרייבן די ביטע.

אַ שטאָק העכער פון אונדז האָט געוווינט אַ קריסטין, וואָס איז געווען די הייבאַם פון סטשעמיעשיצער יִידישן שטעטל. אַ האַלב שטעטל קינדער האָט זי אָפּגענומען. זי איז אין דעם שטעטל געבוירן געוואָרן. עס איז נישט געווען קיין מענטש אין שטעטל וואָס זאָל זי האָבן נישט געקענט. מיין מוטער איז געווען מיט איר זייער באַפריינדעט. איך האָב געוווּסט אַז זי אַרבעט מיט דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג. בין איך אַרויף צו דער פרוי און איר דערציילט די געשיכטע: עס איז צו מיר געקומען אַ פּוילישער אָפיציר, ער וויל איך זאָל פאַר אים אָנשרייבן אַ ביטע וועגן אַ „פּאַלצוווקע״. איך בין זיכער, אַז טאָמער וועט ער אָפּגעבן אַזאַ ביטע, וועט מען אים פאַרשיקן. איך וואָלט אים געקאָנט העלפן, האָב איך מורא עס צו טאָן. איך קען אים נישט.

„קום!״ האָט די פרוי צו מיר געזאָגט, „איך וועל מיט דיר מיטגיין און זען ווער דאָס איז?״

זי איז מיט מיר מיטגעגאַנגען. ווען זי איז אַריין אין אונדזער שטוב און דערזען דעם אָפיציר, האָט זי זיך מיט אים האַרציק באַגריסט און צעקושט און צו מיר געזאָגט:

„דאָס איז מיינס אַ פריינד. באַהאַנדל אים ווי דיין פריינד״.

איך האָב די „פּאַלצווּוקע״, דאָס הייסט דעם צווייטן טייל, אויסגעשריבן און געהייסן אים אונטערשרייבן. ביים אונטערשרייבן האָט ער דערזען דעם אויפגעדרוקטן שטעמפּל מיטן האַקנקרייץ. האָט ער געפרעגט:

„דאָס איז געפעלשט?״

„ניין! דאָס איז עכט״, האָב איך אים פאַרזיכערט.

כ׳האָב פאַר אים געהאַלטן אַ לעקציע, ער זאָל חס וחלילה קיינעם נישט דערציילן. טאָמער כאַפּט מען מיך ביי דער דאַזיקער „געשיכטע״, ווייסט ער אַליין, וואָס מיט מיר קאָן געשען. קיינער וועט מער נישט באַקומען אַזאַ לעגיטימאַציע.

„אין דריי טעג אַרום״, האָב איך אים געעצהט, „זאָלט איר גיין אין פּאָליציי־אַמט און מעלדן, אַז איר האָט פאַרלוירן די „פּאַלצווּוקע״, דאָרט וועט איר באַקומען אַ נייע. און נאָך אַ מאָל: פאַר קיינעם קיין וואָרט וועגן דעם״.

אויף צו מאָרגנס בין איך געקומען צו דער אַרבעט. מ׳האָט מיך נישט אַרויפגעלאָזט אין צימער פון אויבערלויטנאַנט. דער פּאָליציסט האָט מיר אינפאָרמירט, אַז דער אויבערלויטנאַנט איז אַהיימגעפאָרן קיין בערלין. ער וועט קומען די אַנדערע וואָך. דער פּאָליציסט האָט מיך גענומען צו אַן אַנדערער אַרבעט. כ׳האָב זיך דערפילט פאַרלוירן: ווי אַזוי וועל איך אַריינ־לייגן אין טאַך די צווייטע העלפט פון דעם אָפיצירס „פּאַלצווּוקע״?

אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט, בין איך אַרויף צו דער הייבאַם און איר אַלץ דערציילט, און געבעטן זי זאָל אויסגעפינען דעם אָפיציר און אים זאָגן, אַז ער זאָל צוּוואַרטן מיטן גיין אין פּאָליציי־אַמט, ביז איך וועל אים צו וויסן טאָן. די פרוי איז אַוועק צום אָפיציר און צוריקגעקומען מיט דעם, אַז די גאַנצע פאַמיליע איז אַוועקגעפאָרן אין אַ נעבנשטעטל אויף עטלעכע טעג.

כ׳האָב זיך געפונען אין קלעם. ס׳איז אַ ביטערע מעשה. טאָמער גייט דער אָפיציר אין פּאָליציי־אַמט און מעלדעט, אַז ער האָט פאַרלוירן די „פּאַלצווּוקע״ און אין אַרכיוו איז נישטאָ די צווייטע העלפט, וועט זיין אַ

גרויסע, ביטערע צרה. צו וואָס האָט מיר דאָס אַלץ געטויגט? כ׳מוז פאַר־זאָרגן די גאַנצע וועלט?

מיין מוטער האָב איך פון דעם אַלעם גאָרנישט דערציילט. כ׳האָב זיך אַליין געפייניקט מיט מיין האַרצקלעמעניש.

אויף דעם צווייטן און דריטן טאָג איז די הייבאַם געגאַנגען זוכן דעם אָפיציר און ער איז אַלץ נאָך נישט געווען אין דער היים.

דעם אַנדערן טאָג, אין דער פרי, בין איך געגאַנגען צו דער אַרבעט. אין דער מיט פון רוימען די צימערן, איז צו מיר געקומען דער פּאָליציסט, וואָס האָט געהאָט מיט מיר צוזאַמען געאַרבעטביים אויסשרייבן די „פּאָל־צוווקעס", און ער האָט געזאָגט צו מיר:

„דאָ האָט איר אַ צעטל מיט נעמען און דעם שליסל פון צימער 4. גייט אַרויף און זוכט מיר אויס די דאָזיקע „לעגיטימאַציעס" און ברענגט זי מיר אין מיין צימער".

„יאַוואָהל!" האָב איך אויסגערופן און אין מיר האָבן די אינגעווייידן געציטערט. אַ מלאך פון הימל איז געקומען. איך וואָלט זיך קיין מאָל נישט פאַרגעשטעלט, אַז גראָד אַ דייטשער פּאָליציסט וועט זיין דער „מלאך", וואָס וועט מיך אַרויסשלעפּן פון דער ביטערער צרה.

איך בין אַרויף אין צימער מיט פרייד. און ביים אויסזוכן די „פּאַלצווו־קעס", און אַריינלייגנדיק די צווייטע העלפט פון אָפיצירס לעגיטימאַציע, האָב איך אונטערגעזונגען מיט טרערן פון פרייד.

מיט דעם האָט זיך געענדיקט די געשיכטע „פּאַלצוווקעס".

## דער „הונדע־פירער"

עס איז אָנגעקומען אין שטעטל אַ נייער פּאָליציסט מיט אַ גרויסן דייטשן וואָלף־הונט, וואָס ער האָט אַלע מאָל געפירט מיט זיך אויף אַן אייזערנער קייט. די דייטשן האָבן אים גערופן: „הונדע־פירער". די ייִדן אין שטעטל האָט ער אָנגעטאָן גרויסע צרות.

ייִדן אין סטשעמיעשיץ זענען געפאָרן אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך איינצוהאַנדלען פאַרשידענע סחורות און ביי די פּויערים אין די דערפער זיי אויסגעטוישט אויף לעבנסמיטל. אַזוי אַרום האָט אַ טייל

ייִדן אין שטעטל געצויגן זייער ביסל חיונה צו קאָנען אַדורכלעבן די ביטערע מלחמה־צייט. דער „הונדע־פּירער" האָט יעדן טאָג אָפּגעוואַרט די אָנקומענדיקע צוגן אויף די סטאַציעס און ביי די ייִדן צוגענומען די איינ־געהאַנדלטע סחורות אָדער לעבנסמיטל.

אַזוי ווי אין סטשעמיעשיץ זענען געווען צוויי באַן־סטאַציעס, זענען אייניקע אַוועקגעפאָרן פון דער „איוואַנגראָדער" באַן־סטאַציע און צוריק־געקומען אויף דער „ווינער" באַן־סטאַציע. בלויז אַ שטיקל צייט האָט זיך עס איינגעגעבן, ווייל דער „הונדע־פּירער" האָט גענוי געוווּסט ווער עס איז אַוועקגעפאָרן, און אויך פון וועלכער באַן־סטאַציע, און אויב ער האָט אים נישט געזען צוריקקומען אויף דער זעלבער באַן־סטאַציע פון וואַנען ער איז אַוועקגעפאָרן, האָט ער אים אָפּגעוואַרט ביי זיין טיר, אָדער ער איז אַריין אין דער וווינונג פון דעם ייִדן, דאָרט געמאַכט אַ רעוויזיע און וואָס ער האָט געפונען האָט ער צוגענומען, און ווי אַ צולאָג דעם ייִד צעממיתט.

פון וואַנען האָט דער „הונדע־פּירער" געוווּסט ווער און וווּהין עמעצער איז געפאָרן?

אייניקע מאָל האָב איך געמוזט לענגער אַרבעטן אין פּאָליציי־אַמט. אויב איך האָב געאַרבעט נאָך דער צייט ווי עס איז געווען דערלויבט צו גיין אין גאַס, פלעג איך באַקומען פונעם אויבערלויטנאַנט אַ פּאַסירשיין, אַז עס איז מיר דערלויבט צו גיין ביז דער און דער שעה. אַהיימגייענדיק, אין אַזאַ צייט, האָב איך איין מאָל געהערט פונעם הויז, ווו דער „הונדע־פּירער" האָט געוווינט, געשרייען און געוויין. דורכן פענצטער האָב איך דערזען אַ ייִדישן יונגנמאַן וואָס איז קורץ פאַר דער מלחמה געקומען קיין סטשעמיעשיץ, דאָ חתונה געהאַט און פאַרבליבן אַ סטשעמיעשיצער תושב. צומאָרגנס האָב איך באַגעגנט דעם יונגנמאַן און אים געפרעגט וואָס דער „הונדע־פּירער" האָט פון אים געוואָלט און פאַר וואָס ער האָט אים אַזוי צעשלאָגן? דער יונגערמאַן האָט זיך צעוויינט און מיר דערציילט, אַז דער „הונדע־פּירער" צווינגט אים נאָכצוקוקן וועלכער ייִד גייט צו וועלכער באַן־סטאַציע, מיט וועלכן צוג פאָרט ער אַוועק און מיט וועלכן צוג ער קומט צוריק. ער מוז עס אים יעדן טאָג צו וויסן טאָן, אויב נישט, זאָגט דער „הונדע־פּירער", וועט ער אים דערשיסן. און טאָמער פאַרגעסט ער עמעצן, אָדער ער וויל נישט אויסזאָגן, צעשלאָגט ער אים אַזוי, אַז ער קאָן קוים שטיין אויף די פיס. שמועסנדיק מיטן יונגנמאַן האָב איך נישט באַמערקט אַז דער „הונדע־פּירער" שטייט פון דער ווייטנס און אַבסער־ווירט אונדז.

עטלעכע טעג שפּעטער, אַהיימגייענדיק פון פּאָליציי־אַמט דורך די לײדיקע גאַסן, אין דער צייט ווען מ'האָט נישט געטאָרט גיין, איז מיר אַנטקעגנגעקומען דער „הונדע־פּירער". ער האָט אַרויסגעצויגן זיין רעוואָל־ווער, אויסגעשאָסן אין דער לופט און געשריגן צו מיר איך זאָל בלייבן שטיין. איך בין געבליבן שטיין אַ דערשראָקענער און מיט ציטערנדיקע הענט אַרויסגענומען מיין פּאַסירשיין.

„די הענט אין דער הויך! קום מיט!"

ער האָט מיך אַוועקגעפירט אין אַ הויז, וווּ די פּאָליציי האָט געהאַט אירע עס־און־טרינק־צימערן. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ גרויסן עסזאַל, ווו אַ צאָל פּאָליציסטן האָבן געגעסן. אין אַן עק פונעם עסזאַל האָט ער מיר געהייסן אַנידערקניִען. נישט ווייט פון מיר האָט ער זיך אַוועק־געזעצט עסן זיין אָוונטברויט.

עס איז אַריינגעקומען דער אויבערלויטנאַנט. ער האָט מיך געזען קניִען און אַוועקגעדרייט זיין קאָפּ. געמאַכט זיך אַז ער זעט מיך נישט. דאָס זעלבע אויך ביי זיין אַוועקגיין.

דער „הונדע־פּירער" האָט אָפּגעגעסן, צוגעגאַנגען צום בופעט און עפּעס אַריינגערוימט דעם אָנפירער פונעם רעסטאָראַן. און צו מיר האָט ער געזאָגט:

„טאָמער שטייסטו אויף און גייסט אַוועק אַן מיין דערלויבעניש וועל איך דיך דערשיסן. וועסט בלייבן קניִען אַזוי לאַנג ביז איך וועל צוריק־קומען".

איך האָב געקניט אַן אַ סוף און אָן אַן עק. די קני האָבן מיר ווײ געטאָן. די שעהען האָבן געדויערט אַן אייביקייט. אַרום צוועלף אין האַלבער־נאַכט, דער אָנפירער פון רעסטאָראַן און די קעכין האָבן שוין געהאַט אויפ־געריומט דעם לאָקאַל, זיי האָבן זיך געגרייט אַוועקצוגיין, און איך קני. האָט דער רעסטאָראַטאָר געזאָגט צו מיר:

„איך מוז איצט פאַרשליסן דעם לאָקאַל. מיר גייט נישט אָן אייער קניִען. פון מיינעטוועגן קאָנט איר זיך לייגן שלאָפן אויפן דיל. נאָר גיט אַכטונג און לאָזט אייך נישט כאַפּן פון דעם „הונדע־פּירער", ער קאָן אייך „אָפּ־קנאַלן".

זיי האָבן אויסגעלאָשן די ליכטער, פאַרשלאָסן די טיר און זענען אַוועק. ציטערנדיק פון קעלט האָב איך זיך געלייגט שלאָפן אויפן דיל מיט דער מורא אַז דער „הונדע־פּירער" זאָל נישט אָנקומען און מיך געפינען אַ שלאָפנדיקן.

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט זעקס אַ זייגער אין דער פרי, ווען איך האָב

געהערט אויפשליסן די טיר. אַ פאַרשלאָפּענער און צעווייטיקטער האָב איך שנעל אַנידערגעקניט. עס איז אַריינגעקומען דער אָנפירער פונעם רעסטאָ־ראַן מיט דער קעכין. אַרום אַכט אַ זייגער האָבן אָנגעהויבן קומען פּאָלי־ציסטן צום עסן זייער פרישטיק. עס איז אויך געקומען דער „הונדע־פירער". ער האָט אָפּגעגעסן, אָנגעפּאַשעט אויך זיין הונט און דאַן איז ער צו מיר צוגעקומען און געזאָגט:

„שטיי אויף און קום מיט!"

ער האָט מיך געפירט אין זיין וווינונג. דאָרט האָט ער מיך געהייסן זיך אַוועקזעצן. ער האָט אַרויסגענומען זיין רעוואָלווער און אַוועקגעלייגט אויפן טיש, און געזאָגט:

„איך ווייס אַלץ וואָס דו האָסט גערעדט מיט דעם אַבראַם. איצט וויל איך דו זאָלסט מיר יעדן טאָג צו וויסן טאָן וועלכער ייִד עס פּאָרט אַוועק פון סטשעמיעשיץ, סיי פון וועלכער באַן־סטאַציע און סיי דעם געגנויען צוג־אָפּפאָר. אויב דו וועסט עס נישט טאָן... זעסט דעם רעוואָלווער? אויב נישט, וועל איך דיך ווי אַ הונט דערשיסן!" נאָך זיין ווילדקייט און דראָונג האָט ער אָנגעהויבן רעדן צו מיר ווייכער: „איך האָב געהערט, אַז דו ביסט אַ ייִד פון דייטשלאַנד. איך וועל דיר קיין שלעכטס נישט טאָן. ברענג מיר צוויי קילאָגראַם „באָנען־קאַפע" און צוויי וואָלענע שטאָפן פאַר מיר אויף אַן אָנצוג און פאַר מיין פרוי אויף אַ קאָסטיום. איך גיב דיר 48 שעה צייט. אויב דו וועסט עס מיר ברענגען, וועלן די ייִדן קאָנען האַנדלען מיט וואָס זיי וועלן וועלן. עס וועט מיך גאָרנישט אָנגיין. פאַרשטייסט?" האָט ער געגעבן אַ קוועטשט מיט אַן אויג. ער האָט אויפגעמאַכט די טיר און געוויזן מיט דער האַנט איך זאָל גיין און געזאָגט: „ביז איבערמאָרגן אין דער צייט".

איך בין אַרויס פון זיין שטוב ווי שיכּור, נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. ווּ נעמט מען צוויי קילאָ קאַווע און שטאָפן. קודם בין איך געגאַנגען אַהיים. אין דער היים האָט מען נישט געוווּסט וואָס מיט מיר איז געשען. איך האָב מיין מוטער אַלץ דערציילט, דערנאָך בין איך אַוועק צו דער אַרבעט אין פּאָליציי־אַמט. ביים אויפרוימען דאָס צימער האָט דער אויבערלויטנאַנט מיר גאָרנישט געפרעגט וועגן דעם וואָס ער האָט נעכטן אין אָוונט מיר געזען קניִען אין דעם פּאָליציי־רעסטאָראַן.

אין אָוונט, ווען איך בין אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט, בין איך אַוועק צו מיינס אַ קוזין, וואָס איז לאַנגע יאָרן געווען דער ראש־הקהל אין דער סטשעמיעשיצער קהילה. איך האָב אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע פון דעם יונגנמאַן אַברהם און פון מיר און דעם „הונדע־פירער" וואָס פאַר־

לאַנגט צוויי קילאָ קאַווע און צוויי קופּאָנען שטאָף. אויב ער וועט עס באַקו־מען, וועט דער „הונדע־פּירער" מער נישט טשעפּען קיין ייִדן אין שטעטל.

דער קוזין מיינער האָט גערופֿן נאָך עטלעכע ייִדן פֿון שטעטל, כּדי צוזאַמען באַשליסן וואָס צו טאָן. אייניקע זענען געווען דאַקעגן דעם „הונדע־פּירער" עפּעס צו געבן. זיי האָבן געטענהט, אַז אויב מען וועט אים געבן צוויי קילאָ קאַווע און צוויי קופּאָנען שטאָף, אַזוי וועט ער מאָרגן וועלן זעקס קילאָ קאַווע און צען קופּאָנען שטאָף. ווער ווייסט וואָס נאָך? צום שלוס האָט מען באַשלאָסן אים צו געבן אַ האַלבן קילאָ קאַווע און איין קופּאָן שטאָף. מיט דעם האַלבן קילאָ קאַווע מיטן שטאָף בין איך אַוועק צום „הונדע־פּירער" און אים געזאָגט: דאָס איז אַלץ וואָס איך פֿאַרמאָג. אַ האַלבן קילאָ קאַווע, וואָס עס איז אונדז געבליבן פֿון פֿאַרן קריג און דער שטאָף, פֿון וועלכן איך האָב מיר געוואָלט מאַכן אַן אַנצוג. מער האָב איך נישט. דער „הונדע־פּירער" איז געוואָרן אויפֿגעבראַכט און מאַניפּולירנדיק מיטן רעוואָל־ווער, האָט ער געשריגן:

„דו פֿאַרשאָלטענער ייִד, איך וועל דיך פּאַרטיק מאַכן! ביז מאָרגן וועל איך וואַרטן. אויב וועסטו מיר נישט ברענגען מינדסטנס אַ קילאָ קאַווע און אַ שטאָף פֿאַר מיין ווייב אויף אַ קאָסטיום, וועט זיין ביטער פֿאַר דיר און אַלע ייִדן". מיט ווילדער רציחה האָט ער מיך אָנגעכאַפּט ביים קאָלנער, אויפֿגעעפֿנט די טיר און אַ געשריי געטאָן: „אַרויס פֿון דאַנען, דו פֿאַר־שאָלטענער ייִד!"

כ'בין שנעל אַוועק. איך האָב זיך געמוזט איילן צו מיין אַרבעט אויפֿן פּאָליציי־אַמט. ס'איז מיר איינגעפֿאַלן אפשר וועגן דעם דערציילן דעם אויבערלויטנאַנט? האָב איך זיך דערמאָנט אַז ער האָט געמאַכט זיך נישט זען ווען ער איז פֿאַרבייגעגאַנגען בעת איך האָב געקניט אין עסזאַל פֿון דעם פּאָליציי־רעסטאָראַן. פֿון וואַנען נעמען נאָך אַ קילאָ קאַווע און שטאָף? אַפֿילו ווען איך וואָלט געוואָלט קויפֿן, זענען גראָד אין דער זעלבער צייט אין שטעטל אָנגעקומען דייטשע „טרויהענדער" (אַפּוטרופּסים־קאָמיסאַרן), וועלכע האָבן איבערגענומען די אָנפֿירונג פֿון אַלע ייִדישע געשעפֿטן און אונטערנעמונגען. בלויז אַריער האָבן געקאָנט, אויף אַ ספּעציעלן צוגעטיילטן „בעצוגסשיין", קויפֿן אַ שטאָף. די געלטער פֿאַר די פֿאַרקויפֿטע סחורות האָבן די „טרויהענדער" אַריינגעלייגט אין די בענק אויף אַן אַזוי גערופֿענער „שפּערקאָנטאָ". דער ייִדישער אייגנטימער האָט אָן אַ דערלויבעניש פֿון דער געסטאַפּאָ נישט געקאָנט באַנוצן דאָס געלט.

עטלעכע טעג שפּעטער, גייענדיק צו דער אַרבעט, האָט מיך אויפֿן וועג

באַגעגנט דער „הונדע־פירער". ער האָט מיר געהייסן מיטגיין מיט אים. ווידער אין זיין שטוב האָט ער מיר געפרעגט:

„פאַר וואָס האָסטו ביז היינט נאָך נישט געבראַכט דעם שטאָף מיט דער קאַווע?"

„הער וואַכטמייסטער, עס איז שווער צו באַקומען שטאָף. אין אַלע יידישע געשעפטן זענען דאָ דייטשע „טרויהענדער". שטאָפן פאַרקויפט מען נאָר צו אַריער, און קאַווע האָב איך נישט. איך האָב אין גאַנצן שטעטל זיך נאָכגעפרעגט — עס איז נישטאָ".

„אַזוי־אַזוי, עס איז נישטאָ", האָט ער מיר נאָכגעשפעט, „אין גאַנצן שטעטל זיך נאָכגעפרעגט, און עס איז נישטאָ. און וועלכער ייִד עס איז היינט אַוועקגעפאָרן, דאָס ווייסטו יאָ?"

„ניין, איך ווייס נישט".

„אַזוי, דו ווייסט נישט", איז ער צו מיר צו מיט אַ חיהשן געבריל און מיט רציחה מיך אָנגעהויבן צו שלאָגן. „ביז מאָרגן, פאַרשאָלטענער ייִד, וויל איך וויסן וועלכער ייִד עס איז אַוועקגעפאָרן. דו הערסט?!" מיט אַ פויסט האָט ער מיר אַ זעץ געטאָן אין די ציין, ברילנדיק ווייטער: „די געגוויע צייט און מיט וועלכער באַן־סטאַציע, פאַרשטייסט?!" — ער האָט אויפגעריסן די טיר, מיר געגעבן אַ שטאַרקן קאָפּ מיט זיין באַשטיוולטן פוס אין מיין הינטן.

קוים זיך שלעפנדיק און אַ פאַרבלוטיקטער האָב איך זיך מיט אַ קנאַפּער שעה פאַרשפעטיקט צו דער אַרבעט אינעם פּאָליציי־אַמט. זיך גענומען צום אויפרוימען, איז אַריינגעקומען דער אויבערלויטנאַנט. ער האָט געקוקט אויף מיר אַ ביסל ברוגזלעך:

„וואָס איז מיט איך? פאַר וואָס קומט איר מיט אַזאַ פאַרשפעטיקונג?"

אייניקע סעקונדעס האָב איך געשוויגן. זאָל איך אים דערציילן, אָדער גאָרנישט נישט זאָגן? איך האָב באַשלאָסן דערציילן אַז דער „הונדע־פירער" פייניקט מיך, איך זאָל אים ברענגען פאַרשידענע שטאָפן און קאַווע, און איך זאָל אים זאָגן ווער עס פאָרט שמוגלען לעבנסמיטל און סחורות. מיט וועלכן צוג און מיט וועלכער באַן־סטאַציע.

דער אויבערלויטנאַנט האָט געביסן זיינע ליפּן פון כּעס הלמאי מען רעספּעקטירט נישט זיינע באַפעלן. פון זיין מורמלען מיט כּעס און אויפברויז האָב איך פאַרשטאַנען אַז דער אויבערלויטנאַנט גרייט זיך עפּעס צו טאָן.

נאָך אַ פּאָר טעג האָט מען דעם „הונדע־פירער" אין סטשעמיעשיץ נישט מער געזען.

## די געזעלשאַפט „מוזע"

ביי מיין אַרבעט אויף דער פּאָליציי־סטאַציע האָט זיך עפּעס געענדערט. כ'האָב נישט באַדאַרפט מער קומען צו דער אַרבעט יעדן טאָג, נאָר יעדן צווייטן טאָג. איך האָב באַשלאָסן אַריינצופאַרן קיין בענדין און, אָפּגעזען פון אַלץ, ווייטער אָנפירן מיטן דראַמקרייז פון דער טעאַטער־ און מוזיק־געזעלשאַפט „מוזע". אַזוי האָבן מיר צווישן אַלע גזירות און צרות געזוכט אַ וועג צו ברענגען דאָס יידישע וואָרט, ליד און מוזיק צום געפּייניקטן יידישן מענטשן און דערמיט כאָטש אַ ביסל פאַרלייכטערן די פּיין.

עס איז אונדז געלונגען צו אָרגאַניזירן נאָך איין גרויסן „קליינקונסט־אָוונט", ווו אונטער מיין רעזשי האָט מיטגעווירקט דער דראַמקרייז און אויך דער סימפאָנישער אָרקעסטער אונטער דער לייטונג פון זאַלעק וויינבערג און דער כאָר מיטן כאָר־לייטער מענדל קאַנער.

מיר האָבן דעמאָלט געגעבן די פּערל פון דער קלאַסישער יידישער ליטעראַטור. דער אָרקעסטער האָט געגעבן אַ גוטן מוזיקאַלישן פּראָגראַם פון יידישער פאָלקס־ און קלאַסישער מוזיק; דאָס זעלבע דער כאָר, וואָס איז אויפגעטראָטן צוזאַמען מיטן אָרקעסטער.

פאַר מיין צייט איז עס געווען דער לעצטער גרויסער קינסטלערישער אָוונט פון דער טעאַטער־ און מוזיק־געזעלשאַפט „מוזע" אין בענדין, ווו כ'האָב ווי דער רעזשיסער און קינסטלערישער לייטער מיטגעווירקט. מיט דעם האָט זיך מיין טעאַטער־רעזשיסערישע קאַריערע ביי יידן אין פּוילן געענדיקט.

## אַ יודענראַט אין סטשעמיעשיץ

מאַניעק מערין, דער הויפּט פון דעם צענטראַלן יודענראַט אין סאָסנאָוויץ, האָט געשיקט איינעם פון זיינע מענטשן (פלאַשנבערג), ער זאָל ווי אַ קאָמיסאַר אָרגאַניזירן און אָנפירן מיטן יודענראַט אין סטשעמיעשיץ. ס'איז געווען דאָס יאָר 1940.

די דייטשן האָבן מיר פאַרבאָטן צו שרייבן ביטעס פאַר נישט־יידן;

און ביטעס פֿאַר ייִדן האָבן געמוזט געשריבן ווערן דורכן יודענראַט. דער קאָמיסאַר פלאַשנבערג האָט מיך אַרויסגערופֿן:

„מען האָט מיר דערציילט, אַז איר באַהערשט די דייטשע שפּראַך אין וואָרט און שריפֿט. פֿאַרלאַנג איך פֿון אייך אַז פֿון היינט אָן זאָלט איר אַרבעטן אינעם ביוראָ פֿון דער קהילה, ווו ס׳איז היינט דער יודענראַט".

„ליידער קאָן איך עס נישט טאָן", האָב איך אים געענטפֿערט, „איך אַרבעט אין פּאָליציי־אַמט, ביים אויבערלויטנאַנט".

ער איז אַוועק צום אויבערלויטנאַנט און ער האָט מיך באַפֿרייט פֿון דער אַרבעט. אַזוי האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן אינעם קהילה־ביוראָ, געשריבן ביטעס און אויסגעפֿירט אַנדערע ביוראָ־אַרבעטן.

בעת מיין אַרבעט אין יודענראַט האָב איך זיך געהאַט איבערצייגט, אַז פלאַשנבערג איז געווען אַן אָרנטלעכער מענטש, אָבער ער איז געשטאַנען אונטער אַ שטאַרקן דרוק פֿון דער סאָסנאָוויצער צענטראַלע. נישט געקוקט דערויף איז מיר טייל מאָל געלונגען אים צו באַאיינפֿלוסן און אַזוי אַרום אויסגעמיטן פֿאַרשידענע צרות אויף ייִדן. דאָס אַלץ איז געווען צייטווייליק.

מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אַ פּוילישער פּויער האָט צוגענומען עטלעכע מאָרגעס פֿעלד, וואָס האָבן געהערט צו אַ ייִד. אין אָנהייב מלחמה איז דער ייִד אַנטלאָפֿן. מיט דער הילף פֿון אויבערלויטנאַנט האָבן מיר אָפּגענומען דאָס פֿעלד און דאָרט איינגעאָרדנט אַ הכשרה פֿאַר זאַגלעמביער חלוצים. ס׳האָט זיך אין שטעטל געשאַפֿן אַ שאַפֿ, ווו עס האָבן געאַרבעט מענער און פֿרויען. עס איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קיך פֿאַר נישט־פֿאַרמעגלעכע; אַ קינדער־גאָרטן מיט באַשפּייזונג און אַנדערע הילף־אינ־סטיטוציעס.

צופֿעליק האָב איך זיך אין גאַס צונויפֿגעטראָפֿן מיט דעם אויבער־לויטנאַנט און ער האָט מיר געפֿרעגט צי איך ווייס, ווו עס וווינט אַ טאַפּע־צירער, וואָס זאָל פֿאַרריכטן זיין סאָפֿע און שטולן. איך האָב אים רעקאָמענ־דירט מיין ברודער וואָס איז געווען אַן ערשטקלאַסיקער טאַפּעצירער. פֿאַר איבערטאַפּיצירן דאָס מעבל האָט מיין ברודער יעדן טאָג באַקומען פֿון אויבערלויטנאַנט אַ ברויט. אין דער זעלבער צייט איז געקומען צו פֿאָרן אַ קרוב פֿון מאָניעק מעריץ, אויך אַ מעריץ, מיט אַ באַפֿעל פֿון צענטראַלן יודענראַט אין סאָסנאָוויץ, אַז די קהילה סטשעמיעשיץ מוז צושטעלן פֿופֿציק ייִדן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. דער דאָזיקער מעריץ און דער קאָמיסאַר פלאַשנבערג האָבן באַשלאָסן, אַז פֿון יעדער ייִדישער פֿאַמיליע זאָל גיין איינער אַ פֿרייוויליקער. פֿון אונדזער שטוב איז געגאַנגען מיין ברודער, סרוליק, דער טאַפּיצירער וואָס האָט געאַרבעט ביים אויבער־

לויטנאַנט. אַלע „פרייוויליקע״ זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין אַ לאָקאַל נעבן דער קהילה, ווו זיי זענען געהיטן געוואָרן פון אַ דייטשן פּאָליציסט.

אין דעם קהילה־ביוראָ, ווו איך האָב געאַרבעט, האָט זיך מיר צופעליק איינגעגעבן אַריינצוקוקן אין די ליסטעס פון די וואָס האָבן זיך „פרייוויליק״ צוגעשטעלט צו אַרבעט אין דייטשלאַנד. איך האָב באַמערקט, אַז די זין פון מער פאַרמעגלעכע ייִדן זענען פאַר אויסקויף־געלט באַפרייט געוואָרן און אויף זייער אָרט האָט מען גענומען זין פון אָרעמע פאַמיליעס. דאָס האָט מיך שטאַרק אויפגעבראַכט. ווען איך האָב מיט פלאַשנבערג גערעדט וועגן דעם, האָט ער מיר געזאָגט, אַז די קהילה אין סטשעמיעשיץ האָט נישט קיין געלט אויסצוהאַלטן די קיך און אַנדערע וויכטיקע אינסטיטוציעס. ער האָט אַ באַפעל פון צענטראַלן יודענראַט אין סאָסנאָוויץ צו האַנדלען ווי ער האָט געהאַנדלט, כּדי די קהילה־קאַסע זאָל האָבן געלט אויסצוהאַלטן די דאָזיקע אינסטיטוציעס. „דערפאַר דאַרפן באַשטראָפט ווערן קינדער פון אָרעמע פאַמיליעס?״ האָב איך געפרעגט. ער האָט געהויבן די פּלייצעס, געטאָן אַ קרעכץ און געזאָגט: „איך האָב נישט קיין עצה. איך מוז האַנדלען לויט די אינסטרוקציעס פון דער צענטראַלע אין סאָסנאָוויץ״. איך בין געווען צעבראָכן: פאַר וואָס זאָל מיין ברודער, צי אַן אַנדער יונגערמאַן, מוזן פאַרטרעטן אַ צווייטן ביי צוואַנג־אַרבעט אין דייטשלאַנד? די גזירה איז דאָך פאַר אַלע ייִדן גלייך, אָרעם צי רייך.

אַהיימגייענדיק פון דער אַרבעט האָב איך באַגעגנט דעם אויבערלויטנאַנט. ער האָט מיר געפרעגט פאַר וואָס מיין ברודער איז נישט געקומען צו אים ענדיקן די שטולן. כ׳האָב אים דערציילט די סיבה, מיין ברודער געפינט זיך אין לאָקאַל פון יודענראַט, כּדי אָוועקגעשיקט צו ווערן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. דער אויבערלויטנאַנט האָט מיט באַדויערן געזאָגט: „אַ שאָד, אַ שאָד, ער איז אַ גוטער פאַכמאַן.ליידער, דאָ קאָן איך גאָרנישט מאַכן — איך באַדויער זייער״. ביים אַוועקגיין האָט ער צו מיר געזאָגט: „וואַרט אַ רגע. היינט ביינאַכט, אַ זייגער צוועלף, ווערט געטוישט די וואַך ביים יודענראַט. דער צווייטער שומר קומט אַהין אַקעגן האַלב איינס. גענוג צייט איינער זאָל פאַרשווינדן״. דערביי האָט ער אַ קווועטש געטאָן מיט אַן אויג.

אַהיימקומענדיק האָב איך אָנגעשריבן אַ צעטל און בין אַוועק צום לאָקאַל פון יודענראַט, ווו מען האָט געהאַלטן די „פרייוויליקע״. אומבאַמערקט פאַר דער פּאָליציי האָב איך דורך די דראָטן פון פענצטער מכּלומרשט זיך געזעגנט מיט מיין ברודער און אים דערלאַנגט דאָס צעטלע, ער זאָל וויסן, אַז פון צוועלף ביז האַלב איינס אין האַלבער נאַכט איז קיין פּאָליציסט נישטאָ ביים לאָקאַל און ער קען מאַכן אַ ויברח. אין דער

פרי, ביי דער אַרבעט, האָב איך געהערט, אַז אַ גרעסערע צאָל „פּרייוויליקע״ זענען אַנטלאָפן פונעם קהילה־לאָקאַל. נישט נאָר מיין ברודער האָט געהאַט די געלעגנהייט צו אַנטלויפן נאָר אויך אַנדערע. קיינער האָט נישט געוווּסט ווו די נעלם געוואָרענע האָבן זיך באַהאַלטן.

באַלד דערנאָך איז געקומען אַ פּאָליציסט און מיך אַוועקגעפירט צום אויבערלויטנאַנט, וועמען איך האָב באַגעגנט אַן אויפגערעגטן, און ער האָט צו מיר געשריגן:

„צי זייט איר אַראָפּ פון זינען? צי ווייסט איר וואָס איר האָט געטאָן? ס׳איז געשען אַ שרעקלעכע זאַך!״

כ׳האָב זיך פאַרטיידיקט, אַז איך בין אין גאָרנישט שולדיק. איך האָב בלויז מודיע געווען מיין ברודער, אַז צווישן צוועלף און האַלב איינס אין דער מיט נאַכט קען ער נעלם ווערן״.

מיין פאַרטיידיקן זיך האָט נאָך מער אַרויסגעבראַכט דעם אויבער־לויטנאַנט פון די כלים:

„שווייגט! שווייגט!״ האָט ער זיך געטרייסלט פון כעס, „איר ווייסט וואָס ס׳איז געשען ביינאַכט?״

„יאָ, איך ווייס. איך באַדויער, הער אויבערלויטנאַנט״.

ער האָט מער נישט געקוקט אין מיין זייט און גערעדט ווי צו זיך אַליין:

„איצט וועלן מיר עס האָבן צו טאָן מיט דער געסטאַפּאָ. נעמט זיך עס אין זינען אַריין. ווי וועט זיין צו אייך. איך וועל אייך מער נישט קענען העלפן. איר קענט גיין״.

איך בין אַוועק מיט אַ שווער האַרץ. ס׳איז מיר נישט איינגעפאַלן, אַז דער אויבערלויטנאַנט האָט בכיוון געשיקט דעם פּאָליציסט מיט אַ האַלבע שעה שפּעטער, מיין ברודער זאָל האָבן אַ מעגלעכקייט צו אַנטלויפן. דער סוף איז געווען, אַז נאָך עטלעכע טעג איז דער אויבערלויטנאַנט אָפּגערופן געוואָרן פון סטשעמיעשיץ.

נאָך דעם ווי אַ צאָל „פּרייוויליקע״ זענען אַנטלאָפן זענען אויך די געבליבענע באַפרייט געוואָרן און אין שטעטל האָט מען געגלויבט, אַז די גזירה צו שיקן אַרבעטער קיין דייטשלאַנד איז אָפּגערופן געוואָרן. דער דערלעגירטער מערין איז צוריקגעפאָרן קיין סאָסנאָוויץ.

די גזירה איז נישט בטל געוואָרן. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, האָט מיך אַ האַסטיק קלאַפּן אין דער טיר אין פריִען פרימאָרגן אַרויסגעריסן פון שלאָף. ס׳האָבן זיך אַריינגעשטעלט צוויי פּאָליציסטן, וואָס איך האָב זיי ביידע געקענט. זיי האָבן באַפוילן איך זאָל זיך שנעל אָנטאָן און מיטגיין מיט זיי. בלויז איינער האָט מיך באַגלייט צו דער פּאָליציי, בעת דער צווייטער

איז אַריין אין דער וווינונג פון אַ שכן. וועגן דעם וואָס האָט מיך באַגלייט האָב איך געוווּסט פון דעם וואָס ער האָט מיר אַ מאָל דערציילט, אַז ער שטאַמט פון ווין, ער איז אַ קונסט־מאָלער. ווייל ער איז פאַר היטלערס אַנעקסירן ווין געווען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, האָט מען אים אַריינגעשטופּט אין דער פּאָליציי. אויף מיין פראַגע פאַר וואָס ער פירט מיך צו דער פּאָליציי, האָט ער געענטפערט:

„איך גלויב עס האָט צו טאָן מיט דעם אַנטלויפן פון די יונגע ייִדן פון קהילה־לאָקאַל. גאַנץ שימענשיץ (אַזוי האָבן די דייטשן גערופן דאָס שטעטל סטשעמיעשיץ) איז אַרומגעשטעלט פון עס־עס־לייט און אַלע יונגע ייִדישע מענער און פרויען וועלן היינט צוזאַמענגענומען ווערן און אַוועקגעשיקט ווערן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט". און באַלד האָט ער צוגעגעבן: „טאָמער ווילט איר זיך אויסבאַהאַלטן, קאָנט איר עס איצט טאָן. אָבער איר מוזט זיך גוט באַהאַלטן. אויב מען וועט אייך כאַפּן וועט איר דערשאָסן ווערן".

איך האָב אים פאַרגעשלאָגן ער זאָל מיך איינשליסן אין קעלער פון דער פּאָליציי ביז דער שטורעם וועט אַריבער. אַנטקעגן אונדז איז מיט געוויין אַנגעלאָפן די פרוי פון אַ סטשעמיעשיצער שוחט:

„דערבאַרעמט אייך! מען האָט צוגענומען מיין מאַן. ער איז אַן עלטער־רער מענטש. איך בעט אייך, רעדט מיט ,אדון׳, מען זאָל אים באַפרייען".

דערווייל זענען נאָך אַנדערע ייִדישע פרויען אָנגעקומען. מען האָט גענומען זייערע זין. דער פּאָליציסט האָט חרטה געהאַט און געזאָגט צו מיר:

„מיין ליבער, עס טוט מיר לייד, איצט, ווען די מענטשן האָבן אונדז בײדע געזען, מוז איך אייך ברענגען צום זאַמלפּלאַץ, אַזוי ווי דער באַפעל איז, צום שטורמבאַנפירער מאַיאָר לינדנער".

אויפן זאַמלפּלאַץ זענען שוין געווען אַ סך געכאַפּטע ייִדן. זיי זענען געווען אַרומגערינגלט פון פּאָליציי און עס־עס־לייט מיט הינט, וואָס האָבן נישט אויפגעהערט צו בילן. דער פּאָליציסט איז צו צום שטורמבאַנפירער און אים אויף אַ קול געמאָלדן, אַז ער האָט געבראַכט דעם אַרעסטירטן ייִד זיינוועל פעדער. לינדנער האָט מיר באַפוילן איך זאָל זיך נישט רירן פונעם פּלאַץ ווו איך שטיי.

אַ מיידל פון אַ יאָר פופצן האָט אַ וויינענדיקע זיך דערנענטערט צו מיר און געבעטן איך זאָל רעדן מיט דעם „גדול", אַז מ׳האָט איר קראַנקן פאָטער אַרויסגענומען פון בעט. זאָל מען אים באַפרייען. און אָט האָב איך געזען ווי מען פירט דעם שוחט, וואָס זיין ווייב האָט מיר פריִער געבעטן איך זאָל זאָגן לינדנערן, אַז איר מאַן איז אַן עלטערער מענטש. לינדנער איז געשטאַנען אַ דריי טריט פון מיר. האָב איך זיך געוואָנדן צו אים:

„דערלויבט מיר, הער שטורמבאַנפירער, איך אַרבעט אינעם ביוראָ פונעם יודענראַט, וויל איך איך אויפמערקזאַם מאַכן, אַז דער מאַן איז אַן עלטערער און שוואַכער מענטש", האָב איך אַנגעוויזן אויפן שוחט.

מיט מיין ווענדונג האָב איך זיך איינגעהאַנדלט אַ שמיץ מיט זיין רייטבייטש.

„אַז איר אַרבעט אין דעם ביוראָ פון יודענראַט, דאָס וויס איך. אָבער איך האָב אייך באַפוילן איר זאָלט שטיין אויף אייער פּלאַץ און זיך פון דאָרט נישט אַוועקרירן. איר האָט עס באַנומען?" מיין אינטערווענץ האָט געהאַט אַ פאַרקערטע ווירקונג. לינדנער האָט באַפוילן אַ פריזירער, ער זאָל דעם שוחט אָפּגאָלן די באָרד, און פאַראָרדנט אַ פּאָליציסט זאָל ברענגען די „פּאַלצוווקע" פון שוחט.

דער פריזירער האָט דעם שוחט אָפּגעגאָלט די באָרד, און אין דער צייט האָט דער פּאָליציסט געבראַכט צו לינדנערן דעם שוחטס „פּאַלצוווקע". דער אכזר האָט אַריינגעקוקט אין דער לעגיטימאַציע און געקוקט אויפן אָפּגעגאָלטן שוחט, וועלכער האָט איצט אויסגעזען אַ סך ייִנגער ווי ער איז געווען. לינדנער האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר און געברילט:

„דער אַ איז ביי אייך אַן אַלטער מאַן?! ער איז אַ קרעפּטיקער ייִד, ער קאָן נאָך פיל לייסטן!" ער האָט זיך דערנענטערט צום שוחט, אים געגעבן אַ שמיץ מיט זיין רייטבייטש און קוויטשענדיק באַפוילן:

„אַרויף צום דאָקטער, אָבער פּיקס, שנעל!"

אַ דאָקטער פון דער עס־עס האָט אונטערזוכט די געכאַפּטע ייִדן, צי זיי זענען גענוג געזונט אַוועקגעשיקט צו ווערן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט.

לינדנער איז געשטאַנען פאַר דעם קראַנקן לייזער גרין. זיין טאָכטער האָט געקוקט צו מיר פון דער וויטנס איך זאָל איר העלפן. און כאָטש כ'האָב פריִער באַקומען אַ קלאַפּ פאַר רירן זיך פון פּלאַץ, דאָך האָב איך ווידער אַ מאָל זיך געוואַנדן צו לינדנערן:

„הער מאַיאָר, איך בעט אַנטשולדיקונג פאַר דעם וואָס איך בין אַוועק פון מיין פּלאַץ. דער ייִד, לייזער גרין, איז אַ קראַנקער מענטש, מען האָט אים אַרויסגענומען פון בעט".

„צום טייוול!" האָט ער זיך צעשריגן. „צי ער איז געזונט צי קראַנק, וועט דער דאָקטער פעסטשטעלן". און ווידער מיר מזכּה געווען מיט אַ שמיץ מיט דער בייטש איבער מיין פּנים און מיר געוואָרנט איך זאָל האַלטן פאַרמאַכט דאָס מויל.

קורץ נאָך דעם איז לייזער גרין אַראָפּגעקומען פונעם דאָקטער מיט אַ צעטל צו לינדנערן, אַז ער איז פריי. (אַגב, האָב איך דעם ייִד, אין די

זיבעציקער יאָרן, שפּעטער באַגעגנט אין ישראל). לינדנער האָט דעם באַפּרייטן געהייסן זיך אַוועקשטעלן אין אַ זייט, און געפרעגט דעם עס־עס־מאַן, וואָס איז געזעסן ביי אַ טישל מיט ליסטעס און געשריבן:

„אונטערשטורמפירער היינצע, וויפל פעלט צום קאָנטיגענט?"

„נאָך איינער!" איז געווען דער ענטפער.

דאָ האָט זיך לינדנער אַ דריי אויס געגעבן צו מיר און געזאָגט:

„אַזוי ווי דער דאָזיקער ייִד איז אַ קראַנקער און עס פעלט נאָך איינער, וועט איר זיין דער איינער. האָפּ־האָפּ! שנעל־שנעל!" און ער האָט מיר ווידער געגעבן אַ שמיץ מיט זיין בייטש. „אַרויף צום דאָקטער! נו־נו, אַ ביסעלע שנעלער!"

איך בין אַרויף צום דאָקטער, וואָס האָט קוים מיך אָנגעקוקט און געגעבן אַ געשריי צו אַן עס־עס־מאַן, וואָס האָט פאַרצייכנט אין אַ רשימה:

„אַרבעטספּעיִק!"

מ'האָט מיך אָנגעשלאָסן צו דער גרופּע אַרבעטספּעיִקע וואָס איז שטאַרק געהיטן געוואָרן פון די עס־עס־לייט מיט זייערע הינט. אַלע אַנדערע זענען באַפּרייט געוואָרן.

אונדז, די אַרבעטספּעיִקע, האָט מען אַרויפגעזעצט אויף שטאַרק־באַ־וואַכטע טראַנספּאָרט־אויטאָס און אַוועקגעפירט קיין סאָסנאָוויץ אין אַ דורכגאַנגס־לאַגער. נאָך צוויי טעג אינעם לאַגער בין איך און אויך מיין חבר יחזקאל זאַנדער, אַ זון פון סטשעמיעשיצער רב, אַרויסגענומען געוואָרן פון דער גרופּע מיט נאָך אַנדערע און מיר זענען אָפּגעפירט געוואָרן אין אַ יודען־לאַגער נעבן שטעטל דערפּלעס אין סודעטן־געביט. דאָס איז געווען דעם 13טן מאַי 1941.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, ווען איך האָב זיך געטראָפן מיט מיינע צוויי ברידער אין לאַגער בונצלאַו, האָבן זיי מיר דערציילט וואָס דעמאָלט איז ווייטער געשען:

מיין מוטער, ווי זי האָט געהערט אַז מען האָט מיך צוגענומען אויף אַוועקצושיקן קיין דייטשלאַנד, האָט געהאַט גרויס צער. זי האָט געוווּסט, אַז מען זוכט מיך מחמת מיינע אַנטי־היטלעריסטישע טעטיקייטן סיי אין דייטשלאַנד און סיי אין פּוילן. זי איז אַרויף צו איר פריינדין, די הייבאַם, וואָס האָט מיטגעאַרבעט אין פּוילישן אונטערגרונט, און איר געבעטן, זי זאָל העלפן מיך באַפּרייען, ווייל אויך איך האָב זיינערצייט, געהאָלפן איר פריינד, דעם פּוילישן אָפיציר, ווען ער איז געווען אין קלעם, נישט געהאַט קיין „פּאָלצוווקע".

די הייבאַם האָט צוליב איר אונטערגרונט־טעטיקייט געהאַט אַ „ליב־האָבער״, אַ דייטשן קרימינאַל־באַאַמטן. האָט זי ביי אים געפּועלט, ער זאָל מיך אַרויסנעמען פון דעם סאָסנאָוויצער „דורכגאַנגס־לאַגער״, מיטן אויס־רייד, אַז די קאַטאָוויצער קרימינאַל־פּאָליציי זוכט מיך. דערפאַר נעמט ער מיך מיט קיין קאַטאָוויץ צו אַן אויספאָרשונג. לינדנער האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, האָט ער באַפוילן, מען זאָל מיך גלייך אָוועקשיקן מיט דער גרופּע וואָס פאָרט אָפּ קיין דערפלעס אין טשעכיע. עס האָט געפעלט צו דער צאָל אַחוץ מיר, נאָך איינער — יחזקאל זאַנדער, דעם סטשעמיעשיצער רבס אַ זון. ער איז גראָד געשטאַנען און זיך מיט מיר אונטערגעהאַלטן, האָט מען אויך אים גענומען.

אויף באַוואַכטע לאַסט־אויטאָס זענען מיר געפאָרן אַ גאַנצן טאָג. טויט מידע און הונגעריקע זענען מיר שפּעט ביינאַכט אָנגעקומען קיין דערפלעס אינעם דאָרטיקן „יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגער״ (צ.א.ל.).*

אינעם שטעטל סטשעמיעשיץ האָט מען שפּעטער, ווי אין אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלעך, געמאַכט אַ געטאָ פאַר ייִדן, נאָר אַזוי ווי איך בין אין דער צייט דאָרט נישט געווען, טו איך עס נישט באַשרייבן. איינס ווייס איך, אַז צום סוף האָט מען אַ גרויסע צאָל ייִדן פאַרשיקט אין צוואַנגס־אַרבעטס־ אָדער פאַרניכטונגס־לאַגערן. אַזוי אויך מיינע צוויי ברידער און איין שוועסטער, וועלכע איז אַ וואָך נאָך דער באַפרייונג פון בערגען־בעלזען, דאָרט אין גרויס יסורים געשטאָרבן.

מיין מוטער, דריי שוועסטער, אַ שוואָגער און זייערע קינדער, זענען מיט דעם רעשט פאַרבליבענע ייִדן אין סטשעמיעשיץ, בעת דער אויסזיד־לונג, דעם 6טן יוני 1943, געוואָרן דערשאָסן, אָדער פאַרגאַזט אין אוישוויץ — השם ינקום דמם!

---

* אַזוי לאַנג ווי עס זענען געווען די „יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגערן״, איז דאָס ייִדישע לאַגער־פּערסאָנאַל, ווי דער יודענעלטסטער, לאַגערשרייבער, קאָלאָנען־עלטסטער, דאָקטער, קראַנקנשוועסטער אָדער קראַנקנברודער מיטגעשיקט געוואָרן אין לאַגער פון סאָסנאָוויצער צענטראַלן יודענראַט, ווו משה מערין איז געווען דער אָנפירער. אויך דער יודענעלטסטער האָט געקאָנט באַשטימען קאָלאָנען־עלטסטע, פאָראַרבעטער, שטובנעלטסטע, און אַנדערע לאַגער־אַרבעטער, ווי שוס־טערס, שניידערס, קוכערס, קוך־אַרבעטער אאַז״וו.

## דער „יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגער"
## אין דערפּלעס

דער „יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגער" (צ.אַ.ל.) איז געלעגן נעבן שטעטל דערפּלעס, אין די טשעכישע סודעטן־בערג. דאָרט האָט מען אויך געבויט אַ טייל פון דער באַרימטער „רייכס־אױטאָבאַן", וואָס האָט געפירט פון דער דײַטשער שטאָט דרעזדען קיין ווין (עסטרייך).

ביים בויען די דאָזיקע אויטאָסטראַדע האָבן געאַרבעט דײַטשן און טשעכן ווי אויך קריגס־געפאַנגענע, פרייע אַרבעטער און צוואַנגס־אַרבעטער („העפטלינגע") פון אַלע לענדער, וועלכע די דײַטשן האָבן אָקופּירט.

נאָך אַ טאָג פאָרן זענען מיר שפּעט בײַנאַכט, טויט מידע און אויס־געהונגערטע, אָנגעקומען קיין דערפּלעס צום לאַגער. ס'האָט זיך פאַר אונדז געעפנט אַ ברייטער טויער, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט שטעכיקע דראָטן. די אויטאָס זענען אַרײַנגעפאָרן אין לאַגער און געבליבן שטיין אויף אַ גרויסן פּלאַץ, וואָס איז געווען באַלויכטן ווי מיט טאָגליכט. די טיר פון דעם טראַנספּאָרט־אויטאָ האָט זיך אויפגעמאַכט און איינער פון די עס־עס־לייט, וואָס האָט אונדז באַגלייט, האָט זיך געוואָנדן צו אונדז מיט די ווער־טער:

„מיר זענען אָנגעקומען אויפן פּלאַץ. איצט, אַרויס פון וואָגן, אָבער שנעל!"

שנעל זענען מיר אַרויסגעשפּרונגען פון אויטאָ און האָבן פאַר זיך דער־זען אַ ריזיקן פּלאַץ. פון ביידע זײַטן פּלאַץ — צוויי לאַנגע רייען הילצערנע באַראַקן. אַרום דעם פּלאַץ מיט די באַראַקן — אַ הויכער פּאַרקאַן פון גע־פלאָכטענע שטעכיקע דראָטן און אין אַלע פיר עקן פונעם לאַגער — היל־צערנע טורעמס. אויף יעדן טורעם אַן עס־אַ־מאַן מיט מאַשין־געווער. פון די טורעמס האָבן ריזיקע רעפלעקטאָרן באַלויכטן דעם לאַגער. אַרום האָט געהערשט אַן אימהדיקע שטילקייט.

מיר זענען געבליבן שטיין פאַרלוירענע און מיט קלאַפּנדיקע הערצער. געוואַרט אויף אונדזער ווייטערדיקן גורל. דערווייל זענען אָנגעקומען נאָך עטלעכע טראַנספּאָרט־אויטאָס מיט ייִדן, וועלכע מען האָט געהייסן זיך צושטעלן צו אונדז — צו דריי הינטער אַנאַנדער, אין צוויי רייען און מען האָט אונדז געציילט.

עס איז אָנגעקומען אַן עס־אַ־מאַן, אַן אָפיציר, מיט צוויי ייִדישע אַסירים. איינער פון די עס־עס־לייט, וואָס האָט אונדז באַגלייט, האָט זיך דערנענטערט צום עס־אַ־אָפיציר, דערלאַנגט אים אַ פּאַפּיר און געזאָגט:

„הער לאַגער־פירער, איך איבערגיב אייך 62 יודען־העפטלינגע. כ׳בעט אונטערשרייבן".

דער לאַגער־פירער האָט אונדז נאָך אַ מאָל איבערגעציילט, אַ ברום געטאָן: „עס שטימט!" אונטערגעשריבן דעם פּאַפּיר און עס דערלאַנגט דעם עס־עס־מאַן. דער עס־עס־מאַן האָט צוזאַמענקלאַפּנדיק די קנאַפּל, געדאַנקט דעם אָפיציר מיטן טיטל שטורמפירער און איז אַוועק צו זיין אויטאָ. צוזאַמען מיט אים זענען אַוועק אויך אַלע אַנדערע עס־עס־לייט, וואָס זענען איינגעשטיגן אין אויטאָס און אַוועקגעפאָרן.

די צוויי ייִדן, וואָס זענען געקומען מיטן לאַגער־פירער, זענען צו אונדז צוגעקומען. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, איז איינער געווען דער יודענעלטסטער און דער צווייטער — דער לאַגער־שרייבער. דער לאַגער־שרייבער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ קליין טישל און דאַן האָט ער יעדן איינציקן פון אונדז פאַרשריבן אויף פאָרמולאַרן וואָס ער האָט מיטגעבראַכט — ווי יעדער איינער הייסט, ווען ער איז געבוירן, ווו געבוירן, און וואָס ס׳איז זיין פּראָפעסיע. נאָך דער רעגיסטראַציע האָט מען אונדז צוגעפירט צו דער קיך־געביידע, ווו מען האָט יעדן פון אונדז געגעבן אַ פּאָרציע ברויט פון 200 גראַם, אַ שטיקל מאַרגאַרין מיט צוויי פענעצלעך בלוט־וווּרשט, אַ לעפל צוקער און אַ לעפל מאַרמעלאַד. „דאָס איז אייער שפּייז־צוטיילונג אויף מאָרגן צו דער אַרבעט", האָט מען אונדז געמאָלדן.

ווידער האָבן מיר זיך אויסגעשטעלט אין צוויי גרופּן, צו דריי הינטער אַנאַנד, און געוואַרט ביז מען האָט אונדז צוגעפירט צו די באַראַקן. אין איין באַראַק האָט מען אַריינגעלאָזט די ערשטע צוויי און דרייסיק אַסירים און אין אַ צווייטן באַראַק די אַנדערע דרייסיק. כ׳בין געווען מיט דער ערשטער גרופּע פון 32. פון ביידע זייטן באַראַק זענען געשטאַנען הילצערנע קויקעס און אויף זיי שטרויזעק מיט שטרויענע קישנס. צווישן יעדע צוויי קויקעס איז געשטאַנען אַ בלעכן שענקל מיט פאַכן — פאַר צוויי פּערזאָן אין שענקל, פאַר זייערע זאַכן. אין דער מיט פון באַראַק, צווישן די צוויי רייען קויקעס, זענען געשטאַנען צוויי לאַנגע טישן מיט בענק. באַלד האָט יעדער פון אונדז באַקומען זיין „אויסשטייער": אַ דעק אויף צודעקן זיך, אַ בלעכענע שיסל מיט אַ לעפל, אַ טעפּל אויף קאַווע, אַ שטיקל זייף, וואָס האָט אויסגעזען ווי גרינער קרייד, אָדער ליים, און אַ האַנטעך. דערנאָך האָט מען יעדן געוויזן זיין קויקע און אויך דעם טייל „שפּינד", ווי די דייטשן

האָבן געררופן דאָס בלעכענע שענקל אויף אַריינצולייגן זיינע זאַכן. אין דער מיט פון צורעכטמאַכן די שטרויזעק און זיך איינאָרדענען איז פּלוצעם אַריינגעקומען דער יודענעלטסטער און אַ געשריי געטון:

„אַכטונג, אַכטונג! הערט זיך גוט צו! איר געפינט זיך אין אַ דייטשן צוואַנגס־אַרבעט־לאַגער. דאָ הערשט אַ שטרענגע דיסציפּלין. פאַר דעם מינדסטן נישט געהעריקן אויספירן די לאַגער־געזעצן ווערט מען שווער באַשטראָפט. מאָרגן וועט פאַר אייך באַשטימט ווערן אַ שטוב־עלטסטער. אין דער שטוב וועט איר שטיין אונטער זיין באַפעל. איר זאָל אים פאָלגן, וואָס ער וועט הייסן טאָן, ווייל ער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אָרדענונג, ריינקייט און פּינקטלעכקייט אין דער שטוב. איצט לייגט זיך שלאָפן. אין צען מינוטן אַרום וועט דאָס ליכט ווערן אויסגעלאָשן. מאָרגן פּינקטלעך פינף אַ זייגער וועט מען אייך וועקן, איר זאָלט באַלד אַראָפּ פון די בעטן, שנעל זיך אָנטאָן און גיין אין וואַש־באַראַק זיך אַרומצווואַשן. דאַן וועלן צוויי פון אייך, וועלכע איר וועט באַשטימען, גיין אין דער קיך, נעמען פאַר אייך אַלעמען אַ קריגל קאַווע. פונקט האַלב זעקס אַ זייגער איז דער אַפּעל. צום אַפּעל מוז יעדער זיין פּינקטלעך, אויפן אַפּעלפּלאַץ, ביי זיין קאָלאָנע. דער־ווייל זייט איר, די היינט געקומענע, אַ קאָלאָנע פאַר זיך. איר זאָלט אייך אויסשטעלן צו דריי הינטער אַנאַנד און אין גראָדע רייען. ביים אַפּעל איז פאַרבאָטן צו רעדן, אַפילו שטילערהייט. איך וואָרן אייך, נישט פאַרשפּעטיקן צום אַפּעל. דער וואָס פאַרשפּעטיקט אָדער פעלט ביים אַפּעל, ווערט האַרב באַשטראָפט. צוזאַמען מיט דעם פאַרשפּעטיקטן קען אויך די גאַנצע קאָלאָנע אָדער שטוב, צו וועלכער ער געהערט האַרב באַשטראָפט ווערן. איינער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן צווייטן. מאָרגן אין דער פרי וועט איר צוגעטיילט ווערן צו די אַרבעטס־קאָלאָנעס און איר וועט אַרויסמאַרשירן צו דער אַרבעט. פאַרשטאַנען ?!"

„יאָ!" האָבן עטלעכע קוים אַרויסגערעדט מחמת מידקייט.

„איך פרעג", האָט דער יודענעלטסטער אויסגעשריגן, „צי האָט איר פאַרשטאַנען ?!"

„יאָ!" האָבן אַלע איצט שוין העכער אויסגערופן.

ער האָט געזאָגט אַ גוטע נאַכט און איז אַוועק.

אויסגעמאַטערטע פון גאַנצן טאָג און צעווייטאָגטע האָבן מיר זיך אויס־געטאָן און זיך געלייגט שלאָפן. דאָס ליכט האָט זיך פאַרלאָשן. אין ערשטן מאָמענט איז געוואָרן שטאָק פינצטער, אָבער באַלד האָט מען זיך צוגעוווינט צו דער דאָזיקער פינצטערניש. פון דרויסן האָט אַריינגעלויכטן דער אָפּשיין פון די ריזיקע רעפלעקטאָרן פון די וואַך־טורעמס.

יעדער איינער איז געלעגן אויף זיין קויקע מיט זיינע מחשבות און פאַרלוירנקייט. ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק איז מען נאָך געווען אין דער היים, ביי טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער, אָדער מיט ווייב און קינדער. איצט איז מען ערגעץ ווו אין טשעכיע, אין די בערג, אויף אַ האַרטן שטרויזאַק, מיט דעם אומבאַקאַנטן גורל וואָס ס׳דערוואַרט.

נאָך אַ צייט ליגן און טראַכטן בין איך איינגעשלאָפן מיט אַ קאָשמאַרן שלאָף, וואָס האָט לאַנג נישט געדויערט, ווארום פּלוצעם האָבן זיך אָנגעצונדן די צוויי עלעקטרישע לעמפּלעך און עס האָט זיך דערהערט אַ געשריי:

„אויפשטיין! אויפשטיין! אין צוואַנציק מינוטן אַרום דער אַפּעל! שנעל! שנעל! אַראָפּ פון די בעטן!" שרייענדיק איז דער אויפוועקער אַדורכגעגאַנגען דעם באַראַק און ביי אייניקע נאָך שלאָפנדיקע אַראָפּגעשלעפּט די קאָצן און איז אַרויס.

אין ערשטן מאָמענט האָב איך נישט געוווּסט ווו איך בין. צי איז עס אַ חלום צווישן די אַלע פריִערדיקע קאָשמאַרע חלומות? געמיינט, אַז איך חלום די קאָשמאַרן אין דער היים און זיך געוואָלט אויפוועקן פון זיי. באַלד בין איך געקומען צו זיך און באַגריפן אַז דאָס איז די ווירקלעכקייט. איך בין אַראָפּ פון דער קויקע, זיך אָנגעטאָן, גענומען דאָס האַנטעך מיטן שטיקל זייף און געלאָפן מיט נאָך אַנדערע זוכן דעם וואַש־באַראַק.

אין דעם וואַש־באַראַק זענען געווען צוויי לאַנגע רייען מיט אַ צענדליק וואַסער־קראַנען און אין די זייטן אויפן באַלקן — עטלעכע טושן. יעדער האָט צוגעאיילט צו אַ וואַסער־קראַן, אייניקע האָבן זיך געטושט. אַלץ איז געגאַנגען אין אַ שנעלקייט פון מינוטן, און מען איז צוריקגעלאָפן אין באַראַק אַריין. אויפן וועג האָט מען באַגעגנט באַקאַנטע, אָבער ס׳איז נישט געווען קיין צייט צו רעדן, אַחוץ לויפנדיק אויסצושרייען אַ פּאָר ווערטער:

„אוי, משה, דו ביסט אויך דאָ?!"

משה האָט געענטפערט, אויך לויפנדיק:

„יאָ, שוין לאַנג, פיר חדשים", און איז אַוועק.

אין באַראַק האָט מען איילנדיק געטרונקען דאָס ביסל ברוינע וואַסער, וואָס האָט געהייסן „קאַווע", וואָס צוויי חברים האָבן געהאָט געבראַכט פון דער קיך. פאַרביסן מיט אַ פיצל ברויט. מען טאָר נישט מער. מען מוז דאָס רעשט שטיקל ברויט באַהאַלטן אויף שפּעטער, ביי דער אַרבעט. ס׳וואַרט אַ לאַנגער טאָג. פּלוצעם האָט עס אָנגעהויבן קלינגען מיט אַ שווערן גלאָקן־געקלאַנג, און ס׳האָט זיך דערהערט אַן אויסגעשריי:

„אַפּעללל! אַפּעללל! אַלע אַרויס צום אַפּעל! שנעל, שנעל!" דאָס האָט

אַ העפטלינג געשריגן און מיט אַ האַמער געקלאַפּט אין אַ שטיק אייזערנע באַן־שינע.

קוים אַראָפּגעשלונגען ס׳ביסל ברוינע וואַסער מיטן פּיצעלע ברויט, זענען מיר איילנדיק אַרויס זיך אַוועקצושטעלן אין דער קאָלאָנע, ווי עס איז אָנגעזאָגט געוואָרן דעם אָוונט פריער. אַ העפטלינג מיט אַ ווייסער לענטע אויפן אָרעם, מיט דער אויפשריפט „קאָלאָנענעלטסטער״, האָט אונדז געוויזן אויף וועלכן אָרט און ווי אַזוי מיר זאָלן זיך אַוועקשטעלן.

דער אַפּעלפּלאַץ איז פול געוואָרן מיט אויסגעשטעלטע קאָלאָנעס. פאַר יעדער קאָלאָנע — אַ קאָלאָנענעלטסטער וואָס האָט געציילט די העפטלינגע פון זיין גרופּע.

„אַכטונג!״ האָט דער קאָלאָנענעלטסטער אַ געשריי געטאָן און צוגע־געבן: „שטילשטאַנד! אויסגלייכן די רייען!... אָפּציילן!״ דער ערשטער פון דער קאָלאָנע האָט אויסגעדרייט זיין קאָפּ צום חבר פון זיין רעכטער זייט און אויסגעשריגן: „איינס!״ דער צווייטער — „צוויי!״ און אַזוי ווייטער. ווען דער לעצטער פון דער קאָלאָנע האָט אויסגעשריגן די אַלגעמיינע צאָל צום קאָלאָנענעלטסטן, איז ער, דער קאָלאָנענעלטסטער, צוגעלאָפן צום יודענ־עלטסטן, מיליטעריש זיך געשטעלט פאַר אים און געמאָלדן:

„הער יודענעלטסטער, דער קאָלאָנענעלטסטער משה שיינערמאַן מעל־דעט אייך: די קאָלאָנע ,שולצע׳ (אַמאָל האָט מען אויך די קאָלאָנע גערופן לויטן נאָמען פון דעם מייסטער, ביי וועלכן די קאָלאָנע האָט געאַרבעט) מיט צוויי און זעכציק יודען־העפטלינגע זענען גרייט אַוועקצומאַרשירן צו דער אַרבעט. צאָל שטימט״.

דער יודענעלטסטער האָט געמאַכט אַ צייכן אין זיין ליסטע און דער קאָלאָנענעלטסטער האָט זיך צוריק אַוועקגעשטעלט אין זיין קאָלאָנע און געוואַרט אויפן באַפעל אָפּצומאַרשירן.

אַזוי זענען אַלע קאָלאָנענעלטסטע, איינער נאָכן אַנדערן צוגעלאָפן צום יודענעלטסטן און געמאָלדן די צאָל העפטלינגע אין זייערע קאָלאָנעס. טייל מאָל האָט אַ קאָלאָנענעלטסטער צו זיין מעלדונג צוגעגעבן: „איינער טויט, צוויי קראַנק — ליגן אין קראַנקן־צימער״. אָדער: „איינער פעלט!״ דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן אַ זוכעריי — צי איז נישט דער פעלנדיקער אַנטלאָפן? אויב יאָ, ווען מען האָט אים געכאַפּט, איז די שטראָף געווען טויטשטראָף. זיי האָבן אכזריותדיק אים דערהרגעט, אָדער אים אויפגעהאַנגען. ווען מען האָט אים נישט געכאַפּט האָט מען אַלע העפטלינגע אין לאַגער שווער באַ־שטראָפט, באַזונדערס די חברים פון זיין באַראַק אָדער פון זיין קאָלאָנע,

דערפֿאַר ווייל זיי האָבן נישט געהעריק אַכטונג געגעבן ער זאָל נישט אַנט־
לויפֿן. „איינער איז פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַרן צווייטן".

אין אונדזער באַראַק האָט איין מאָל פּאַסירט: אַן אסיר האָט געזען
אַז ביזן אַפּעל זענען געבליבן אַ פּאָר מינוטן צייט. האָט ער זיך צוגעלענט
אויף זיין קויקע און איז איינגעשלאָפֿן. די חברים פֿון דער שטוב האָבן עס
נישט באַמערקט און אים נישט געוועקט. ער האָט געפֿעלט צום אַפּעל.
דער גלאָק האָט זיך צעקלונגען. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ זוכעריי אין
לאַגער און אַרום דעם לאַגער. די קאָלאָנעס זענען געשטאַנען און געוואַרט
אויפֿן אַרויסמאַרש־באַפֿעל. די צייט איז שוין לאַנג אַריבער. אַלע זענען
נערוועז. מען ווייסט אַז וואָס לענגער עס וועט דויערן אַלץ ביטערער וועט
זיין סיי פֿאַר דעם געזוכטן ווי פֿאַר אַלע. און אָט האָט מען דעם בעל־דבר
געפֿונען אַ שלאָפֿנדיקן אויף זיין קויקע און אים געבראַכט צום אַפּעל אַ
צעהרגעטן און פֿאַרבלוטיקטן. דאָס מזל האָט דאַן צוגעשפּילט ווייל אַלע
אינעם באַראַק זענען עלול געווען באַשטראָפֿט צו ווערן. „איינער איז
פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַרן צווייטן". אַזאַ קאָלעקטיווע שטראָף האָט באַדייט
מינדסטנס צוויי וואָכן שווערע צוגאָב־אַרבעט פֿון עטלעכע שעה אין טאָג.

נאָך דעם ווי אַלע קאָלאָנענעלטסטע האָבן געהאַט געמאָלדן דעם יודענ־
עלטסטן די צאָל פֿון זייערע קאָלאָנעס, איז דער יודענעלטסטער צוגעגאַנגען
צום לאַגער־קאָמענדאַנט, וואָס איז געווען אַן עס־אַ־מאַן אָדער אַ פּאָליציי־
אָפֿיציר (אין די ערשטע צוויי יאָר פֿון דער נאַצישער אָקופּאַציע פֿון פּוילן,
זענען די „יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגערן" געהיטן געוואָרן פֿון עס־אַ־
לייט, אָדער פֿון הילפֿס־פּאָליציי, וואָס זענען געווען אין בלויע אוניפֿאָרמען.
די רעגולערע פּאָליציי האָט געהאַט גרינע אוניפֿאָרמען). דער יודענעלט־
סטער האָט זיך געשטעלט פֿאַרן פּאָליציי־מייסטער און געזאָגט:

„הער פּאָליציי־מייסטער, איך מעלד איך: טויזנט צוויי הונדערט און
צוויי און דרייסיק יודען־העפֿטלינגע צום אָפּמאַרש צו דער אַרבעט —
גרייט! צוועלף יודען־העפֿטלינגע אין דעם קראַנקן־צימער, צען באַשעפֿ־
טיקט ביי לאַגער־אַרבעט. אַלגעמיינע צאָל שטימט".

דער פּאָליציי־מייסטער האָט געגעבן אַ צייכן און עס האָבן זיך דער־
הערט די אָפּמאַרש־באַפֿעלן פֿון די באַזונדערע קאָלאָנענעלטסטע. איינער
נאָך דער אַנדערער האָבן די קאָלאָנעס אָנגעהויבן מאַרשירן צום לאַגער־
טויער. ביים אַדורכמאַרשירן די וואַך ביים לאַגער־טויער, האָט אַן עס־אַ־
מאַן אָדער פּאָליציסט ווידער אַ מאָל איבערגעציילט די צאָל העפֿטלינגע פֿון
דער דורכמאַרשירנדיקער קאָלאָנע און האָט צום סוף פֿון דער קאָלאָנע
מיטמאַרשירט ווי אַ שומר.

אַלע קאַלאַנעס האָבן שוין געהאַט אַרויסמאַרשירט. דער אַפּעלפּלאַץ איז געוואָרן ליידיק. בלויז מיר, די צוויי קאַלאַנעס וואָס זענען אָנגעקומען מיט אַ נאַכט פריִער זענען געשטאַנען און געוואַרט. מיר האָבן געוואַרט אַ שעה אָדער מער און ס'האָט אָנגעהויבן באַאומרויִקן די סיבה: וואָס גייט געשען? ווען וועט מען אונדז פירן צו דער אַרבעט? וואָס פאַר אַן אַרבעט?

פּלוצעם איז אָנגעקומען דער יודענעלטסטער מיט אַ ציווילן דייטש און אַן עס־אַ־מאַן. דער עס־אַ־מאַן האָט זיך צעווילדעוועט:

שטילשטאַנד! אַללעס אַופגעהען אונד צוזאַמענריקען! דאַנערוועטער!"

דער גרעסטער טייל האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס דער דייטש שרייט און וואָס ער וויל. איך האָב זיך געכאַפּט אין וואָס עס האַנדלט זיך און שטיל געזאָגט:

„חברה, דער שומר וויל אַז ביידע גרופּעס זאָלן זיך צוזאַמענרוקן צו איין גרופּע, אין איין קאַלאַנע".

דער נאַצי איז געוואָרן אין כּעס און אָנגעהויבן שלאָגן מיטן שטעקן וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט:

„איר גאָט־פאַרשאָלטענע בהמהדיקע יידן, ווילט איר ענדלעך אַ ביסל מער זיך צוזאַמענרוקן?!... און דו", האָט ער זיך געוואָנדן צו מיר מיט אַ קלאַפּ מיט זיין שטעקן איבער מיין פּלייצע, „קאָנסטו נישט האַלטן דיין פרעסער?!"

„חברה", האָב איך אויסגערופן, „גלייכט אויס די רייען!"

דער עס־אַ־מאַן האָט זיך געוואָנדן צו מיר קריצנדיק מיט די ציין:

„העי, דו, קום נאָר אַרויס פון דער ריי, דאָ אַהער!" האָט ער מיר מיט זיין שטעקן אָנגעוויזן דעם פּלאַץ. איך בין אַרויס פון מיין ריי און געבליבן שטיין פאַר אים. מיט אַ כּעסנדיק צעדרייטן פּרצוף האָט ער אויפגעהויבן זיין האַנט און מיר אַראָפּגעלאָזט אַ פּראַסק אין פּנים:

„ביים אַפּעל טאָר מען נישט קוואַטשן! האָסט פאַרשטאַנען?!"

איך האָב אים געוואָלט דערקלערן, אַז מיינע חברים פאַרשטייען נישט קיין דייטש. ער האָט מיר נישט געלאָזט אויסרעדן און געשריגן נאָך העכער:

„דו פאַרשאָלטענער הונט, פאַרמאַך דאָך ענדלעך דיין פּיסק, דו הערסט?"

און הייבט ווידער אויף דעם שטעקן און וויל מיר דערלאַנגען אַ זעץ איבער דער פּלייצע. אין דעם מאָמענט איז דער יודענעלטסטער צו צום עס־אַ־מאַן און אים עפּעס געזאָגט. דאָס זעלבע אויך דעם דייטש אין ציוויל. דער עס־אַ־מאַן האָט צוריק אַראָפּגעלאָזט דעם שטעקן און מיר געהייסן צוריקגיין אין דער ריי.

מיר האָבן ווידער אָפּגעציילט און נאָך דעם האָבן מיר אין דער באַ־

גלייטונג פונעם עס־אַ־מאַן און דעם ציווילן דייטש, אַרויסמאַרשירט צו דער אַרבעט.

אונדזער אַרבעט־פּלאַץ איז געווען אין די סודעטן־בערג. דער מייסטער האָט זיך צו אונדז געוואַנדן:

„איר זעט די בערג און טאָלן? מיט די בערג און בערגלעך מוזט איר פאַרשיטן די טאָלן און זיי אויסגלייכן. אַז איר וועט האָבן די בערג מיט די טאָלן אויסגעגלייכט, דעמאָלט וועט איר צוריק אַהיימפאָרן".

דער שומר, וואָס האָט אונדז באַגלייט, האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין און זיך גענומען פאַררויכערן אַ לולקע. דער דייטשער ציוויליסט, וועלכן מיר האָבן שפּעטער גערופן „הער מייסטער", איז מיט אונדז אַריין אין אַ הילצערןביידל און יעדן איינציקן פון אונדז געגעבן אַרבעט־געצייג: איינעם — אַ לאָפּאַטע, אַ צווייטן אַ גראַבאייזן. מיר זענען אַרויס פון דעם ביידל און אַוועקמאַרשירט אַ פופציק מעטער ווייטער. דער מייסטער האָט געפרעגט:

„ווער פון אייך קאָן גוט רעכענען?"

קיינער האָט נישט געענטפערט. ער האָט מיך אָנגעקוקט און געווונקען מיט אַ פינגער, איך זאָל צוגיין צו אים. ער האָט געזאָגט צו מיר: „דער יודענעלטסטער האָט מיר געזאָגט, אַז איר פאַרשטייט דייטש, מן־הסתם קאָנט איר אויך גוט רעכענען". ער האָט מיך באַקוקט פון אויבן אַראָפּ, און גערעדט ווייטער: „אָה, איר זעט אויס אַזוי ווי די פון דער בעסערער געזעלשאַפט". (ווען מען האָט מיך גענומען אין לאַגער איז געווען זונטיק פרי, און איך בין נאָך געווען אָנגעטאָן אין די שבתדיקע קליידער, אין מיין בעסטן אָנצוג נאָך פון דער בערלינער צייט). „אַזוי עלעגאַנט געקומען צו דער אַרבעט, אַפילו אין לאַקירטע שיך, ווי אויף אַ חתונה אין קלויסטער... אָה, אַנטשולדיקט, הער יודע, איך האָב געוואָלט זאָגן אין דער סי־נאַ־גאָ־גע. וואָס איז אייער באַרוף?... זיכער אַדוואָקאַט. סוחר? לאָמיר זאָגן אַלטוואַרג־הענדלער, אָדער גלאַט אַזוי געהאַנדלט און געשווינדלט. נו, יאָ, דערפאַר קאָנט איר זיך לייסטן צו קומען צו דער אַרבעט אין אַזעלכע קליידער. ווען עס איז אייך אָנגענעם, הער יודע, איז עס מיר אויך אָנגענעם. אויב אַזוי, הער דאָקטאָר, נעמט, ביטע, דעם גראַבאייזן און די לאָפּאַטע און קומט מיט מיר".

כ'האָב פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן. אַ פופציק מעטער ווייטער איז ער שטיין געבליבן און געזאָגט צו מיר:

„אָט דאָ", האָט ער אָנגעוויזן מיט זיין שטעקן און געמאַכט מיט אים אַ צייכן פון אַ קוואַדראַט, „וועט איר אויסגראָבן אַ גרוב, אַ מעטער אויף

אַ מעטער, אַזוי ווי איך האָב אָנגעצייכנט, און אַ מעטער די טיף, קיין צענטי־מעטער נישט מער און נישט ווייניקער. דאָס וועט זיין אַ לאַטרינע, אַ קאַקהויז פאַר איך קאַק־יודען — פאַרשטאַנען?! שפּעטסטנס אין דריי שעה אַרום איז דער גרוב פאַרטיק, פאַרשטאַנען?! און איצט, הער יודע, שנעל צו דער אַרבעט".

„יאַוואָהל!" האָב איך געענטפערט. איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט און ער האָט מיט די אַנדערע חברים אַוועקמאַרשירט.

דער עס־אַ־מאַן איז געבליבן מיך היטן. איך האָב מיטן גראַבאייזן אָנגעהויבן צו האַקן און גראַבן די געפרוירענע און ליימיקע ערד. באַלד נאָך אַ קורצער צייט האַקן און גראַבן האָב איך באַקומען וואַסער־בלאָזן אויף מיינע הענט. נישט געווען געוווינט צו אַזאַ אַרבעט. די זוילן פון מיינע לאַקירטע שיך האָבן זיך צוגעקלעפּט צום ליימיקן באָדן און זיך געעפנט. איין זויל האָב איך אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק און די צווייטע זויל אַרומ־געדראָטעוועט אַרום שוך. דער עלעגאַנטער אַנצוג מיינער איז געוואָרן אויס־געשמירט מיט געלן ליים. מיין פּנים איז פאַרשוואַרצט געוואָרן פון שווייס און בלאָטע.

נאָך דריי שעה שווערע אַרבעט איז דער גרוב, וואָס האָט געהאַט אַ מעטער די טיף און אַ מעטער אין קוואַדראַט, פאַרטיק געוואָרן. דער מייס־טער איז געקומען און האָט אויסגעמאָסטן, צי עס איז גענוי אַ מעטער אין דער לענג, אין דער ברייט און אין דער טיף. און נאָך אַ מאָל האָט ער פון אַלע זייטן און ווינקלען געמאָסטן און דאַן צו מיר געזאָגט:

„יודע, דאָס האָסטו ערשטקלאַסיק און פּינקטלעך געמאַכט, איצט וועסטו, אַ הונדערט מעטער ווייטער פון דאַנען מאַכן נאָך אַזאַ גרוב. גענוי אַ מעטער אין קוואַדראַט, אַ מעטער טיף און נישט מער און נישט ווייניקער, אַזוי ווי דער ערשטער גרוב".

ער האָט מיך צוגעפירט צום נייעם פּלאַץ, וווּ איך האָב געדאַרפט אויס־גראַבן נאָך אַזאַ גרוב. דער שומר איז מיט מיר מיטגעגאַנגען און זיך אַוועק־געזעצט אויף אַן אומגעלייגטן בוים.

אַ טויט מידער האָב איך זיך גענומען צו דער נייער אַרבעט. אויף דעם פּלאַץ איז דער באָדן נישט געווען קיין ליימיקער, נאָר אַ זאַמדיקער און אויך פון שוואַרצער אַקער־ערד. אויסגראַבן דעם גרוב איז געגאַנגען שנע־לער, אָבער דערפאַר האָב איך געהאַט אַנדערע צרות. ווי איך בין שוין באַלד געווען פאַרטיק מיטן אויסגראַבן, איז מיר איינגעפאַלן אַ וואַנט און פאַרשיט דעם גאַנצן גרוב. דער שומר האָט זיך צעלאַכט און זיך צוגעקוקט ווי איך

מאַטער זיך ביים צוריק אויסגראָבן דעם גרוב. פּלוצעם האָט ער צו מיר געזאָגט:

„דו האָסט נאָך אַ גאַנצע שעה צייט. אויב דו ווילסט קאָנסטו אויף אַ צען מינוט מאַכן אַ פּויזע".

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויפן אומגעלייגטן בוים, אַרויסגענומען מיין רעשט שטיקל ברויט און אָנגעהויבן עסן.

ווען מיר האָבן באַגינען אַרויסמאַרשירט צו דער אַרבעט, איז געווען אַ שטאַרקע קעלט. איצט האָט די זון אָנגעהויבן ברענען, דער דורשט האָט געפּייניקט. דער שומר, וואָס האָט נישט אויפגעהערט זשלאָקען פון זיין פעלדפלאַש, האָט מיר געפרעגט:

„האָסט מיטגענומען צו טרינקען?"

„ניין, איך האָב נישט מיטגענומען", האָב איך אים געענטפערט.

האָט ער צו מיר געזאָגט: „קום מיט מיר צו דעם ביידל. דאָרט קאָנסטו דיר נעמען אַ טעפל קאַווע צום טרינקען".

אין דעם ביידל איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש, מיט צוויי לאַנגע בענק און אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ רויט־גליִענדיקער אייזערנער אויוון. אויפן אויוון — אַ קעסל מיט קאַווע. מיט מיין טעפּעלע, וואָס איז געווען צוגעבונדן מיט אַ שטריקל צו מיין הויזן־פּאַס, האָב איך אָנגעשעפּט ברוינע וואַסער, די „קאַווע", און ביים טרינקען זיך מחיה געווען. מיר זענען צוריק אַוועק צום אומגעלייגטן בוים. עס איז נאָך געווען אַ דריי־פערטל שעה ביז דער מייסטער האָט געדאַרפט קומען קאָנטראָלירן די אַרבעט.

איך האָב אָנגעהויבן אויסגראָבן די איינגעפאַלענע ווענט, וואָס זענען מיר ווידער און אָבער איינגעפאַלן. איך בין געשטאַנען אַ פאַרצווייפלטער. איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק: נישט ווייט פונעם פּלאַץ ווו איך האָב געאַרבעט איז געלעגן אַ סטערטע מיט אַנדערטהאַלבן מעטערדיקע ברעטער. האָב איך גענומען און אַ צאָל ברעטער אַריינגעקלאַפּט אינעם ווייכן באָדן אַזוי, אַז זיי זאָלן זיין גראָד אין אַ קוואַדראַטמעטער און אויך אַ מעטער די טיף. אַרום די ברעטער האָב איך אָנגעפּילט מיט האַרט־ליימיקער ערד. דער שומר איז געזעסן, געערויכערט זיין לולקע און זיך די גאַנצע צייט צוגעקוקט צו מיין אַרבעט. געפּיפקעט, געשמייכלט און געשוויגן, ביז ער איז אַרויס מיט אַ געלעכטער ווען מיינע ווענט זענען ווידער איינגעפאַלן. איז ער אויפגעשטאַנען און שפּאַצירט אַהין און צוריק. די צייט איז געלאָפן און איך האָב געשוויצט. דער מייסטער דאַרף אָט באַלד קומען קאָנטראָלירן מיין אַרבעט. דער שומר איז געוואָרן נערוועז. ער האָט געקוקט אויפן זייגער. איך האָב אַריינגעוואָרפן אין גרוב שטיקער ליים־ערד און זיי געטראָטן מיט

די פיס. די ברעטער האָבן זיך געהאַלטן ווי עס וואָלט געווען אַ פּירעקיקער האָלצקאַסטן. די ווענט האָבן נישט געקענט איינפאַלן, ווייל די ברעטער זענען פון אינעווייניק און פון אויסנווייניק געהאַלטן געוואָרן דורך דעם ליים.

דער מייסטער איז אָנגעקומען, און ווי ער האָט באַמערקט די ברעטער אַרום דער גרוב, איז ער געוואָרן ווילד און געשריגן:

„מענטש, ציי ביסטו משוגע ?! ווער האָט דיר דערלויבט צו נעמען די דאָזיקע ברעטער ?! צום טייוול! ציי שוין צוריק אַרויס די ברעטער, אָבער שנעל!" ס'איז מיר געלונגען אויסצומיידן אַ זעץ פון זיין שטעקן.

מיט גרויס מאַטערניש און מי האָב איך די ברעטער צוריק אַרויסגעשלעפּט, אָבער די ווענט האָבן זיך געהאַלטן ווי געמויערטע...

דער מייסטער האָט גוט באַקוקט דעם גרוב, אויסגעמאָסטן פון אַלע זייטן איין מאָל און נאָך אַ מאָל געמאָסטן, געדרייט מיטן קאָפּ, געקוקט און געזאָגט:

„דו האָסט מזל. מיין אָנערקענונג! עס שטימט פון אַלע זייטן, דו האָסט באמת מזל. ווי וואָלט געווען צו דיר ווען עס וואָלט נישט געשטימט".

ס'איז מיר אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן.

דער מייסטער האָט מיך באַפוילן מיטגיין מיט אים. דער שומר איז מיטגעגאַנגען. דער מייסטער האָט מיך געפירט צו דער קאָלאָנע, וואָס האָט געאַרבעט ביי פאַרשידענע גראָב־אַרבעטן. ער האָט מיר דערקלערט אין וואָס עס וועט באַשטיין מיין אַרבעט: אַראָפּהאַקן פון די שטאַרק־שיפּע בערג די שוואַרצע ערד ביזן פעלדז. די גוטע ערד ווערט צונויפגעזאַמלט אויף פאַרשידענע פּלעצער, כּדי שפּעטער זי אויסשפּרייטן פון ביידע זייטן פון דער אויטאָסטראַדע און פלאַנצן גרינס.

דער מייסטער האָט מיך צוגעבונדן מיט אַ גראָבן שטריק צו אַ בוים און מיך אַראָפּגעלאָזט עטלעכע מעטער פון דער בערגהייך. הענגענדיק אויפן שטריק האָב איך געמוזט אַראָפּהאַקן די שוואַרצע ערד. יעדע האַלבע שעה האָט ער דעם שטריק, צו וועלכן איך בין געווען צוגעבונדן, נאָכגעלאָזט מיט אַ פּאָר מעטער נידעריקער. דער שטריק האָט זיך איינגעשניטן אין מיין לייב, געמאַכט מיר ווונדן.

טאָמער איז דעם מייסטער נישט געפעלן דער אופן ווי אַזוי עמעצער האָט געאַרבעט, האָט ער אים באַוואָרפן מיט שטיינער און שעלטנדיק געכאַפּט אַ העקל און אָפּגעהאַקט דעם שטריק מיט וועלכן דער אַרבעטנדיקער איז געווען צוגעבונדן צום בוים:

„דו פאַרשאָלטענער הונט, דאָס הייסט ביי דיר אַרבעטן ?!" האָט ער געוואָיעט, בעת דער קרבן האָט זיך מיט אַן אומגעהויערער געשווינדקייט

אַראָפּגעקייקלט צום טאָל. שפּעטער האָט מען מיט מי און מאַטערניש צוריק אַרויפגעבראַכט דעם אַראָפּגעפאַלענעם. עס זענען געווען פאַלן ווען אויף אַזאַ אופן איז דער אַראָפּגעפאַלענער געהרגעט געוואָרן אָדער ער איז שפּעטער אויסגעגאַנגען פון אַן אינערלעכן בלוט־אויסגוס.

שווער זענען געווען די ערשטע טעג אינעם לאַגער. אפשר די שווערסטע פון דער גאַנצער צייט עבודת־פּרך. די טעג האָבן זיך געצויגן אין אומ־ענדלעכקייט. די שווערע אַרבעט צו וועלכער מ׳איז נישט געווען צוגעוווינט האָט געמאַטערט. פון דער צעריבענער הויט און פון די וואַסער־בלאָזן אויף די הענט האָט גערונען בלוט. אָט דער גיהנום איז געווען אין אַ סביבה פון אַ פּרעכטיקער לאַנדשאַפט. פייגעלעך האָבן געטשוויטשעט, ווועווערקעס זענען געשפּרונגען איבער דיביימער. טייל מאָל זענען זיי צוגעקומען גאַנץ נאָענט, ווי זיי וואָלטן זיך גערייצט מיט דיר, אַז אַ גאַנצן טאָג ביסטו צוגע־בונדן צו אַ בוים, און האַקסט אין דעם באַדן, האַקסט און האַקסט און די וועלט אַרום איז אַזאַ שיינע און אין דער שיינער וועלט ביסטו, מענטש, פאַרשקלאַפט, בעת מיר, וואַלד־יצורים זענען פויגלפריי. אין דער לאַנד־שאַפט איז די זון אַ מילדע, אַ גלעטנדיקע, שפּילט זיך מיט די ביימער אין ליכט און שאָטן; פאַר אונדז, די שקלאַפן־אַרבעטער, איז די זון אַ העליש פייער, וואָס טריקנט אויס דעם קליי פון אונדזערע ביינער, פאַרטריקנט אונדז, איז גורם אַ ברענענדיקן דורשט. די צונג איז געוואָרן ווי האָלץ אַז ס׳איז נישט געווען מיט וואָס צו באַפייכטן די טרוקענע ליפּן. דער האַלדז, דאָס פּנים און די הענט זענען געווען רויט, געבריט. אַז די „פאַרשאָלטענע" זון האָט זיך באַהאַלטן הינטער אַ באַרג, איז דער פריִערדיקער זון־גיהנום פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גיהנום פון קעלט, נישט צום אויסהאַלטן. מיר האָבן געציטערט פון קעלט.

פּלוצעם אַ פייפערײ. מען ציט אונדז אַרויף מיט די שטריק. אַלע האָבן זיך אויסגעשטעלט אין רייען. ציילונג. צאָל שטימט. און מיר האָבן אָנגעהויבן מאַרשירן, דאָס הייסט: מיר האָבן זיך געשלעפּט צוריק צום לאַגער.

אויסגעמאַטערטע, מידע, טאַפּטשען מיר אונטער דער קאָמאַנדע און געשרייען פונעם שומר, מיר זאָלן מאַרשירן אין מיליטערישער אָרדענונג, נישט צעשיט, „ווי אַ מיסטהויפן". דער שומר האָט רציחהדיק מיט זיין שטעקן איבער אונדזערע קעפּ און פּלייצעס. אַלע אונדזערע באַמיִונגען צו מאַרשירן אין מיליטערישער אָרדענונג זענען אַ ברכה לבטלה. די פיס האָבן נישט געדינט און די מידקייט האָט פאַרשיכורט.

„איר פאַרפלוכטע הינט! אין גלייכן שריט זאָלט איר גיין! קאָנסט

נישט גיין אין אַ גלייכער ריי, אָדער, ווילסטו נישט? לינקס, לינקס! — מיטן לינקן פוס, אידיאָטישער יודע, מיטן לינקן פוס. פאַרשטאַנען?!"

אַזוי זענען מיר מיט די לעצטע כּוחות און אונטער אכזריותדיקע קלעפּ אָנגעקומען צום לאַגער־טויער.

ביים טויער האָבן אונדז אָפּגעוואַרט עטלעכע עס־אַ־מענער, וואָס האָבן אַכטונג געגעבן מיר זאָלן נישט אַריינשמוגלען אין לאַגער עפּעס וואָס איז ביי זיי נישט „כּשר". זיי האָבן אייניקע פון אונדז אַרויסגערופן פון דער ריי, און באַטאַפּט, באַטאַפּט פון קאָפּ ביז פוס. ווי איז געווען צו אַזעלכן, ביי וועלכן מען האָט געפונען וואָס זיי איז נישט געפעלן געוואָרן, ווי געלט, ציגאַרעטן, לעבנסמיטל אָדער אַן אַנדער „נישט כּשרע" זאַך.

מיט מזל זענען מיר אַדורך דעם טויער, אָנגעקומען צום אַפּעלפּלאַץ. ווידער אויסגלייכן די רייען, ווידער ציילן. די צאָל שטימט.

נאָכן אָפּשטיין אַ צייט אויפן אַפּעלפּלאַץ זענען מיר געלאָפן צו אונדזערע באַראַקן. נישטאָ קיין צייט. אַנדערע אסירים גייען שוין צו דער קיך מיט זייערע בלעכענע טעלערס, צו שטעלן זיך אין דער ריי נאָך זופּ און די פּאַרציע „צוטיילונג", ווי די דייטשן האָבן גערופן די 200־גראַמיקע פּאָרציע ברויט מיטן שטיקל מאַרגאַרינע, וווּרשט און לעפל צוקער. די אסירים האָבן עס גערופן „פּאַסונעק". קוים באַוויזן אויפצועסן די זופּ און אויסצוּוואַשן דעם טעלער מיטן לעפל, איז געוואָרן פינצטער אין די באַראַקן. בלויז דער אָפּשיין פון דעם רעפלעקטאָרן־ליכט אויף די וואַך־טורעמס האָט אַ ביסל באַלויכטן די שטוב.

געלייגט זיך שלאָפן, אָבער שווער געווען איינצושלאָפן, מ'האָט געפיבערט. די פאַרברענטע הויט האָט געבריט און ווי געטאָן, ביז די מידקייט האָט גובר געווען און איך בין איינגעשלאָפן. אַ קייט פון קאָשמאַרע חלומות האָט געפייניקט. ס'האָט זיך מיר געחלומט, אַז איך בין אין דער היים, אָבער אין חלום גופא האָב איך געוווּסט, אַז דאָס איז אַ חלום און דאָס וואָס איך חלום, איז נישט אמת. זיך איבערגעוועקט כּדי זיך צו איבערצייגן וואָס ס'איז דער אמת. ווו בין איך? דאָס שנאָרכן און קרעכצן פון די חברים אויף די קויקעס האָט מיך וואַכיק געמאַכט. כ'האָב באַגריפן אַז איך בין טאַקע אין לאַגער. אויף אַ רגע בין איך אַריינגעפאַלן אין אַ לייכטן שלאָף ווי ס'איז געקומען דאָס געשריי: „אויפשטיין!... אויפשטיין!... אַראָפּ פון די בעטן! אין צוואַנציק מינוט — אַפּעל! אויפשטיין!" אין דרויסן איז נאָך פינצטער געווען און אַן אייזיקע קעלט האָט זיך אַריינגעריסן דורך דער אויפגעמאַכטער טיר. אַלע שפּרינגען אַראָפּ פון די קויקעס. ווידער אַ יאָגעניש: מ'לויפט אין וואַש־באַראַק און דאַן צו דער ריי נאָכן ביסל קאַווע.

געטרונקען די קאַווע און „געגנבֿעט" אַ ביס פֿון דער פּאַרציע ברויט, ס'ווילט זיך כאַטש נאָך אַ ביס, נאָר מען טאָר נישט, זי מוז סטייען אויפֿן גאַנצן טאָג. ווידער דאָס איילעניש צום אַפּעל, מען זאָל חלילה אויף קיין רגע נישט פֿאַרשפּעטיקן. אויסגעגלייכט די רייען, אָפּגעציילט און מיר מאַרשירן אַרויס מיט אונדזער מייסטער און שומר צו דער אַרבעט.

דעם טאָג האָט מען אונדז געפֿירט אויף אַ צווייטן פּלאַץ. מיר זענען אָנגעקומען צו אַ גרויסן פּלאַץ מיט דריי רייען פֿון שמאָלע אייזנבאַן־ליניעס. אויף יעדער ליניע באַוועגט זיך אַ קליינער לאָקאָמאָטיוו מיט וואַגאָנעטקעס אָנגעלאָדענע מיט ערד, זאַמד און שטיינער, וואָס מען האָט אַוועקגעהאַקט פֿון די בערג און אַהערגעבראַכט. דערמיט ווערט פֿאַרשיט דער טאָל, אויסגלייכן אים און בויען אויף אים די אויטאָסטראַדע.

ביי דער ערשטער באַן־ליניע האָבן געאַרבעט פּוילישע פּריוואַטע אַרבעטער, ביי דער צווייטער — פֿראַנצויזישע געפֿאַנגענע און צו דער דריטער באַן־ליניע זענען מיר געווען באַשטימט.

אונדזער אַרבעט איז געווען אויסצולײדיקן די אָנגעקומענע וואַגאָנעטקעס און פֿאַרשיטן דעם טאָל, אויסגלייכן דאָס אָנגעשיטע אָדער „פּלאַנירן", ווי די דייטשן האָבן עס גערופֿן. און דערנאָך, ווען דער צוג איז אַוועקגעפֿאָרן, האָבן מיר צוגערוקט די שינעס נענטער צום טאָל. ס'איז אָנגעקומען דער ערשטער צוג מיט צען אָנגעפֿולטע וואַגאָנעטקעס. דער מייסטער אונדזערער איז געווען אַ סודעטן־דייטש און ער האָט גערעדט אַ דייטשן דיאַלעקט, וואָס מיר איז אַ סך מאָל געווען שווער צו פֿאַרשטיין. אַ פּשיטאַ אַזעלכער וואָס האָט איבערהויפּט נישט פֿאַרשטאַנען קיין דייטש. אָפּט זענען צוליב דעם פֿאָרגעקומען טראַגי־קאָמישע סיטואַציעס.

דער מייסטער האָט געשריגן:

„אַללעס ראַן אַן די לאָרען!" (וואָס דער טייטש איז געווען: אַלע צו די וואַגאָנעטקעס, לאָרעס) — האָבן אַ סך פֿאַרשטאַנען: „אַלעס אַראַן (אַריין) אין די לאָרען!" נו, האָבן חבֿרה אָנגעהויבן אַריינצוקריכן אין די אָנגעפֿילטע וועגעלעך. דער מייסטער האָט געכאַפּט אַ דראָנג, וואָס איז געלעגן צום איבעררוקן די שינעס, און געלאָפֿן צו די, וואָס זענען אַריין אין די וואַגאָנעטקעס און געשריגן:

„ציי זייט איר משוגע! אַראָפּ פֿון די לאָרעס!" און געלאָזט אין גאַנג דעם דראָנג איבער די פּלייצעס און קעפּ. ס'איז געוואָרן אַ מהומה. חבֿרה איז מיט געשרייען פֿון ווייטאָג אַראָפּגעשפּרונגען פֿון די וואַגאָנעטקעס. די קללות פֿון מייסטער און די וויי־געשרייען פֿון די צעמזיקטע אסירים האָבן אָפּגעהילכט איבערן גאַנצן פּלאַץ.

די פראַנצויזן האָבן אָפּגעשטעלט די אַרבעט, געקוקט צו אונדז און — געשוויגן. די פּאָליאַקן האָבן געלאַכט און אַריבערגעשריגן צו אונדז מאַכנדיק מיט די הענט אַנטיסעמיטישע העוויות: „איי־ווײ! זידזשי, איי־ווײ, איי־ווײ!" זיך באַרוקט, וויזט אונדז דער מייסטער ווי אַזוי איבערצודרייען אַ וואַגאָנעטקע און אויסצושיטן די ערד מיט די שטיינער. פּלוצעם האָט ער געגעבן אַ געשריי: „מוזיק!" וואָס פאַר אַ מוזיק? ווו מוזיק?

וואָס הייסט ביי אים מוזיק? דער מייסטער איז געוואָרן ווילד פון רציחה און געהאַקט מיט זיין דראַנג איבער אונדזער פּלייצעס:

„פאַרשאָלטן יידנפּאָלק, ווילט איר מוזיק מאַכן?!"

איך האָב געשריגן:

„הער מייסטער, וואָס הייסט ביי דער דאָזיקער אַרבעט ,מוזיק'?"

„מענטש", האָט דער מייסטער געשריגן נאָך העכער, „מוזיק, הייסט טרייסלען די לאָרע, מען זאָל זי קאָנען לייכטער איבערדרייען, כּדי אויסצו־שיטן די ערד מיט די שטיינער, פאַרשטאַנען?!"

„יאַוואָהל!" — און איך האָב געשריגן צו די חברים: „חברה, ווען דער מייסטער זאָגט ,מוזיק' וויל ער מיר זאָלן טרייסלען די לאָרע, ס'זאָל זיין לייכטער זי איבערצודרייען און אויסצושיטן די ערד מיט שטיינער.

דער מייסטער האָט נאָך אַ מאָל געשריגן: „אָלזאָ, ראַן אַן די לאָרען!" און אָלע לויפן צו צום ערשטן וועגעלע, מאַכן „מוזיק", שאָקלען די לאָרע אַזוי שטאַרק, אַז די וואַגאָנעטקע איז אַראָפּ פון די שינעס און זיך איבער־געדרייט מיט די רעדער אַרויף. אַ מזל וואָס די וואַגאָנעטקע איז געווען צוגעקייטלט צו די אַנדערע, וואָס האָט פאַרמיטן זי זאָל זיך אַראָפּקייקלען אין טאָל.

דער מייסטער איז שיער נישט אַראָפּ פון זינען. ער איז געלאָפן מיטן אויפגעהויבענעם דראַנג און געשריגן:

„הינט פאַרשאָלטענע!" און געהאַקט איבער די קעפּ און פּלייצעס. טייל זענען אַרויס פון די קלעפּ צעבלוטיקטע, אַנדערע האָבן געחלשט ביי דער איבערגעדרייטער וואַגאָנעטקע.

די פראַנצויזן און די פּאָליאַקן האָבן איבערגעריסן זייער אַרבעט, זיך צוגעקוקט צום „ספּעקטאַקל" און געלאַכט, פון וואָס דער מייסטער איז געוואָרן נאָך מער אויפגערעגט און צו אונדז אויסגעלאָזט זיין רציחה. דאָס געוויין און די קרעכצן פון די געפּייניקטע האָט געשניטן דאָס האַרץ.

צו די פראַנצויזן און די פּאָליאַקן האָט שוין געהאַט אַריינגעפּאָרן דער צווייטער צוג, בעת מיר האָבן זיך נאָך אַלץ געמאַטערט מיטן אַרויפשלעפּן די וואַגאָנעטקע צוריק אויף די שינעס. אונדזער מייסטער איז שוין הייזע־

ריק געוואָרן פון שרייען און מיד געוואָרן פון שלאָגן אונדז, האָט ער זיין שטים פאַרביטן אויף אַ פייפל. האָט ער נישט אויפגעהערט פייפן — פאַר־טויבט צו ווערן. מיר האָבן געהאַלטן ביים אויסליידיקן די פינפטע וואַגאָ־נעטקע און אַ ביסל ווייטער האָט שוין געוואַרט אַ צווייטער צוג, וואָס האָט געדאַרפט אַריינפאָרן אויף אונדזער ליניע. די ליניע ביי אונדז איז געווען נישט פריי. ביי די פראַנצויזן פאַרט שוין אַרויס דער צווייטער צוג, און דער צוג, וואָס האָט געדאַרפט אַריינפאָרן צו אונדז, איז אַרויפגעפאָרן אויף דער ליניע צו די פראַנצויזן. מיר האַלטן ערשט ביי דער אַכטער וואַגאָ־נעטקע. צו אונדז איז דערווייל אָנגעקומען דער דריטער צוג. און אַזוי ווי די ליניע צו אונדז איז נאָך געווען פאַרנומען מיטן ערשטן צוג, איז דער דריטער צוג אַרויף אויף דער ליניע צו די פּאָליאַקן. די פּאָליאַקן האָבן צו אונדז געוואָרפן שטיינער און אונדז געזידלט: „פּאַרשיווי זשידזי!" די מייס־טערס האָבן אַריבערגעלאָכט צו אונדזער מייסטער, ווייל פאַר יעדן צוג וואָס די קאָלאָנע האָט געמאַכט מער ווי די נאָרמע, האָט דער מייסטער באַקומען אַ „פּלוס־קאַרטע" פון צוגאָב לעבנסמיטל, אָדער ציגאַרעטן. דער־קעגן האָט אונדזער מייסטער געדראָעט זיין קאָלאָנע זאָל זיין הינטערשטעליק אין דער נאָרמע, צוליב וואָס ער וואָלט באַקומען וויניקער ציגאַרעטן.

דאָס וואַרפן שטיינער פון די פּאָליאַקן צו אונדז איז געוואָרן אַ ביטערע פּלאָג. מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט מיט פאַרבלוטיקטע קעפּ. עס איז נאָך געוואָרן ערגער ווי מיט די קלעפּ פון דעם מייסטער. מ'האָט נישט געזען פון וואַנען אַ שטיין קומט אָן. מיר האָבן געהאַלטן ביים צווייטן צוג; צו די פראַנצויזן פאָרט שוין אַריין דער פערטער אָדער פינפטער צוג. אויך זיי שרייען צו אונדז „סאַל זשוויוו!" אָבער קיין שטיינער וואַרפן זיי נישט. איין מזל איז געווען: עס האָט זיך פון הימל אַראָפּגעלאָזט אַ מבול! מיר האָבן געבעטן אויף אַן אמתדיקן מבול, וואָס ס'זאָל אַלץ פאַרגיסן און פאַרשווענ־קען — תמות נפשי עם פלישתים. דער מייסטער האָט באַפוילן מיר זאָלן אַריינגיין אינעם ביידל.

צעשלאָגענע, דורכגענעצטע ביז צו דער הויט, זענען מיר אַריין אינעם ביידל ווו אַרום דעם גליִענדיקן אייזערנעם אויוון האָבן מיר געטריקנט אונדזערע דורכגעווייקטע בגדים און זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד. האָט דער מייסטער אונדז געזאָגט:

„הערט זיך אַלע צו, וואָס איך וועל אייך זאָגן: אַזוי ווי איר האָט היינט כמעט ווי גאָרנישט נישט געטאָן, האָט מען אייער ‚בונקער־זופּ' (די זופּ, וואָס מיר האָבן באַקומען ביי דער אַרבעט צו מיטאָג) אַוועקגעגעבן צו די פּאָליאַקן און פראַנצויזן, ווייל זיי האָבן געמוזט אויך מאַכן אייער אַרבעט.

אַחוץ דעם וועל איך אָפּגעבן אַ מעלדונג דעם לאַגער־קאָמענדאַנט. אין לאַגער וועט איר באַקומען די געהעריקע שטראָף".

ביטער איז אונדז געווען. ווייניק וואָס מיר האָבן באַקומען קלעפּ פונעם מייסטער און די שטיינער פון די פּוילישע אַרבעטער, דערוואַרט אונדז נאָך אַ שטראָף אין לאַגער. דערווייל זענען מיר געווען צופרידן וואָס אין דרויסן כליאָפּעט אַ מבול און מיר זיצן אינעםביידל ביים וואַרעמען אויוון, טריקע־נען אונדזערע קליידער און רוען זיך אויס פון די געשרייען און קלעפּ.

מער ווי אַ שעה ווי מיר זיצן אינעם ביידל. אונדזער שטיקל ברויט האָבן מיר שוין פון לאַנג אויפגעגעסן. אין דרויסן בליצט און דונערט און דער רעגן ווערט נישט שוואַכער. מיר זיצן הונגעריקע, יעדער אַריינגעטאָן אין זיינע געדאַנקען און פּיין. פּלוצעם זענען צו מיר צוגעקומען עטלעכע סטשעמיעשיצער יידן, ווי מיין חבר יחזקאל זאַנדער, קלמן קאַמינסקי, דער שוחט חיים משה און דער „ווינער" און נאָך אַנדערע און זיי טענהן: „זאָמי, זאָג, וואָס וועט זיין? אַזאַ גיהנום! מיר וועלן לאַנג נישט אויסהאַלטן. וואָס קאָן מען טאָן?"

איך האָב זיי געענטפערט, אַז אויך איך טראַכט דאָס זעלבע און האָב נישט קיין ענטפער. מיר האָבן באַשלאָסן איך זאָל רעדן מיטן מייסטער, געבן אים צו פאַרשטיין, אַז די אַרבעטנדיקע קענען נישט קיין דייטש, דער־פאַר ווייסן זיי נישט וואָס צו טאָן. פון דעם קומט אַרויס דאָס גאַנצע צעמי־שעניש. האָב איך זיך געוואַנדן צום מייסטער און אים געזאָגט:

„הער מייסטער, אַנטשולדיקט וואָס איך שטער אייך, אָבער איך וויל אייך אויפמערקזאַם מאַכן, אַז מיינע חברים פאַרשטייען נישט קיין דייטש, זיי ווייסן נישט וואָס איר ווילט זיי זאָלן טאָן. פון דעם זענען אַרויסגעקומען אַלע צרות. איך בעט אייך, לאָזט מיך אָרגאַניזירן די אַרבעט. איך וועל זיי אַלץ זאָגן און דערקלערן אין יידיש. איך גלויב, אַז עס וועט קלאַפּן".

דער מייסטער האָט מיך אָנגעקוקט און צו מיר געזאָגט אַ רעזיגנירטער: „טוט וואָס איר ווילט. די הויפּטזאַך: די לאָרעס זאָלן היינט ווערן אויסגע־ליידיקט. טאָמער נישט — זאָל זיך אייער גאָט איבער אייך מרחם זיין. מיר האָבן נאָך אַ פּאָר שעה צייט. ווייזט וואָס איר קאָנט".

די אַנדערע אַרבעטנדיקע האָבן געזען אַז איך האָב געהאַט די דרייסט־קייט צו רעדן מיטן מייסטער און ער האָט רויִק אויסגעהערט און צוגע־שאָקלט מיטן קאָפּ, זענען זיי געוואָרן נייגעריק וואָס אַזעלכעס האָב איך אים געזאָגט.

ווער זענען עס געווען די יידן אין אונדזער קאָלאָנע און וואָס איז געווען זייער טועכץ פאַר דער מלחמה אין דער היים? אָט זענען זיי געווען:

אַ מורה־הוראה, אַ שוחט, ישיבה־בחורים, שניידערס, שוסטערס, שטעפּערס, שטובן־מאָלער, בלעכער, דרוקער, קרעמער אָדער סוחרים, בעקער, אַ פריזירער, שמידן, אַ זייגערמאַכער אָדער אַ גאָלדשמיד, אַ טרעגער, חלוצים, אַ בעל־עגלה, אַ סטאָלער, אַ סטודענט, צוויי בוכהאַלטערס און אַ רעזשיסער. די אַנדערע זענען געווען אָן אַ באַשטימטער פּראָפעסיע.

האָב איך געזאָגט צו מיינע חברים לצרה:

„חברה, האָרכט זיך איין! איך האָב דעם מייסטער אויפגעקלערט, אַז אַ סך פון אונדז פאַרשטייען נישט קיין דייטש און זיי ווייסן נישט וואָס ער וויל און דערפאַר איז אַרויסגעקומען וואָס ס'איז אַרויסגעקומען. האָב איך אים געבעטן, ער זאָל מיר דערלויבן צו אָרגאַניזירן די אַרבעט. ער וועט מיר זאָגן, וואָס ער וויל און איך וועל עס אייך דערקלערן אין ייִדיש. אויף אַזאַ אופן וועלן מיר נישט מוזן אומזיסט אַוועקגעבן אונדזערע כּוחות, ווי היינט ביי דער אָפּגעפּאַלענער וואַגאַנעטקע. אין אַזאַ גיהנומדיקער אַטמאָספער, מיט געשרייען, מיט אכזריותדיקע קלעפּ פונעם מייסטער און שטיינער פון די פּוילישע שקצים, וועלן מיר דאָ לאַנג נישט אויסהאַלטן. בעט איך אייך איר זאָלט מיר זיין בייהילפיק און טאָן אַלץ, אַז מיר זאָלן מאַכן אונדזער נאָרמע אָן קלעפּ און אָן די שטיינער פון די פּאָליאַקן. אויך די פראַנצויזן זענען אויף אונדז בייז, ווייל זיי מוזן פאַר אונדז אַרבעטן".

דער עולם איז מיט מיר מסכּים געווען. צוגעשאָקלט מיט די קעפּ און זענען געווען צופרידן וואָס די אַרבעט וועט ווערן ווי געהעריק אָרגאַניזירט, און דער עיקר: דער מייסטער וועט זיך נישט אַריינמישן.

עס האָט אין מיר אויפגעוואַכט דער טעאַטער־רעזשיסער. אויף דער בינע, אויב אין אַ פּיעסע דאַרף פאָרקומען אַן „אומאָרדענונגס־סצענע", דעמלט מוז די דאָזיקע „אומאָרדענונגס־סצענע" ווערן אויסגעפירט אין דער גרעסטער אָרדענונג און פּינקטלעכקייט, אויב נישט, וועלן מיר טאַקע קומען צו אַזאַ אומאָרדענונג, אַז מיר וועלן נישט קאָנען שפּילן די סצענע לויט דעם אָנגעצייכנטן רעזשי־פּלאַן. עס וועט ווערן אַיין גרויסע מהומה. אויך דאָ האָב איך געדאַרפט איינפירן די פּינקטלעכקייט אין דער אויספירונג פון דער אַרבעט. מיט דעם וועט פאַרלייכטערט ווערן די אַרבעט און עס וועלן פאַרמיטן ווערן די אומזיסטע קלעפּ און פיין.

קודם־כּל האָב איך אויפן אָרט פאַרטיילט די „ראָלן", וואָס יעדער איינער וועט באַדאַרפן אויספירן. פון דער יונגער און שטאַרקערער חברה האָב איך אַרויסגעזוכט אייניקע בחורים; די עלטערע און שוואַכערע האָב איך דערווייל אַוועקגעשטעלט אָן אַ זייט, זאָלן זיי זיך צוקוקן און זיין גרייט

עמעצן צו פאַרטרעטן אויב ס׳וועט נויטיק זיין. כ׳האָב גענומען צוויי היל־צערנע קאַסטנס, וואָס זענען געשטאַנען אין אַ ווינקל פונעםביידל, זיי צוזאַמענגעשטעלט און געזאָגט: „חברה, זעט!... דאָס איז די וואַגאָנעטקע, די ,לאָרע׳״, און אָנגעהויבן די „רעפּעטיציע״. אין אונדזער גרופּע איז געווען אַ טאַטע מיט צוויי זין, יעדערער פון זיי אַ מעטער אַכציק די הייך, אַלע דריי שמידן, האָב איך צו זיי געזאָגט:

„ר׳ משה, דער צוג איז אָנגעקומען. איר נעמט איצט דעם גרויסן דראָנג, מיט צוויי צום דראָנג צוגעבונדענע שטריק, און שטעקט דעם דראָנג אַריין צווישן די רעדער פון דער וואַגאָנעטקע. דו, ברוך״, האָב איך זיך געוואָנדן צו די זין, „נעמסט דעם רעכטן שטריק פון דראָנג, און דו, וואָלף, דעם לינקן שטריק. קיין מאָל נישט פאַרטוישן די ערטער. דו, ברוך, שטייסט רעכטס פון דיין טאַטן, און דו, וואָלף, לינקס. אַזוי בלייבט איר שטענדיק אויף אייערע ערטער. איר אַלע דריי צוזאַמען האַלטן פעסט דאָס וועגעלע, עס זאָל נישט אַראָפּ פון די שינעס. מער זאָלט איר גאָרנישט טאָן. דאָס איז אייער ,ראָלע׳. איצט, איר צוויי, בערל און אברהם, איר מאַכט אויף די זייטן־ריגלען. בערל, דו שטענדיק רעכטס, און דו, אברהם, שטענדיק לינקס — מער גאָרנישט. דו יאַנקל און דו חיים, איר ביידע וועט מאַכן „מוזיק׳, דאָס הייסט — שאָקלען די ,לאָרע׳, כּדי צו קאָנען זי לייכטער איבערדרייען און אויסשיטן די ערד מיט די שטיינער. דאָס איז עס, מער נישט. איצט איר צוויי״, האָב איך זיך געוואָנדן צו צוויי אַנדערע בחורים, „איר קראַצט און רייניקט אויס די ,לאָרע׳ און שטעלט זי צוריק גראָד — מער נישט. בערל און אברהם פאַרשליסן צוריק די ריגלען, און אַלע גייען צו צום צווייטן וועגעלע און אַזוי ווייטער״.

די רעשט פונעם עולם, די עלטערע און שוואַכערע, האָב איך געהייסן צעוואַרפן די ערד מיט די שטיינער און אויסגלייכן דעם באָדן. די גאָר שוואַכע האָבן באַדאַרפט אַרויסזוכן די שטיקלעך האָלץ און זיי לייגן אויף אַ באַשטימטן פּלאַץ. אַזוי האָב איך עטלעכע מאָל ביי די צוויי קאַסטנס געמאַכט „רעפּעטיציעס״.

דער מייסטער און דער שומר זענען געזעסן, געריוכערט, געטרונקען ביר און זיך אונטערגעהאַלטן. זיך נישט אינטערעסירט מיט אונדז.

אין דרייסן איז ביסלעכווייז געוואָרן ליכטיקער. ס׳האָט אויפגעהערט רעגענען. עס האָט זיך פּלוצעם דערהערט אַ שטאַרקע פייפעריי. דער מייס־טער און דער שומר האָבן זיך אויפגעשטעלט. דער מייסטער האָט אַ געשריי געטאָן:

„אַלע אַרויס צו דער אַרבעט!״

די זון האָט ווידער אָנגעהויבן שיינען. טאָפּטשענדיק אין די בלאָטעס זענען מיר צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבעט. אַנטקעגן אונדז האָט זיך דער־נענטערט אַ פראַנצויזישער געפאַנגענער, אַן אָפיציר, און אין אַ נישט־שלעכטן דייטש געזאָגט:

„פאַר וואָס מאַכט איר נישט אייער נאָרמע צוגן? אויב איר לאָדט נישט אויס אייער צאָל צוגן, פאַלט די לאַסט אויף אונדז. דאָס איז נישט חבריש. מיר זענען אַזעלכע געפאַנגענע ווי איר. אויב מאָרגן וועט זיך איבערחזרן דאָס זעלבע וואָס היינט, וועלן מיינע קאַמעראַדן נישט קאָנען זיך צוריק־האַלטן און זיי וועלן צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן אייך צעשלאָגן".

איך האָב דעם אָפיציר אויפגעקלערט אַז מיינע חברים פאַרשטייען נישט קיין דייטש. פון דעם איז אַרויסגעקומען דער באַלאַגאַן. מיינע חברים דאַרפן לערנען וואָס זיי האָבן צו טאָן. ער האָט געדריקט מיין האַנט און איז אַוועק.

דער מייסטער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין און פאַררויכערט אַ ציגאַרעט. דער שומר איז געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ — מיר זענען צוגע־טראָטן צו דער „פרעמיערע": כ'האָב אַוועקגעשטעלט יעדן אויף זיין אָרט און דאַן געהייסן נאָך אַ מאָל אַוועקגיין, דערנאָך האָב איך געגעבן אַ געשריי:

„ראַן אַן די לאָרע!" די חברה איז צוגעלאָפן צו דער וואַגאַנעטקע און יעדער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף זיין פּלאַץ. ר' משה האָט אַריינגע־שטופּט דעם גרויסן דראַנג צווישן די רעדער פון דער ,לאָרע' און די צוויי זין זיינע האָבן פעסט געהאַלטן די שטריק. איך האָב אַ געשריי געגעבן:

„אויפמאַכן די ריגלען!" די ריגלען זענען געוואָרן געעפנט. „מוזיק!"

ס'איז שוין געוואָרן אַ צעמישעניש, אַלע האָבן אָנגעהויבן שאָקלען די ,לאָרע'. ס'איז געשען אַ נס, אַז דער טאַטע מיט זיינע צוויי זין האָבן פעסט געהאַלטן דאָס וועגעלע און ס'איז נישט אַראָפּ פון די שינעס. איך האָב זיך געמאַטערט מיטן געבן אָנווייזונגען און בין באַלד געוואָרן הייזעריק פון שרייען. מען האָט מיין קול קוים געהערט, אָבער די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען פון וועגעלע צו וועגעלע וואָס אַ מאָל בעסער.

אַז דער מייסטער האָט געזען, אַז איך קאָן מער נישט רעדן, כ'האָב פאַרלוירן די שטים, האָט ער מיר געגעבן אַ פייפל — איך זאָל פייפן, אַנשטאָט רעדן. מיר האָבן שוין געהאַלטן ביים אַכטן וואָגן. ס'איז געגאַנגען וואָס אַ מאָל בעסער און בעסער. איך דאַרף נישט שרייען און נישט פייפן. עס גייט ווי פון זיך אַליין. מיר האַלטן שוין ביים פערטן צוג, עס פאַרט שוין אַריין דער פינפטער. די פראַנצויזן קוקן צו אונדז אַריבער און דער

אַפּיציר, וואָס האָט געהאַט מיט מיר געדערעדט, האָט אויפגעהויבן די הענט און געפּאַטשט צו אונדז „בראַוואָ!"

נישט געקוקט דערויף האָט זיך אַ פּאָליאַק פאַרגלוסט צו וואַרפן צו אונדז אַ שטיין, האָט דער פראַנצויזישער אָפּיציר אויך געכאַפּט אַ שטיין און, דראָענדיק מיט דער פויסט, געוואָרפן צום פּאָליאַק.

צו די פראַנצויזן אָדער צו די פּאָליאַקן זענען קיין איבעריקע צוגן, פון אונדז צו זיי, מער נישט אַריינגעפאָרן. ווען צו אונדז איז אָנגעקומען אַ צוג, איז די ליניע געווען פריי צום אַריינפאָרן. מיר האָבן שוין געהאַט געמאַכט דעם זיבעטן צוג. ס'איז אַריינגעפאָרן דער אַכטער. די נאָרמע איז געווען צען. דער מייסטער איז געשטאַנען און געשמועסט מיטן שומר, זיך צוגעקוקט צו אונדזער אַרבעט און זיך נישט אַריינגעמישט. פּלוצעם האָט אָנגעהויבן פייפן. דער מייסטער האָט צו אונדז געשריגן:

„פייער־אָוונט!"

מיר האָבן איבערגעריסן די אַרבעט, זיך אויסגעשטעלט אין רייען, אָפּגעציילט און צוריקמאַרשירט אין לאַגער אַריין. יעדער מיט דער זעלבער זאָרג: וואָס וועט זיין אויב דער מייסטער וועט מעלדן דעם לאַגער־קאָמענדאַנט, אַז מיר האָבן נישט אויסגעפירט די נאָרמע? דאָס איז דאָך ביי זיי סאַבאָטאַזש.

דער מייסטער האָט נישט געמאָלדן.

צומאָרגנס אין דער פרי, ביים אַפּעל, איז דער יודענעלטסטער צוגעקומען מיט נאָך אַ „העפטלינג", אָנגעוויזן אויף אים און צו אונדז געזאָגט:

„דער איז פון היינט אָן אייער קאָלאָנענעלטסטער, ער איז פאַר אַלץ און אַלעמען פאַראַנטוואָרטלעך, איר מוזט אים האָרכן און אויספירן אַלץ, וואָס ער וועט אייך הייסן. אויב נישט וועט דער פאַראַנטוואָרטלעכער שווער באַשטראָפט ווערן. מיר געפינען זיך אין אַ דייטשן צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגער. דאָ הערשט אַ שטאַרקע דיסציפּלין. האָט איר פאַרשטאַנען?"

דערווייל איז אָנגעקומען דער מייסטער און געזאָגט צום יודענעלטסטן, אַז ער דאַרף נישט קיין קאָלאָנענעלטסטן. פאַר זיין גרופּע איז גענוג אַ פאָראַרבעטער, און אָנווייזנדיק אויף מיר האָט ער געזאָגט: „דער פאַרשטייט דייטש — עס איז גוט פאַר מיר און פאַר זיינע קאַמעראַדן".

איך האָב נישט געוווּסט וואָס עס איז אַ קאָלאָנענעלטסטער, וואָס ס'איז זיין אויפגאַבע אויף דער „בוישטעלע" (אַרבעטספּלאַץ). איך האָב געזען אייניקע קאָלאָנענעלטסטע ווי זיי זענען אַרומגעלאָפן מיט אַ שטעקן אין דער האַנט און געשלאָגן די אייגענע חברים.

מיר האָבן אַרויסמאַרשירט צו דער אַרבעט. אויפן אַרבעטספּלאַץ האָבן

זיך דער מייסטער און דער שומר אָװעקגעשטעלט אָן אַ זײט און צװישן זיך געשמועסט. די חברים האָבן זיך אַלע אויסגעשטעלט אויף זייערע פּלעצער. דער ערשטער צוג איז אַריינגעפאָרן. איך גיב אַ צייכן אָנצוהייבן די אַרבעט. איין ,לאָרע׳ נאָך דער אַנדערער איז געוואָרן אויסגעליידיקט. איך בין געשטאַנען און נישט געהאַט וואָס צו טאָן. דער ערשטער צוג איז שוין אַרויסגעפאָרן. עס פאָרט אַריין דער צווייטער. עס האָט נישט גערויערט קיין האַלבע שעה און אויך דער צוג איז געוואָרן אויסגעליידיקט. חברה איז געשטאַנען און געוואַרט, געשמועסט צווישן זיך. איך האָב דערקלערט אַן עלטערן שוואַכן חבר, ווי אַזוי ער זאָל „פּלאַנירן״ דעם באָדן. מען מוז אויך די שטיקלעך האָלץ און צווייגלעך אַרויסנעמען און וואַרפן זיי אויף אַ באַזונדערע קופּע. זיי ווערן צוזאַמענגענומען און אַוועקגעפירט. דער־קלערנדיק דעם חבר האָב איך פּלוצעם באַקומען אַ קלאַפּ אין קאָפּ. איך האָב באַמערקט ווי דער ערדבאָדן דערנענטערט זיך צו מיר מיט אַ גרויסער שנעלקייט. עס איז פינצטער געוואָרן. מער האָב איך נישט געוווּסט וואָס מיט מיר איז געשען. ווען איך בין געקומען צו זיך, האָב איך זיך געזען אַ ליגנדיקן אויף זעק אינעם ביידל. אַ חבר האָט מיר פאַרבאַנדאַזשירט דעם קאָפּ. איך האָב זיך נישט געקאָנט רירן, און נישט געוווּסט וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט און פאַר וואָס איך בין פאַרבלוטיקט. דער קאָפּ האָט מיר שרעקלעך ווי געטאָן. ביסלעכווייז איז מיר געוואָרן בעסער. איך האָב געוואָלט זיך אויפהייבן אָבער דער מייסטער האָט געהייסן איך זאָל נאָך בלייבן אַ ביסל ליגן. נאָך אַ קורצער צייט בין איך דאָך צוריק אַרויס צו דער אַרבעט. די חברים האָבן זיך מיט מיר דערפרייט. איך האָב נאָך געהאַט שטאַרקע קאָפּ־ווייטיקן און עס האָט מיר געשווינדלט פאַר די אויגן. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין און זיך צוגעקוקט ווי פינקטלעך די חברה אַרבעט ווי אַ זייגערל. ס׳איז געווען אַ תענוג צו קוקן. יעדער אויף זיין פּלאַץ, אַפילו צוזינגענדיק, אָדער ברומענדיק אַ לידל. זיי אַרבעטן אָן קלעפּ, אָן שטיינער און אָן קללות. ס׳האָט אָנגעהויבן ווערן טונקל, האָב איך אָנגעוווּנקען צו די חברים זיי זאָלן אַרבעטן אַ ביסל לאַנגזאַמער, נישט אײַלן זיך. זיי האָבן אויסצוליידיקן בלויז נאָך איין צוג. די נאָרמע איז אויסגעפירט.

אַהיימקומענדיק אין לאַגער האָבן חברים מיר דערציילט וואָס מיט מיר איז געשען אויף דער „בוישטעלע״: בעת איך האָב דערקלערט אַ חבר, ווי אַזוי ער זאָל „פּלאַנירן״ דעם באָדן, איז הינטער מיר אָנגעקומען דער אָבערמייסטער און מיר אַ קלאַפּ געטאָן מיט אַ דראָנג אין דער האַנט און זיך צערעוועט:

„איר פֿאַרשאָלטענע הינט, פֿאַר וואָס אַרבעט איר נישט?!" — און מיט דעם זעלבן דראָנג מיר דערלאַנגט אַ זעץ אין קאָפּ. איך בין געפֿאַלן אין חלשות.

דער מייסטער האָט זיך געקריגט מיטן אָבערמייסטער פֿאַר וואָס ער האָט מיך געממיתט און געשריגן צו אים:

„דער איז דאָך דער פֿאַראַרבעטער".

דערנאָך האָט דער מייסטער געהייסן עטלעכע חברים זיי זאָלן מיך אַריינטראָגן אין דעם ביידל. אַ חבר האָט געגאָסן אויף מיר וואַסער און מיך אָפּגעמינטערט.

איך בין אַוועק צום לאַגער־דאָקטער, וואָס איז געווען אַ טשעכישער ייִד. ער האָט מיר נאָך אַ מאָל פֿאַרבאַנדאַזשירט דעם קאָפּ און געזאָגט, אַז ער וועט פֿאַרשלאָגן דעם עס־עס־הויפּטדאָקטער, מען זאָל מיך צוריקשיקן קיין סאָסנאָוויץ. שטילערהייט האָב איך זיך געפֿרייט מיט מיין קלאָפּ אין קאָפּ. עס האָט טאַקע שטאַרק וויי געטאָן, אָבער איך וועל צוריק אַהיימפֿאָרן.

צומאָרגנס בין איך מער נישט אַרויס צו דער אַרבעט. געבליבן אין דער „קראַנקענשטובע". אויך יחזקאל זאַנדער, וועלכער איז מיט מיר צוזאַמען געהאַט געקומען אין לאַגער אַריין, איז צו דער צייט אויך דאָרט געלעגן קראַנק מיט פֿיבער. ער האָט מיר דערציילט, אַז אויך ער וועט צוריקגעשיקט ווערן קיין סאָסנאָוויץ. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און מען האָט אויסגערופֿן:

„אַלע קראַנקע, וואָס זענען באַשטימט פֿאַרן טראַנספּאָרט קיין סאָסנאָוויץ, זאָלן אַרויס און זיך שטעלן צום אַפּעל!"

אַ הונדערט מאַן האָבן זיך געשטעלט צום אַפּעל. עס איז אָנגעקומען דער יודענעלטסטער און געזאָגט צו מיר:

„דו וועסט זיין דער עלטסטער פֿון דער גרופּע — דער קאָלאָנען־עלטסטער. דו ביסט פֿאַראַנטוואָרטלעך, אַז אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג, עס זאָלן נישט קומען קיין „אָנקלאַגעס", אויב יאָ, איז דעמאָלט וויי צו דיר — פֿאַרשטאַנען?!"

„יאַוואָהל!" — האָב איך געענטפֿערט און אין זיך האָב איך מיר געטראַכט: וואָס פֿאַר אַ „אָנקלאַגעס" קאָנען זיין, ווען מען פֿאָרט אַהיים?

מיר זענען געשטאַנען, שוין אָפּגעציילטע, אין אַ ריי צו פֿינף איינער הינטערן אַנדערן און געוואַרט. פּלוצעם האָב איך געהערט די שטים פֿון אַ נעבן מיר שטייענדיקן חבר: „אוי, לינדנער איז דאָ. ער גייט מיטן עס־עס־הויפּטדאָקטער". נאָך זיי זענען געגאַנגען דער לאַגער־קאָמענדאַנט מיטן

יודענעלטסטן און דער ייִדישער לאַגער־דאָקטער. ווען זיי זענען שוין געווען נאָענט ביי אונדז, האָב איך געגעבן אַ באַפעל:

„שטילשטאַנד!"

אַלע האָבן זיך אויסגעגלייכט. לינדנער מיטן עס־עס־דאָקטער זענען אַדורכגעגאַנגען די רייען פון אויבן ביז אַראָפּ און באַטראַכט יעדן איינציקן באַזונדער. לינדנער איז דאָן צו צו מיר, ער האָט מיך דערקאַנט, און מיט זיין רייטבייטשל מיר געקלאַפּט איבערן פּנים, קריצנדיק מיט די ציין:

„וואָס, אויך איר זייט קראַנק? פאַרשווינדט פון דאַנען! פאַרשווינדט שנעל!" און מיט זיין בייטשל מיר געגעבן אַ שטאַרקערן קלאַפּ איבער מיינע פּלייצעס: „פאַרשווינדט!"

איך בין אַנטלאָפן צוריק אין באַראַק. אַרויסקוקנדיק דורכן פענצטער האָב איך געזען אַז אויך יחזקאל זאַנדער לויפט צוריק. אַריינקומענדיק אין באַראַק האָט ער צו מיר געזאָגט:

„זאַמי, איך האָב געזען, אַז דו אַנטלויפסט, בין איך אויך אַנטלאָפן".

אויף צומאָרגנס האָב איך אַרויסמאַרשירט מיט מיין קאָלאָנע צו דער אַרבעט. אויף דער „בוישטעלע" איז אונדזער קאָלאָנע צעטיילט געוואָרן אין צוויי גרופּן. מיין חבר יחזקאל זאַנדער איז אַוועק מיט דער האַלבער גרופּע, צו דער זעלבער אַרבעט, נאָר צו אַ צווייטן מייסטער אויף אַן אַנדער פּלאַץ.

מיר זענען געוואָרן איינגעאַרבעט אין דער אויספירונג פון אונדזער אַרבעט אַזוי אַז מיר האָבן געהאַט גענוג דרייסיק מאַן. עס איז געווען וויניקער רעש, ווייל צום „פּלאַנירן" דעם באָדן איז געווען צו פיל הענט. עטלעכע האָבן נישט געהאַט וואָס צו טאָן און זענען געווען אויסגעשטעלט אויף קלעפּ און אַנדערע אכזריותן. פון דער צווייטער זייט האָבן איניקע חברים מורא געהאַט אַז אויב מען האָט אַ העלפט פון די חברים פון אונדז אַוועקגענומען, וועט זיין שווער צו מאַכן די נאָרמע פון צען צוגן. האָבן זיי זיך ביים אויסליידיקן די וואַגאָנעטקעס שטאַרק זיך געאיילט און די צוגן זענען געגאַנגען איינער נאָכן אַנדערן. ביז מיטאָג האָבן מיר שוין געהאַט מיט איין צוג מער ווי מיר האָבן געדאַרפט אויסליידיקן. דאָס איז געווען דער צוג, וואָס האָט געזאָלט אַריינפאָרן צו די פּאָליאַקן. דער מייסטער פון די פּוילישע פרייוויליקע אַרבעטער האָט געמאַכט געוואַלדן:

„צום טייוול! וואָס איז היינט מיט אייך? איר אַרבעט דאָך ערגער ווי דאָס יודען־געזינדל!"

אונדזער מייסטער האָט געלאַכט. געווען צופרידן. ער וועט באַקומען אַ „פלוס־קאַרטע" לעבנסמיטל, אָדער אַ ציגאַרעטן־צוגאָב. ס'איז ווידער אָנגעקומען אַ צוג וואָס קאָן נישט אַרויף אויף דער ליניע צו די פּאָליאַקן.

ער פאַרט אַרויף אויף אונדזער ליניע. ביזן אָוונט האָבן מיר געמאַכט צוועלף צוגן, מיט צוויי צוגן מער ווי די נאָרמע.

צוריקקומענדיק אין לאַגער האָב איך געזאָגט צו מיינע חברים:

„חברה, זייט פּאַרזיכטיק. איר האָט היינט צו פיל זיך געאיילט. ווען דער מייסטער וועט זען, אַז מיר קאָנען מאַכן צוועלף צוגן אַ טאָג, וועט ער אונדז פייניקן מיר זאָלן יעדן טאָג מאַכן צו צוועלף צוגן און מער. זייט פּאַרזיכטיק, מאַכט נישט מער און נישט ווייניקער ווי ס'איז די נאָרמע. מיר דאַרפן נישט אַליין זיך איינשאַפן צרות".

ווי נאָר מיר זענען אויף צומאָרגנס אָנגעקומען צו דער אַרבעט האָבן די פּאָליאַקן אָנגעהויבן וואַרפן אויף אונדז שטיינער, צוזאַמען מיט זידלע־רייען. מיטאָגצייט האָט דער מייסטער פאַר אונדז אַלע געבראַכט נאָך אַ מילכקאַן מיט זופּ — די זופּ, וואָס מען האָט ביי די פּאָליאַקן אַוועקגענומען, ווייל זיי האָבן ווייניקער געמאַכט און מיר האָבן פאַר זיי געאַרבעט.

שפּעטער אַ ביסל איז געקומען צו אונדז דער פראַנצויזישער אָפיציר און געזאָגט:

„פאַר וואָס יאָגט איר אַזוי מיט דער אַרבעט? מיינע חברים זענען בייז און ווי איך זע וואַרפן אייך די פּאָליאַקן שטיינער. איך קאָן גאָרנישט נישט טאָן. מוּאַ, זשע רעגרעט! (איך באַדויער)", האָט ער צוגעגעבן.

איך האָב אים געענטפערט: „אין די ערשטע טעג, ווען מיר האָבן נישט געקאָנט מאַכן די נאָרמע פון צען צוגן, האָבן די פּאָליאַקן אויף אונדז געוואָרפן שטיינער און מיט ציניש געלעכטער געגעסן אונדזער זופּ. נעכטן האָבן מיר געמאַכט מער בלויז כּדי אָפּצונעמען אונדזער בונקער־זופּ. פון היינט אָן וועט אַלץ זיין אין בעסטער אָרדענונג. מיר ווילן ביי קיינעם נישט צונעמען זייער ביסל זופּ".

פון דעם טאָג אָן האָבן מיר רעגולער געמאַכט אונדזער נאָרמע. נישט מער און נישט ווייניקער. מיט דער צייט האָבן מיר זיך אַפילו באַפריינדט מיט אייניקע פּוילישע אַרבעטער. זיי זענען געווען פרייע אַרבעטער; נישט געווען טאָג־טעגלעך אונטער אַ שמירה, אַזוי ווי מיר. זיי האָבן זיך געקאָנט פריי באַוועגן אין דער שטאָט. ווען מיר האָבן געוואָלט אַהיימשיקן אַ בריוו אָן דער צענזור פון דער לאַגער־פאַרוואַלטונג, האָבן מיר דעם בריוו געגעבן אַ באַקאַנטן פּוילישן אַרבעטער און ער האָט דעם בריוו אַוועקגעשיקט דורך דער שטאָט־פּאָסט. מיר האָבן מיט זיי געמאַכט פאַרשידענע טויש־געשעפטן, ווי למשל: פאַר ציגאַרעטן — ברויט, אָדער פאַר אַ גאָלדענעם חפץ — פאַרשידענע לעבנסמיטל.

זייט דעמאָלט האָבן מיר געלעבט בשלום, סיי מיט די פּאָליאַקן און סיי

מיט די פראַנצויזן. דער מייסטער אונדזערער האָט זיך צו אונדז געהאַט צוגעוווינט און אָפט געמאַכט זיך נישט זען אַ באַגאַנגענע „עבירה״ פון אונדזערס אַ חבר. עטלעכע מאָל האָט ער אונדז געבראַכט אַ קאָן מיט „נאַכשלאַג״ (צוגאַב־עסן), אָדער ווי מיר האָבן עס גערופן „רעפּעטע״, אַ וואָרט וואָס איז גענוצט געוואָרן אין דער פּוילישער אַרמיי פאַר אַ צווייטע פּאַרציע עסן.

אין איינעם אַ טאָג האָט מען אונדז מבשׂר געווען, אַז דאָס איז דער לעצטער אַרבעטסטאָג אויף דער דאַזיקער „בוישטעלע״ אין דערפלעס. דער יודענלאַגער ווערט פאַרמאַכט. דער פראַנצויזישער אָפיציר האָט מיר געזאָגט, אַז אין אונדזער לאַגער קומען אַריין רוסישע געפאַנגענע. מיר האָבן אין דעם טאָג כּמעט נישט געאַרבעט. נאָך מיטאָג האָט מען אַלע אַרבעטער פון דער „בוישטעלע״ צוזאַמענגערופן אויף איין פּלאַץ און דער הויפּט לאַגער־אינספּעקטאָר האָט געהאַלטן פאַר אונדז אַ רעדע און געזאָגט:

„די אַרבעט אויף דער דאַזיקער ,בוישטעלע׳ איז פאַר אייך אַלעמען געענדיקט. אין נאָמען פון דער בוי־אונטערנעמונג וויל איך אייך אַלעמען אויסדריקן אָנערקענונג פאַר אייער גוטער און פּינקטלעכער אַרבעט. פאַר אַלע די טשעכישע אַרבעטער, די פראַנצויזן, די פּוילישע און ייִדישע אַרבעטער״. צו אונדז האָט ער זיך געוואָנדן:

„איר, ייִדן, איר פאָרט אַלע צוריק אַהיים, אין אייערע ווינערטער!״

די שׂמחה ביי אונדז איז געווען געוואַלטיק גרויס. מיר פאָרן אַהיים! נישט אַנדערש נאָר אַמעריקע האָט זיך פאַר אונדז געמיט. מיר האָבן גע־וואָרט אויפן אָוונט און געוואָלט ס׳זאָל שוין זיין מאָרגן, מיר זאָלן אַהיימ־פאָרן. אָבער, ווען מיר זענען אין אָוונט טויט מידע און הונגעריקע געקומען אין לאַגער אַריין, האָבן מיר פאַרגעסן, אַז מיר פאָרן אַהיים. מיר זענען שנעל געלאָפן זיך אַרומוואַשן און נעמען די זופּ מיטן „פּאַסונעק״ — די פּאַרציע ברויט מיט אַ שטיקל מאַרגאַרין און אַ לעפל צוקער. ביים עסן די זופּ האָבן מיר זיך צוריק דערמאָנט אין אונדזער גרויסער שׂמחה און זיך צעזונגען: „אַהיים, אַהיים, אוי ייִדעלעך אַהיים, גענוג געהאָרעוועט, גענוג געליטן, זאָל שוין זיין, אוי, ייִדן, צום גוטן! אַהיים פאָרט ייִדעלעך אַהיים!״ די נאַכט איז מען כּמעט נישט געשלאָפן. צומאָרגנס באַלד אין דער פרי, האָבן מיר זיך געגרייט אין וועג אַריין. ס׳האָט זיך דערהערט דאָס באַקאַנטע קלינגען פונעם גלאָק און דער אויסגעשריי: „אַלע זיך פאַרבעט־רייטן צום אָפּמאַרש צו דער באַן. אין צען מינוטן — אַפּעל!״ מיר איילן זיך פאַרפּאַקן די לעצטע זאַכן אונדזערע און שוין הערט מען קלינגען און פייפן מיטן געשריי:

„אַלע אַנטרעטן צום אַפּעל און צום אָפּמאַרש!" מיר לויפן אַרויס מיט אונדזערע וואַליזקעס און פּעקלעך, שטעלן זיך אויס אין קאָלאָנעס און ציילן אָפּ. אויפן באַפעל: „אַכטונג, מאַררש!" האָבן מיר אַלע אַרויסמאַרשירט פון לאַגער צו דער נאָענטסטער באַן־סטאַנציע. מיר שטופּן זיך אַריין אין די וואַגאָנען דריטע קלאַס און דער צוג הייבט אָן פאָרן. די שׂמחה ביי אונדז איז געווען נישט צו באַשרייבן: געוואַלד, ייִדן, מיר פאָרן אַהיים! — דאָס איז געווען דעם 28סטן אויגוסט 1941.

## מיר פאָרן אַהיים

מיר פאָרן שוין עטלעכע שעה. דער וואַגאָן אונדזערער איז אָנגעפּראַפּט מיט ייִדן, וואָס זיצן צוזאַמענגעקוועטשטע אויף די בענק און אויף זייערע וואַליזקעס און קאַרטאָנען־פּעקלעך, אָדער שטייען און קוקן דורכן פענצטער אויף די פאַרבײַיאָגנדיקע שטעט און שטעטלעך, דערפער, פעלדער און וועלדער. איניקע שמועסן שטיל צווישן זיך, אַנדערע שווייגן פאַרטראַכט, אָבער ביי אַלע פּילט מען די שׂמחה פון פאָרן אַהיים, אַהיים!

אויך איך זיץ ביי אַ פענצטער און קוק אַרויס צום דרויסן. נעבן מיר זיצט אונדזער שומר — אַ פּאָליציסט אין אַ בלויען אוניפאָרם (הילפס־פּאָליציי). צוליבן שומר איז שטיל אין אונדזער ריי. מען רעדט ווייניק צווישן זיך. יעדער איינער איז פאַרטאָן אין זיך. וואָס וועט זיין? ווען וועט מען אַהיימקומען? פּלוצעם — אַ שטאַרקער פייף פון לאָקאָמאָטיוו און עס ווערט פינצטער אין אונדזער וואַגאָן. דער צוג איז אַריין אין אַ טונעל. נאָך עטלעכע מינוטן פאָרן אין דער פינצטער, ווערט ווידער ליכטיק. דורכן פענצטער לייען איך די נעמען פון די באַן־סטאַציעס, וועלכע מיר פאָרן פאַרביי, און באַמערק, אַז מיר געפינען זיך אין דייטשלאַנד, מיר פאָרן נישט אין דער ריכטונג פון סאָסנאָוויץ. פאַרקערט, מיר פאָרן טיפער אין דייטשלאַנד. איך פרעג דעם שומר אונדזערן וואָס זיצט נעבן מיר:

„הער וואַכטמייסטער, וווהין פאָרן מיר איצט?"

דער וואַכטמייסטער קוקט מיר אָן, שמייכלט און זאָגט:

„אויך אונדז האָבן זיי געזאָגט, אַז אונדזער דינסט, אין לאַגער דערפלעס,

האָט זיך געענדיקט און מיר פאָרן צוריק אַהיים. שפּעטער האָט זיך די זאַך געענדערט. מיר פאָרן אין אַ נייעם יודען־לאַגער".

די ידיעה, אַז מיר פאָרן נישט אַהיים נאָר אין אַן אַנדער לאַגער האָט כּהרף־עין זיך צעטראָגן איבערן גאַנצן וואַגאָן. דער פּחד, די שפּאַנונג און נייגעריקייט ווהין מיר פאָרן איז פון שעה צו שעה געוואָרן שטאַרקער. די פריִערדיקע פרייד איז אָפּגעביטן געוואָרן אין צער און האַרץ־ווייטאָג. די האָפענונג צו זיין מיט נאָענטע און טייערע איז אויסגערונען. אייניקע פון אונדז האָבן געקלערט ביי אַ געלעגנהייט צו מאַכן אַ „ויברח" — איך בתוכם.

עס איז שוין געווען לאַנג נאָך מיטאָגצייט. ביז איצט האָט מען נישט געטראַכט וועגן עסן, אָבער דער מאָגן האָט גענאָגט. ס'האָט זיך געוואָלט כאָטש טרינקען אַ ביסל וואַסער. ס'דאַכט זיך אַז ס'וועט נישט נעמען קיין עק צום פאָרן פונעם צוג. פּלוצעם האָט ער פאַרפּאַמעלעכט זיין לויף. און אָט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. מיר האָבן געהאַט דאָס געפיל, אַז צוזאַמען מיטן צוג האָבן זיך אָפּגעשטעלט אונדזערע הערצער. דורכן וואַגאָן־פענצטער האָב איך געזען אַ סטאַציע פון אַ שטעטל אין דייטשן שלעזיע — היידעברעג. דער פּעראָן איז געווען פול מיט עס־עס־לייט, וואָס האָבן געהאַלטן אין זייערע הענט גומענע שטעקנס, אָדער די קייטן פון וואָלף־הינט, וואָס האָבן זיך גע־ריסן, געשפּרונגען און געבילט.

„יודען, אַרויס פון די וואַגאָנען, אָבער שנעל־שנעל! אַרויס־אַרויס!"

מיט קלאַפּנדיקע הערצער זענען מיר אַרויס פון די וואַגאָנען, זיך אויס־געשטעלט צו דריי, איינער הינטערן אַנדערן. אויפן באַפעל: „אָפּציילן!" האָבן מיר אָפּגעציילט. די צאָל האָט געשטימט. דער הויפּט פון די עס־עס־לייט האָט געגעבן אַ באַפעל: „לינקס אום!" האָבן מיר זיך אַ דריי געגעבן אויף לינקס. די עס־עס־לייט האָבן אונדז אַרומגערינגלט מיט זייערע בילנ־דיקע הינט. מיר האָבן אַרויסמאַרשירט פון דער סטאַציע צו דער שטאָט, שלעפּנדיק די וואַליזקעס און פּעקלעך.

ביים אַרויסגאַנג פון דער סטאַציע האָבן דייטשע מענער און פרויען אונדז אָבסערווירט און „געגעבן עצהס":

„דאָס זענען אַוודאי רוסן. מען דאַרף מיט זיי מאַכן אַ סוף. אויספּאַר־טיקן!"

איינער פון די עס־עס־לייט האָט אויסגעבעסערט:

„אַך, קוואַטש, דאָס זענען דאָך יודען!"

„וואָס ?! יודען ?!" האָט זיך אַ דייטש מיט אַ גראָבן בויך געוווּנדערט, „ביי אונדז האָט מען אַלע יודען אויסגעראָטן, אָדער זיי צום טיוול פאַר־

שיקט. העי!... וואָס שלעפּט איר זיך מיט זיי אַרום? מאַכט אַ סוף מיט דעם געזינדל!״

„שווייגט!״ האָט זיך אַ צווייטער עס־עס־מאַן צו אים געוואָנדן, „דאָס איז נישט אייער זאַך!״

אַנדערע ווידער האָבן אונדז באַגלייט מיט רחמנות־בליקן, און אַפילו צוגעוואָרפן שטיקלעך ברויט.

דורך זייטיקע גאַסן און געסלעך האָט מען אונדז אַרויסגעפירט פון דער שטאָט און אַוועקגעפירט אין אַ וואַלד. מיר האָבן מאַרשירט אָן אַ סוף איבערטראָגנדיק אונדזערע וואַליזקעס און פּעקלעך פון איין האַנט אין דער אַנדערער. פּלוצעם אַ באַפעל: „שטיין בלייבן!״ „אויפן ערדבאָדן זיך אַוועקזעצן!...״

מיר האָבן זיך אַלע אַוועקגעזעצט אויף דער ערד. אויסגעמאַטערטע און מיט ווייטאָגן אין די גלידער פון שלעפּן די וואַליזקעס, זענען מיר געווען צופרידן וואָס מיר קאָנען אַ ביסל זיך אָפּרוען. נאָך מער ווי אַ שעה זיצן אויף דער ערד, האָבן די עס־עס אָנגעהויבן ווערן נערוועז. די הינט האָבן געבילט און זיך געריסן פון די קייטן. אויך זיי האָבן געפילט די נערוועזיטעט פון זייערע באַלעבאַטים. פון לאַנגן זיצן אויף דער ערד האָט אָנגעהויבן ווי טאָן דער רוקן. אויפשטיין האָט מען נישט געטאָרט. ווייל איינער אויפשטיין, רייסן זיך צו אים די הינט מיט אַ געבילעריי, ווי זיי וואָלטן געוואָלט אים צערייסן אויף שטיקער. ס׳איז אָנגעקומען אַ גרופּע בלויע פּאָליציי. די עס־עס־לייט האָבן איבערגעגעבן די פּאַפּירן דעם קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי, און ער האָט זיך אויסגעדרייט צו אונדז און באַפוילן:

„אַלע אויפשטיין! אַפּעל!״

מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט אין רייען, אָפּגעציילט, די צאָל האָט געשטימט, די עס־עס־לייט האָבן אויסגעצויגן זייערע רעכטע הענט און מיט אַ געבריל, ווי די הינט זייערע וואָלטן געבילט, האָבן זיי אויסגעשריגן:

„הייל היטלער!״

אויף די בלויע פּאָליציי־לייט האָבן צוזאַמענגעקלאַפּט זייערע קנאַפּל און אויסגעצויגן די הענט און אָפּגעענטפערט: „הייל היטלער!״

דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט איז פאַרבייגעגאַנגען אונדזערע רייען און באַקוקט יעדן איינציקן. נעבן יעדן פון אונדז איז פון זיין רעכטער זייט געשטאַנען זיין וואַליזקע אָדער פּעקל. דער קאָמענדאַנט האָט באַפוילן:

„אַכטונג, הערט! די פּעקלעך בלייבן ליגן אויפן אָרט! די גאַנצע קאָלאָנע, פינף שריט פאָרויסטרעטן — טרעט!״

מיר לאָזן איבער אונדזערע וואַליזקעס און פעקלעך און טרעטן אַרויס אויף פינף שריט.

„די רייען גראָד אויס!"

מיר גלייכן אויס די רייען.

דער קאָמענדאַנט באַפעלט ווייטער:

„אַלע לינקס אום! אין גלייכע שריט מאַררש!"

ס'איז געוואָרן אַ שטיקל סומאַטאָכע, ווייל אייניקע האָבן געוואָלט כאַפּן זייערע וואַליזקעס אָדער פעקלעך. די פּאָליציסטן לויפן צו מיט אַ געבריל:

„איר פאַרשאָלטענע געזעלשאַפט, לאָזט די פעקלעך ליגן!" — און טראַך מיט זייערע גומענע שטעקנס איבער אונדזערע קעפּ און פּלייצעס נישט איבערקלייבנדיק.

דער קאָמענדאַנט האָט באַפוילן נאָך אַ מאָל זיך אויסשטעלן אין רייען און געזאָגט:

„האָרכט זיך גוט איין!... אַלע וואַליזקעס און פעקלעך בלייבן ליגן. עס איז שטרענג פאַרבאָטן זיי מיטצונעמען. אַלע פעקלעך קומען אויף דער קאָנטראָלשטוב, דאָרט וועלן זיי ווערן אַדורכקאָנטראָלירט, צי עס געפינט זיך נישט אין זיי וואָפן, אָדער אַנדערע פאַרבאָטענע זאַכן. נאָך דער קאָנ־טראָל וועט איר זיי צוריק באַקומען — פאַרשטאַנען?!"

צעשלאָגענע, פאַרפייניקטע, פאַרמאַטערטע, האָבן מיר געענטפערט אין כאָר: „יאַוואָהל!"

דער קאָמענדאַנט גיט נאָך אַ מאָל דעם באַפעל:

„אַכטונג! שטילשטאַנד! אין גלייכן שריט — מאַררש!"

מיר האָבן אַוועקמאַרשירט, אָן די וואַליזקעס, אָן די פעקלעך. וועלן מיר זיי צוריק זען? — אייניקע פון אונדז האָבן שטיל צווישן זיך געשוש־קעט: „זיי וועלן אונדז דאָ, אין וואַלד, פאַרטיק מאַכן".

נאָך אַ קורצער צייט מאַרשירן זענען מיר אַרויס פון וואַלד און אַריינ־מאַרשירט אין אַ קליין דערפל. עס איז שוין געווען אָוונט. אייניקע גאַזלאָמפּן האָבן שוואַך באַלויכטן די ליידיקע גאַסן, דורך וועלכע מען האָט אונדז געפירט. ס'האָט אָנגעהויבן בליצן און דונערן. ס'האָט אויסגעבראָכן אַ שטורעם מיט אַ רעגן. ס'איז געוואָרן שווער צו מאַרשירן. דער רעגן האָט געפּאַטשט אין פּנים און פאַרהאַקט דעם אָטעם. מיר זענען שוין געווען דורכ־געווייקט פונעם רעגן און מער נישט מאַרשירט אין גלייכע רייען. מיר זענען געגאַנגען צוזאַמענגעדריקטע און פאַרשטעלט מיט אונדזערע אַקסלען דעם שטורעמדיקן רעגן מיטן האָגל, וואָס האָט געהאַקט אויף אונדז ווי קליינע שפּיציקע שטיינדלעך.

לאַנגזאַם האָט דער רעגן אויפגעהערט. מיר האָבן צוריק אויסגעגלייכט אונדזערע רייען און ווייטער מאַרשירט. מיר זענען ענדלעך אָנגעקומען צו אַ גרויסער הילצערנער שאָפּע. די פּאָליציי האָט אויפגעפּראַלט דעם טויער און אונדז אַריינגעלאָזט אין דער שאָפּע, וואָס מחמת די שטאַרקע בליצן און דונערן איז דאָס ליכט געווען פּאַרלאָשן. מיר האָבן געטאַפּט אין דער פינצטער און געפּאַלן איינער איבערן אַנדערן. יעדער האָט געזוכט אַ פּלאַץ זיך אַוועקצוזעצן, אָדער זיך אַוועקצולייגן. מ׳האָט אָנגעהויבן פילן די נאַסע אומאָנגענעמע קעלט. איינער טוליעט זיך צום צווייטן, כּדי זיך צו דערוואַ־רעמען. וואָס וועט זיין מאָרגן? די מידקייט האָט אונדז באַוועלטיקט און מיר זענען איינגעשלאָפן.

## אין נייעם יודען־לאַגער

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף איז שוין געווען טאָג. דורך קליינע פאַרדראַטעוועטע פענצטער האָט זיך דורכגעזייערט אַ מאַט ליכט. כ׳האָב באַמערקט, אַז מיר געפינען זיך אין אַ דאָרף־קינאָ. די בענק זענען געווען אַרויסגענומען, אויף די ווענט זענען געהאָנגען פּלאַקאַטן מיט פאַר־שידענע לאָזונגען. אויף איין פּלאַקאַט איז געווען אויסגעמאָלט אַ מויל פון אַ מענטש מיט אַ גרויסן וואָרענענדיקן פינגער פאַרן מויל און אונטן אַן אויפשריפט: „פסססט! דער פיינט הערט מיט!״

אויף אַ צווייטן פּלאַקאַט איז געווען אויפגעדרוקט די לאָזונג: „איין פירער, איין פאָלק, איין פאָטערלאַנד!״

אַן אַנדער פּלאַקאַט מיט אַן אַנטיסעמיטישער קאַריקאַטור־צייכענונג פון אַ ייִד, מיט דער צושריפט: „דער ייִד איז אונדזער אומגליק — ער צע־שטערט יעדן פּאָלקישן לעבנסאַרט!״

צום סוף פון זאַל זענען געשטאַנען צוויי רייען מיט הילצערנע קויקעס. איין קויקע איבער דער צווייטער. יעדער פון אונדז האָט לויט זיין איינזען פאַרכאַפּט אַ „בעסערן״ פּלאַץ און זיך אַוועקגעזעצט אויף „זיין״ קויקע. מיר איז געלונגען צו פאַרכאַפּן אַן אונטערשטע בעטל. מיין חבר יחזקאל זאַנדער האָט פאַרנומען דאָס אויבערשטע. זענען מיר געזעסן אויף די היל־צערנע בעטלעך און געוואַרט מיט פחדימדיקער שפּאַנונג. כ׳האָב נישט

געקענט מיט זיך דורכקומען צי ס׳איז זעקס אַ זייגער און אפשר זיבן? און אפשר פינף אַ זייגער פרי? פלוצעם האָט זיך אויפגעפראַלט די ברייטע טיר און — אַ געשריי:

„אַלע אַרויס צום אַפּעל!"

מיר זענען אַראָפּ פון די קויקעס און אַרויס פון דער שאַפּע. אַרום דער שאַפּע איז געווען אַ גרויסער פּלאַץ אַרומגעצוימט מיט שטעכלדראָט. מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט אין רייען, צו דריי איינער הינטערן אַנדערן. אַרום אונדז האָבן זיך געשטעלט בלויע פּאָליציסטן. דער קאָמענדאַנט איז אַדורכ־געגאַנגען די רייען און געהייסן אָפּציילן. דערנאָך האָט ער געפרעגט, צי ס׳איז מיט אונדז מיטגעקומען אַ יודענעלטסטער? *

מיר האָבן געענטפערט אַז ניין. דער קאָמענדאַנט האָט באַפוילן:

„קאָלאָנענעלטסטע, אַרויסטרעטן פון דער ריי!"

בלויז איינער איז אַרויס. דאָס איז געווען אַ קאָלאָנענעלטסטער, וואָס אין אַן אַנדער לאַגער האָט ער זיינע אונטערגעאָרדנטע אַסירים אָנגעטאָן גרויסע צרות און חברה האָבן אים פיינט געהאַט. ווידער אַ קאָמאַנדע:

„ווער פון אייך קאָן דייטש, לעזן און שרייבן, זאָל אַרויסטרעטן פון דער ריי!"

קיינער ענטפערט נישט און קיינער גייט נישט אַרויס פון דער ריי. איך האָב באַמערקט ווי אייניקע נעבן מיר שטייענדיקע חברים האָבן אויס־געדרייט די קעפּ צו מיר. דער קאָמענדאַנט איז געוואָרן אויפמערקזאַם אויף די וואָס האָבן צו מיר אויסגעדרייט די קעפּ: איך בין אַרויס פון דער ריי און געבליבן שטיין אין פראָנט. דער קאָמענדאַנט האָט זיך דערנענטערט, מיך אָפּגעמאָסטן מיט אַ שטעכיקן בליק פון אונטן אַרויף און געפרעגט מיט אַ קול, וואָס כ׳האָב קוים געהערט:

„פאַר וואָס זייט איר נישט באַלד אַרויס פון דער ריי?" כ׳האָב נישט באַוויזן צו ענטפערן ווי ער האָט מיר געגעבן אַ פּאַטש אין פּנים. צוליב מיין שוואַכקייט פון די נעכטיקע אָנשטרענגונגען בין איך אומגעפאַלן און באַקומען אַ צווייטן קלאַפּ אין קאָפּ פונעם שטיינערנעם באָדן.

דער קאָמענדאַנט ריטשעט פון כּעס: „פאַרפלוכט! אויפשטיין!"

מיט מי און אַ צעטומלטער האָב איך זיך אויפגעשטעלט. דער קאָמענ־דאַנט, גרין פון כּעס, האָט געשריגן:

---

* ווען מען האָט פון דורכגאַנגס־לאַגער ביים „צענטראַלן יודענראַט" אין סאָסנאָוויץ אַרויסגעשיקט אַ גרופּע ייִדן אין אַ ניי אויפגעשטעלטן „יודן־צוואַנגסאַרבייטס־לאַגער", האָט מען באַלד מיטגעשיקט אַ יודנעלטסטן, אָהער איז דער יודענ־עלטסטער נאָך נישט געהאַט אָנגעקומען.

„איך האָב געפרעגט — פאַר וואָס זייט איר באַלד נישט אַרויס פון דער ריי?" און ווידער אַ פּאַטש און ווידער בין איך געפאַלן אויפן שטיינערנעם באָדן.

„אויפשטיין!" — האָט דער קאָמענדאַנט געריעוועט.

אַ צעבלוטיקטער אין קאָפּ האָב איך זיך באַמיט מיט אַלע כּוחות זיך אויפשטעלן, נאָר איך האָב נישט געקענט. אַלץ אַרום מיר האָט זיך געדרייט. איך האָב געזוכט אין עפּעס זיך אָנצוכאַפּן, בין איך צוריק געפאַלן. כ'האָב פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין. ווען איך בין צו זיך געקומען בין איך געלעגן אויף מיין קויקע. ווי לאַנג דאָס אַלץ האָט געדויערט ביז איך בין געקומען צו זיך, ווייס איך נישט. עס איז אַריינגעקומען דער קאָמענדאַנט און צו מיר געוווּנקען איך זאָל מיט אים מיטגיין. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ ביוראָ, מיר געגעבן פּאַפּיר מיט אַ פעדער און מיר געהייסן מאַכן אַ ליסטע פון אַלע ייִדן, וואָס זענען נעכטן אַהערגעקומען אין נייעם יודען־לאַגער. פאַרשרייבן זייערע נעמען, ווען און ווו געבוירן און זייערע פּראָפעסיעס. באַלד איז אַריינגעקומען דער קאָלאָנעלטסטער און געזאָגט צו מיר:

„דו, לאַגערשרייבער, ביז עס וועט קומען אַ יודענעלטסטער פון סאָס־נאָוויץ", האָט דער קאָמענדאַנט מיך באַשטימט פאַרן צייטווייליקן יודענ־עלטסטן. „דו דאַרפסט זיין צו מיר געהאָרכזאַם. אַלץ וואָס איך וועל דיר הייסן טאָן וועסטו דאַרפן אויספירן, אויב נישט... נו, איך האָב שוין אַזעלכע ווי דו קליין געמאַכט און מיט שטאַרקערע פון דיר פאַרטיק געוואָרן. חבר, הער זיך צו, אויב דו וועסט מיט מיר מיטאַרבעטן, וועסטו זיין דער סעקרע־טאַר און עס וועט דיר גאָרנישט פעלן".

איך האָב ממשיך געווען דאָס שרייבן און גאָרנישט געענטפערט, נאָר געטראַכט האָב איך מיר אַז ס'איז ביטער! ער קאָן צומאָל פאַרבלייבן יודענעלטסטער, דעמאָלט וועט זיין אַ בראָך צו אַלע אין דאָזיקן לאַגער. גייסטיק איז ער געווען אַ שוואַכער, אָן כאַראַקטער און דערצו אַ פּחדן. ווי־וועט זיין צו אונדז, מיר וועלן קיין פּיצל שוץ נישט האָבן. ווי אַזוי דרייט מען זיך אַרויס נישט צו דאַרפן זיין דער לאַגערשרייבער? און אפשר יאָ זיין לאַגערשרייבער? אפשר וועל איך אים קאָנען באַאיינפלוסן און צוריקהאַלטן פון מאַכן נאַרישקייטן און שלעכטס? טאָמער וועט עס מיר נישט געלינגען, וועל איך זיין מיטשולדיק פאַר זיינע פּייניקונגען.

איך האָב פאַרטיק געמאַכט די ליסטעס און געגעבן דעם פריש־געבאַ־קענעם צייטווייליקן יודענעלטסטן אַדורכצולייענען און אונטערשרייבן. האָט ער געזאָגט, אַז ער פאַרלאָזט זיך אויף מיר, ער דאַרף נישט לייענען. האָב איך אים געזאָגט נאָך אַ מאָל:

„איר זאָלט יאָ אַדורכלייענען, איר זאָלט וויסן, אַז איר זייט פאַראַנט־וואָרטלעך פאַרן געשריבענעם, נישט איך".

ער האָט גענומען די ליסטעס, אַריינגעקוקט אין זיי און גענומען די פעדער אונטערצושרייבן. ביים אונטערשרייבן האָב איך באַמערקט אַז ער האָט געציטערט אַ ביסל... איך האָב זיך אַרויפגעצויגן אַ העמד. ... 

ער האָט גענומען די ליסטעס, אַריינגעקוקט אין זיי און גענומען די פעדער אונטערצושרייבן. ביים אונטערשרייבן האָב איך באַמערקט אַז ער הארעוועט שווער און ביטער אַרויפצוברענגען זיין אונטערשריפט. איך האָב פאַרשטאַנען פאַר וואָס ער פאַרלאָזט זיך אויף מיר...

כ'האָב זיך דערפילט פאַרייאושט: אויסער וואָס דער צייטווייליקער יודענעלטסטער איז גייסטיק נישט באַלאַנסירט, איז ער צו דעם נאָך אַן אַנאַלפאַבעט, וואָס קאָן זיך קוים אונטערשרייבן. טאָמער זאָל ער פירן דעם לאַגער וועט זיין ווי צו אונדז אַלע, באַזונדערס צו מיר, אַלס לאַגערשרייבער. איך האָב נישט געזען קיין אויסוועג.

אין אָוונט, ווען איך בין צוריק אַריין אין קינאָ־זאַל, זענען אייניקע מיר באַעקנטע חברים, מיך באַפאַלן מיט דער טענה פאַר וואָס איך האָב צוגעלאָזט, אַז דער קאַלאַנענעלטסטער זאָל ווערן צייטווייליקער יודענעלטסטער. ער איז נישט נאָרמאַל און דערצו אַ גראָבער נפש. זיין שפּראַך צו די חברים איז אין שטייגער פון: „חברה, די קישקעס וועל איך פון איך טרייבערן... וואָס, איר ווילט מיך באַגראָבן?... ביי מיר וועט איר אַלע ליגן איינגעלייגט!"... טייל האָבן געטענהט פאַרקערט: זאָל ער ליבערשט זיין צייטווייליקער יודענעלטסטער איידער קאַלאַנענעלטסטער, ווייל אויף דער „בוישטעלע" וועט ער האָבן גרעסערע מעגלעכקייטן אונדז צו פייניקן. פאַר יעדן קנעפּל און מייסטער באַקומט ער פון פּחד פולע הויזן. און דעמאָלט איז ווי צו דער קאַלאַנע.

איך האָב נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. איך בין געווען איבערצייגט, אַז די חברים זענען גערעכט, נאָר איך האָב נישט געוואָלט זיין — נישט קיין לאַגערשרייבער, און אַוודאי און אַוודאי נישט קיין שום יודענעלטסטער. נאָך אַ לענגערן אַרומרעדן, האָבן מיר באַשלאָסן אַז אַזוי ווי איך אַרבעט דערווייל אין ביוראָ פון דעם צייטווייליקן יודענעלטסטן, זאָל איך אַלץ טאָן, אַז דער צענטראַלער יודענראַט אין סאָסנאָוויץ זאָל באַלד אַרויסשיקן דעם יודענעלטסטן וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר אונדזער לאַגער.

צומאָרגנס האָב איך באַקומען אַ באַפעל צו רעכט מאַכן די קאָפּיעס פון די פּערזאָנען־ליסטעס צוזאַמען מיט אַ באַריכט אויף אַוועקצושיקן צום צענטראַלן יודענראַט. אין באַריכט איז געווען געשריבן: אַזוי ווי ביז היינט איז דער יודענעלטסטער, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר דעם לאַגער, נאָך נישט אָנגעקומען, האָט דער לאַגער־קאָמענדאַנט דערווייל באַשטימט דעם און דעם אַלס צייטווייליקן יודענעלטסטן. אין קלאַמערן האָב איך צוגעגעבן,

אַז איך, אַלס צייטווייליקער לאַגערשרייבער, מוז אויפמערקזאַם מאַכן, אַז מען זאָל באַלד אַרויסשיקן דעם יודענעלטסטן, ווייל דער צייטווייליקער קאָן לײַדער נישט קיין דייטש. איך האָב אונטערגעשריבן מיינע איניציאַלן און געגעבן דעם בריוו מיט די ליסטעס דעם צייטווייליקן יודענעלטסטן אַדורכ־צולייענען און צום אונטערשרייבן. ער האָט נאָך אַ מאָל אַדורכגעקוקט די ליסטעס און דעם בריוו און אונטערגעשריבן. אויף מיין פראַגע, צי ער האָט געלייענט דעם בריוו, האָט ער מיר געענטפערט אַז ער פאַרלאָזט זיך אויף מיר. האָב איך אים נאָך אַ מאָל אויפמערקזאַם געמאַכט:

„איר זאָלט זיך נישט פאַרלאָזן אויף מיר; איר זייט פאַראַנטוואָרטלעך און נישט איך" און איך האָב פאַר אים פאַרגעלייענט דעם בריוו.

ער האָט שטוינענדיק מיך אָנגעקוקט און געזאָגט:

„אַ שאָד, איך האָב געמיינט מיט אייך צוזאַמען דאָס צו טאָן. אַזוי ווי איר קאָנט דייטש, וואָלט איך געווען דער יודענעלטסטער און איר דער לאַגערשרייבער.

ער האָט גענומען די ליסטעס מיטן בריוו און געגעבן דעם לאַגער־קאָמענדאַנט אַוועקצושיקן, אָבער דעם זעלבן טאָג איז פון סאָסנאָוויץ אָנגע־קומען דער פאַר דעם לאַגער באַשטימטן יודענעלטסטן מיט אַ סעקרעטאַרין.

דער צוגעשיקטער יודענעלטסטער איז געווען אַ טשעכישער ייִד, אַן אָרנטלעכער און אינטעליגענטער מענטש. זיין סעקרעטאַרין איז געווען פון קאַטוילישן גלויבן, אָבער אַלס געבוירענע ייִדישע האָט מען זי פאַרשיקט אין אַ יודען־לאַגער.

אין דער פרי ביים אַפּעל, האָט דער יודענעלטסטער אויסגעשטעלט דרייסיק מאַן, מיך צוגעשטעלט צו זיי און געזאָגט צו מיר:

„איר גייט אַרויס מיט דער דאָזיקער גרופּע אַלס פאָראַרבייטער. איר זייט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער גרופּע, ס'זאָלן נישט קומען קיין אָנקלאַגעס פון אַרבעטספּלאַץ. געדענקט, דאָס איז אין דעם אינטערעס פאַר אייער גרופּע און פאַר אייך. זעט, מען זאָל אייך נישט שיקן צו שטראָף־אַרבעט!"

איצט האָב איך געדאַרפט נאָר בעטן מיר זאָלן האָבן מזל און אַריינפאַלן צו אַ גוטן מייסטער און איך וועל מיט אים דורכקומען, מיר און מיינע חברים צו פאַרלייכטערן די שקלאַפן־אַרבעט.

דעם טאָג האָט פאַר אַ צאָל אַסירים אויסגעפעלט עסן־צוטיילונג. די צוטיילונג איז באַשטאַנען פון אַ פאָרציע ברויט, אַ שטיקל מאַרגאַרין, אַ שטיקל וווּרשט און אַ לעפל צוקער. אָנשטאָט דעם אַלעם האָט יעדער פון זיי באַקומען דריי ביז פיר געקאָכטע קאַרטאָפל אין דער שאָל. אויך פון אונדזער גרופּע האָבן עטלעכע נישט באַקומען די געהעריקע צוטיילונג,

אַזוי האָבן מיר מיט דער באַגלייטונג פון אַ פּאָליציסט אַרויסמאַרשירט צו דער אַרבעט. אויפן וועג בין איך געוויר געוואָרן אַז דאָס שטעטעלע, ווו אונדזער לאַגער געפינט זיך הייסט וואָלדבריקן. פון דעם אָנגעקומענעם אַרבעטספּלאַץ האָט דער דייטשער מייסטער אונדז געפירט אַ קילאָמעטער ווייטער. אונדזער אַרבעט: טראָגן שינעס און קלעצער צום בויען אַ נייע באַן־ליניע פאַר משׂא־צוגן, וואָס זאָלן צופירן קוילן צו דער פאַבריק אונטערן נאָמען „הערמאַן געררינג־ווערקע", ווו מען האָט אויסגעאַרבעט סינטעטישן בענזין.

די אַרבעט איז אַ שווערע. כאָטש ס'איז געווען האַרבסט האָט די זון געברענט. שנעל זענען מיר געוואָרן מיד און דער הונגער האָט אָנגעהויבן פּייניקן. די פּאָר קאַרטאָפל וואָס אַ סך פון אונדז האָבן באַקומען האָבן בלויז צערייצט דעם הונגער. און דאָ האָב איך דערזען ווי דער מייסטער שטייט נעבן אַ יונגן בחור פון אונדזער גרופּע און שלאָגט אים מיט אַ שטעקן מכּות רצח, שרייענדיק:

„דו פוילער הונט, פאַר וואָס זיצסטו און אַרבעטס נישט ?!"

איך בין צוגעלאָפן צום מייסטער און אים געפרעגט פאַר וואָס ער שלאָגט אים, האָט ער אָנגעהויבן ברילן אויך אויף מיר, אַז דער געשלאָגענער איז פויל, אַנשטאָט צו טראָגן שוועלן דרייט ער זיך אַרויס פון אַרבעטן און אַז אים צוזאַמען מיט מיר וועט ער מעלדןביים לאַגער־קאָמענדאַנט, ער זאָל אונדז ביידן באַשטראָפן פאַר פוילקייט.

„הער מייסטער", האָב איך געזאָגט, „זייט נישט בייז, דער בחור איז נישט שולדיק. אַ סך פון אונדז האָבן היינט אַנשטאָט ברויט, מאַרגאַרינע און ווורשט, באַקומען בלויז אַ פּאָר קאַרטאָפל. איר ווייסט דאָך, הער מייסטער, מיט אַ ליידיקן מאָגן איז נישט לייכט אַ גאַנצן טאָג צו שלעפּן קלעצער".

דער מייסטער האָט ברוטאַל געענטפערט:

„דאָס אַלץ אינטערעסירט מיך נישט, ס'איז נישט מיין זאַך. זאָל דער לאַגער־קאָמענדאַנט וועגן דעם זאָרגן. ווען איינער איז אויף דער ,בוישטעלע' אַזוי מוז ער אַרבעטן, און איר זייט דערפאַר פאַראַנטוואָרטלעך, פּונקט אַזוי ווי איך בין פאַראַנטוואָרטלעך, אַז די אַרבעט זאָל אויסגעפירט ווערן פּינקטלעך און צו דער צייט". ער האָט דעם אָרעמען בחור אַ זעץ געטאָן מיטן שטעקן און באַפוילן: „געשווינד צו דער אַרבעט!"

דער בחור איז צו צום שווערן קלאָץ און מיט אַלע זיינע כּוחות געפּרוווט אים אַרויפנעמען אויפן אַקסל. איך האָב אים געוואָלט העלפן, האָט דער מייסטער געשריגן צו אונדז:

„העי, לאָזט דעם קלאָץ ליגן!" ער האָט אָנגעווונקען צום בחור ער זאָל

צי אום צוגיין. דער מייסטער האָט אַרויסגענומען פון זיין טאַש אַ פּאַרציע ברויט איינגעוויקלט אין ווייס פּאַפּיר און געזאָגט:

„דאָ האָסטו צוויי שטיקלעך ברויט. מאַך אַ קורצע פּויזע. נאָכן עסן זאָלסטו זיך נעמען צו דער אַרבעט, פאַרשטאַנען?!״

מיט לייכטנדיקע אויגן האָט דער בחור גענומען דאָס ברויט. כ׳האָב אומזיסט געהאָפט, אַז ער וועט אויך מיר געבן אַ שטיקל ברויט, אָבער זיך באַנוגנט מיט דער האָפענונג, אַז דער מייסטער וועט נישט מעלדן דעם קאָמענדאַנט אַז מיר אַרבעטן נישט ווי געהעריק. דאָס האָט געהייסן פאַר־שפּאָרן אַ צוואַנציק שמיץ אויפן נאַקעטן הינטן.

אַ צוואַנציק מינוט שפּעטער האָט זיך צו מיר דערנענטערט דער פּאָלי־ציסט, וואָס האָט אונדז אַרויסגעפירט צו דער אַרבעט, און געהייסן איך זאָל מיטגיין מיט אים. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין הויפּט־ביוראָ פון דער „בוישטעלע״. דאָרט איז געזעסן אַ צעשלאָגענער און פאַרבלוטיקטער אַ צווייטער בחור. אַרום אים זענען געשטאַנען דער אָבערמייסטער, ביוראָ־אַנגעשטעלטע, און... ס׳האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן — דער שטורמ־באַנפירער מאַיאָר לינדנער. פון וואַנען האָט ער זיך דאָ אַהער גענומען? אויף קיין שום גוטס האָב איך זיך נישט געריכט.

לינדנער איז אויפגעשטאַנען, זיך דערנענטערט צו מיר, מיך באַקוקט פון אַלע זייטן און פּלוצעם מיר אַ שמיץ געטאָן מיט זיין רייטבייטש אין פּנים ווי מיט אַ מעסער. רעוועדיק שטיל ווי אַ הונט האָט ער געזאָגט צו מיר:

„מיין האַר, פאַר סאַבאָטאַזש ווערט מען געהאַנגען. פאַר וואָס האָט איר דעם יונג געזאָגט ער זאָל נישט אַרבעטן? און איר ווילט זיין פאַראַרבייטער? דער דאָזיקער שפּאַס, מיין הער, וועט אייך טייער קאָסטן!״ און ער האָט מיר דערלאַנגט אַ צווייטן שמיץ.

אין שטאַרקן ווייטאָג האָב איך זיך פאַרענטפערט:

„איך האָב קיינעם נישט געזאָגט ער זאָל נישט אַרבעטן״.

אַרויסגעשטעלט האָט זיך אַזוי: דער צעשלאָגענער איז אַדורכגעגאַנגען און געזען יענעם בחור, אַז ער זיצט און עסט ברויט. האָט ער אים געפרעגט פון וואַנען ער האָט דאָס ברויט. האָט יענער בחור אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע. אויסגעהערט די מעשה האָט אויך דער צווייטער זיך אַוועקגע־זעצט און געוואַרט אויף דעם חסד פונעם מייסטער... איז פאַרבייגעגאַנגען דער אָבערמייסטער און געטראָפן דעם בחור זיצנדיק און גאָר נישט טאָן. האָט ער אים געפרעגט פאַר וואָס ער אַרבעט נישט. האָט ער אים געענט־פערט, אַז ער האָט היינט נישט באַקומען קיין צוטיילונג, נאָר בלויז דריי

קאַרטאָפל. האָט ער נישט קיין כּוח צו שלעפּן די שווערע שוועלן. האָט דער פאָראַרבייטער אים געזאָגט ער זאָל זיך אָפּרוען און נישט אַרבעטן. דערווייל איז אונדזער מייסטער אַריינגעקומען און האָט דערציילט, אַז אין לאַגער האָבן היינט פיל יודען נישט באַקומען די געהעריקע שפּייז־צוטיילונג. צוליב דעם האָבן זיי נישט קיין כּוח צו טאָן די שווערע אַרבעט.

„דאָס איז אַ גרויסע שווינערײ! דאָס איז דאָך סאַבאָטאַזש פון דייטשער אַרבעטסקראַפט!״ האָט ער צוגעגעבן.

דער שטורמבאַנפירער מאַיאָר לינדנער האָט מיך געפרעגט:

„פאָראַרבייטער, איז דאָס אמת, אַז איר האָט היינט נישט באַקומען די געהעריקע שפּייז־צוטיילונג?״ אַז איך האָב באַשטעטיקט, אַז נישט יעדער האָט באַקומען די גלייכע צוטיילונג נאָר בלויז עטלעכע קאַרטאָפל, האָט לינדנער זיך אויסגעדרייט צום שומר און געשריגן:

„פאָסטן, אַלע יודען מאַרש צוריק אינס יודען־לאַגער!״

מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט אין רייען, אָפּגעציילט, און צוריק מאַרשירט אין לאַגער אַריין. אין לאַגער איז געוואָרן אַ גרויסער טומל און רעש. אויפן אַפּעלפּלאַץ האָבן זיך אויסגעשטעלט: דער לאַגער־קאָמענדאַנט, דער יודענעלטסטער, דער לאַגער־קוכער, וועלכער איז געווען אַן עס־אַ־מאַן; אַלע פּאָליציסטן און דער לאַגער־פּערסאָנאַל. דערווייל האָבן אַריינמאַרשירט איין קאָלאָנע נאָך דער אַנדערער.

אַזוי ווי אונדזער לאַגער איז געווען אַ נייער, איז לינדנער געקומען אויף אַן אינספּעקציע און געטראָפן די געשיכטע מיט די צוויי בחורים וואָס לויטן לאַגער־געזעץ פאַר ייִדן האָבן זיי נישט באַקומען די געהעריקע שפּייז־צוטיילונג.* נאָכן אַפּעל לויט אַלע לאַגער־כּללים, האָט מאַיאָר לינדנער זיך אויסגעדרייט צו אונדז און געפרעגט:

„ווער פון אייך ס'האָט היינט נישט באַקומען די געהעריקע שפּייז־צוטיילונג: אַ פּאָרציע ברויט, אַ פּאָרציע מאַרגאַרינע אָדער מאַרמעלאַדע, אַ פּאָרציע וווּרשט אָדער קעז, און אַ לעפל צוקער — זאָל אַרויס פון זיין ריי און זיך שטעלן פאָרנט!״

אַ הונדערט מאַן האָבן זיך אַרויסגעשטעלט.

„יודענעלטסטער! איז דאָס אמת, אַז די דאָזיקע יודען האָבן היינט נישט באַקומען די געהעריקע שפּייז־צוטיילונג?״ האָט לינדנער געפרעגט דעם יודענעלטסטן.

---

* דעמאָלט האָבן די דייטשן אונדזער אַרבעט־כּוח געדאַרפט פאַר זייער קריגס־אינדוסטריע. דאָס געשעענע מיט די קאַרטאָפל איז ביי זיי געווען אַ סאַבאָטאַזש־אַקט, אָפּגעשוואַכט דעם דייטשן אַרבעט־כּוח. ער האָט געזוכט דעם שולדיקן.

„יאַוואָהל, הער שטורמבאַנפירער", האָט ער געענטפערט, „אַ גרויסע צאָל העפטלינגע האָבן נישט באַקומען די געהעריקע שפּייז־צוטיילונג, ווייל מיר האָבן נישט באַקומען גענוג פּאַרציעס ברויט, ווורשט און מאַרגאַרינע. אַנשטאָט דעם האָבן זיי באַקומען צו עטלעכע קאַרטאָפל".

לינדנער איז צוגעגאַנגען צום עס־אַ־קוכער היינצע, מיט אים גערעדט און באַפוילן אים ברענגען דאָס לאַגער־ווירטשאַפטסבוך. דער קוכער איז געוואָרן בלייך. אָפּגעקלאַפּט מיט די קנאַפל איז ער אַוועק ברענגען דאָס ווירטשאַפטסבוך.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דער קוכער האָט צוגענומען דאָס ברויט, דעם ווורשט, דעם צוקער און זיך געטיילט מיט אייניקע פּאָליציסטן, וואָס האָבן דאָס אַלץ אַהיימגעשיקט צו זייערע פאַמיליעס.

לינדנער איז געוואָרן ווילד פון כּעס און געשריִען צום עס־אַ־קוכער:

„מענטש!... דאָס, וואָס איר האָט געטאָן, איז אַ גרויסע שווינערײַ! אַ פאַרברעכן קעגן דעם דייטשן רייך! דאָס איז סאַבאָטאַזש! איר צעשטערט דעם דייטשן אַרבעטס־כּוח!" ער האָט דאָן מיט רציחה אַראָפּגעריסן פון היינצע דעם קוכער די עפּאָלעטן פון זיין מונדיר און ווייטער היסטעריש געשריגן: „אויפן מזרח־פראָנט, אין רוסלאַנד, דאָרט, דאָרט דאַרף מען אייך בעסער ווי דאָ! איר זייט אַרעסטירט".*

לינדנערס געהילף און צוויי פּאָליציסטן האָבן דעם קוכער אַוועקגע־פירט. ווען זיי זענען פאַרביי אונדז, האָט דער עס־אַ־קוכער מיט רוגזה געגעבן מיר און אַנדערע אַ קאָפּע מיט זיין באַשטיוולטן פוס. דעמאָלט האָט לינדנער אַ געשריי געטאָן צום יודענעלטסטן, וויַיזנדיק אויף אונדז:

„דער פאַראַרבעטער און זיין גרופּע גייען מאָרגן צו שטראָפאַרבעט. זיי האָבן פאַרמסרט אַ רייכסדייטשן עס־אַ־מאַן. יודענעלטסטער, פאַרשטאַ־נען ?!"

„אַלע אַריין אין די באַראַקן!" האָט דער קאָמענדאַנט באַפוילן. מיר, אייניקע לאָמענדיק פון די קאָפּעס וואָס מיר האָבן באַקומען פון היינצן, זענען אַריין אין די באַראַקן.

צומאָרגנס איז די גאַנצע גרופּע אַרויס צו שטראָפאַרבעט, איך, אַ הינקענדיקער, מיט זיי.

אין וואָס איז באַשטאַנען די שטראָפאַרבעט? מיר האָבן געמוזט טראָגן

* די עס־עס מיט די עס־אַ־לייט האָבן נישט געלעבט בשלום. איינער האָט געהאַסט דעם צווייטן. אין גנבענען און רצחנען, זענעןביידע געווען גלייך. נאָר דאָ האָט אַן עס־עס־מאַן געפּאַקט אַן עס־אַ־מאַן אויף דער הייסער מינוט.

די שינעס און די שוועלן אין „לאָופּשריט״. הינטער אונדז זענען געשטאַנען צוויי פּאָליציסטן און אונדז געאײַלט:

„איר פֿאַרשאָלטן יודענפֿאָלק, ווילט איר זיך אַ ביסל שנעלער באַוועגן?״ און געקלאַפּט מיט זייערע גומענע שטעקנס איבער אונדזערע קעפּ.

אַזוי האָבן מיר זיך אָפּגעפּייניקט אַ ביטערן, פֿינצטערן טאָג. קוים דערלעבט דעם אָוונט אַנצוקומען צוריק אין לאַגער. דאָ זענען מיר טויט מידע אַנידערגעפֿאַלן אויף אונדזערע געלעגערס. אַ סך פֿון אונדז האָבן נישט געוואָלט גיין נעמען זייער שפּייז־צוטיילונג. זיי האָבן פּשוט נישט געהאַט קיין כּוח צו גיין צו דער קיך נאָכן ביסל עסן.

אויף צו מאָרגנס אין דער פֿרי זענען מיר נישט אַרויס צו דער אַרבעט. נאָכן אַפּעל האָבן מיר געמוזט פֿאַרפּאַקן אונדזערע זאַכן און אַוועקמאַרשירן אַ צוואַנציק קילאָמעטער ווייטער, אין אַ ניי־אויפֿגעשטעלטן לאַגער אין שטעטל נוידאָרף.

## אין יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגער (צ.א.ל.) „נוידאָרף״

אינעם נייעם לאַגער נוידאָרף האָט מען אונדזער גרופּע גענומען צו אַן אַנדערער אַרבעט. אַנשטאָט שלעפּן שינעס און שוועלן, האָבן מיר געדאַרפֿט אויף פֿאַרשיידענע פֿלעצער אויסבעסערן שוין געלייגטע שינעס, זיי אונטערהייבן, אָדער אַראָפּלאָזן, זיי אויסגלייכן. די אַרבעט איז געווען אַ סך אַ לייכטערע ווי פֿריִער, נאָר מ׳האָט געדאַרפֿט זיין אַ מומחה צו וויסן וווּ די שינעס אונטערצוהייבן און וווּ זיי אַראָפּצולאָזן. מיר האָבן שנעל אויסגעלערנט די דאָזיקע „תּורה״. דאָס מאָל האָבן מיר אויך געהאַט מזל: מיר זענען צוגעטיילט געוואָרן צו אַ מייסטער אַ גוטמוטיקן מענטש, וואָס האָט אונדז געבעטן, מיר זאָלן אים נישט אָנטאָן קיין צרות. אייגנטלעך איז דער מייסטער געווען אַ פֿאָטאָגראַפֿיסט און אַ קונסט־מאָלער, נאָר צוליב זיינעם אַ מום, האָט מען אים נישט גענומען אין מיליטער. דערפֿאַר האָט ער געמוזט אַרבעטן אין דער קריגס־אינדוסטריע.

דער מייסטער איז געווען צופֿרידן וואָס איך האָב אים פֿאַרשטאַנען וואָס ער האָט גערעדט צו מיר, און מיר האָבן מער־ווייניקער אויסגעפֿירט די אַרבעט ווי ער האָט עס געוואָלט האָבן. ער האָט נאָר געבעטן ער זאָל

נישט האָבן קיין צרות. פריִער האָט ער געאַרבעט מיט רוסישע געפאַנגענע וואָס האָבן קיין וואָרט דייטש נישט פאַרשטאַנען. דאָס זענען געווען יונגע פויערים פון פּאַראָוואַרפענע דערפער אין רוסלאַנד. זיי האָבן זיך ביי דער אַרבעט אַרומגעדרייט און נישט געוווּסט וואָס מען וויל זיי זאָלן טאָן. אָט די רוסישע געפאַנגענע זענען געווען יונגע, געזונטע מענטשן און דאָך האָבן זיי נישט אויסגעהאַלטן. טאָג־טעגלעך האָבן זיך עטלעכע פון זיי צוזאַמענ־געבראָכן, אָדער מען האָט זיי ביים „אַנטלויפן" דערשאָסן.

פאַרנאַכט ביים צוריקקער אין לאַגער האָבן די רוסישע געפאַנגענע געטראָגן זייערע טויטע און פאַרווונדעטע חברים. די טויטע האָבן זיי באַ־גראָבן אין אַ וועלדל וואָס זיי האָבן דורכמאַרשירט; די פאַרווונדעטע האָבן זיי געבראַכט אין לאַגער אַריין. די סצענעס פון טראָגן די טויטע און פאַר־ווּנדעטע האָבן אויף אונדז געמאַכט אַ שוידערלעכן איינדרוק. דעמאָלט האָט מען נאָך די ייִדן אין געוויסע „יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגערן" באַהאַנדלט ווי אַ בויטיקן אַרבעט־כּוח.

מיט דער צייט האָבן מיר זיך אויסגעלערנט דאָס פאַך פון אויסלייגן די שינעס און אַפילו געוואָרן גאַנצע מומחים. מיר האָבן דעריבער אין אַ קורצער צייט געהאַט, ווי מ'האָט עס גערופן „אַ גוט לעבן".

איין מאָל איז דער מייסטער געקומען מיט אַן אָפּגעשוירענעם קאָפּ ווי אַ צירק־לץ, מיט „טרעפּ", ווי מען פלעגט עס רופן. ווילנדיק צי נישט ווילנדיק האָבן מיר זיך צעלאַכט. דער מייסטער האָט זיך פאַרענטפערט דערמיט אַז אַלע פריזירערס זענען אַוועק אין דער מלחמה, האָט אים זיין פרוי אָפּגעשוירן. ער האָט געלאַכט צוזאַמען מיט אונדז.

כ'האָב דעם מייסטער צוגערעדט ער זאָל מיטברענגען אַ שער מיט אַ קאַם. אין אונדזער קאָלאָנע געפינט זיך אַ גוטער פריזירער, וועט ער אייך צושערן ווי עס דאַרף צו זיין. און ווירקלעך: צומאָרגנס האָט דער מייסטער מיטגעבראַכט אַ קאַם מיט אַ שער. משה דער פריזירער איז אַריין מיטן מייסטער אין דעםביידל און אים דאָרט געשוירן צוויי שעה לאַנג. משה האָט צוויי שעה „געמאַכט אַ לעבן", נישט גערדאַרפט האָרעווען און צו דעם נאָך באַקומען פון מייסטער אַ שטיק ברויט. דער מייסטער איז געווען אָפּגעשוירן ווי אַ קעניג. ער איז געווען אין זיבעטן הימל און מיר — די צוויי שעה אין דרויסן אָן אַ מייסטער — זענען אויך געווען צופרידן. שפּעטער האָבן אונדזערע צוויי שניידערס איבערגעניצעוועט און אויסגעבעסערט די מלבושים פונעם מייסטער און זיין פאַמיליע. די שניידערס האָבן מער גע־אַרבעט אין זייער פּראָפעסיע ווי ביי די שינעס. דערפאַר האָבן זיי פון צייט צו צייט באַקומען אַ ביסל קאַרטאָפל, אָדער בעבעלעך, און מיר האָבן זיי

געקאָכט פאַר דער גאַנצער גרופּע. אויף דעם שטייגער איז אונדזער אַרבעט אָנגעגאַנגען אַ חודש צייט. די אַרבעט ביי די שינעס האָט מען נישט געקאָנט באַכקאָנטראָלירן. אויב ס'האָט אויסגעזען, אַז מיר האָבן צו ווייניק געמאַכט, האָבן מיר אויף עטלעכע פּלעצער צעגראָביעט די שטיינדלעך אָדער ערד אויף אַ שטח פון צוואַנציק־דרייסיק מעטער און עס האָט אויסגעזען ווי מיר וואָלטן אויף דעם אָרט אונטערגעהויבן די שינעס. אין דעם חודש האָט זיך אונדזער גרופּע אַ ביסל אָפּגערוט פון דער פריִערדיקער שווערער האָרע־וואַניע און מיר האָבן געבעטן הלוואי נישט ערגער.*

גייענדיק אין איינעם אַ טאָג אויף די שוועלן פון די שינעס כדי אויס־צוגעפינען ווו די שינעס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט און זיי אָנצייכענען מיט רויטן קרייד, האָב איך באַמערקט ווי אַ מייסטער שלאָגט מיט אַ שטעקן אומרחמנותדיק אַ יונגן רוסישן געפאַנגענעם. דער רוס האָט זיך געדרייט אין ווייען און געשריגן:

„ניעט, ניעט!" כ'האָב פאַרשטאַנען וואָס דער געפאַנגענער וויל זאָגן און איך האָב זיך אָפּגערופן:

„הער מייסטער, ער זאָגט, אַז ער איז אומשולדיק".

דער מייסטער האָט אויפגעהערט אים שלאָגן. דער רוס איז צו מיר צוגעפאַלן מיט אַ געוויין און מיר געוויזן אויף דער ערד אויסגעשיטע קאַר־טאָפל, גערעדט און געקלאַפּט זיך אין האַרצן, אָבער איך האָב קיין וואָרט נישט פאַרשטאַנען.

דער מייסטער האָט געזאָגט צו מיר:

„דער רוסישער חזיר האָט געגנבעט קאַרטאָפל אין דער קיך פאַר דייטשן. מען וועט אים אויפהענגען!"

דער מייסטער האָט מיט דער האַנט געמאַכט אַ צייכן אויף זיין האַלדז, און אויף ס'ניי אָנגעהויבן שלאָגן דעם רוס.

דער געפאַנגענער האָט געקניט און געבעטן ביים מייסטער מיט געוויין, ער זאָל אים נישט שלאָגן, און אויך צו מיר האָט ער גערעדט און גערעדט, געוויזן מיט הענט, נאָר איך האָב גאָרנישט נישט פאַרשטאַנען.

---

* איך וויל באַמערקן, אַז מיינע דערציילונגען זענען בלויז איינצלנע עפּיזאָדן און געשעענישן פון די הונדערטער פון מיינע איבערלעבונגען אין די דייטשע „יודען־צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגערן". דאָס זעלבע אויך אין די שפּעטערע „קאָנצענטראַ־ציע־לאַגערן". נישט שטענדיק זענען עס געווען די זעלבע איבערלעבונגען פון די אַנדערע לאַגער־חברים, וואָס זענען מיט מיר געווען אינעם זעלבן אָדער אַנדערן לאַגער. קלאָר אַז יעדער איינציקער פון אונדז האָט געהאַט אויך פּער־זענלעכע איבערלעבונגען.

דער מייסטער האָט פון מיר געוואָלט וויסן „וואָס האָט דער הונט גע־זאָגט ?"

איך חזר איבער אַז דער רוס זאָגט ער איז אומשולדיק, ער האָט די קאַרטאָפל נישט געגנבעט, נאָר באַקומען זיי פון זיין חבר. דער מייסטער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג מיט דער האַנט, שרייענדיק:

„מענטש, פאַרשווינדט !..."

דער רוס האָט זיך אויפגעהויבן און אַנטלאָפן. אויך איך האָב געוואָלט ווייטער גיין, ממשיך זיין מיין אַרבעט, אָנצייכענען די שוועלן ווו מען דאַרף זיי אונטערהייבן אָדער ווו אַראָפּלאָזן. האָט דער מייסטער באַפוילן איך זאָל גיין מיט אים.

עס האָבן נישט געהאָלפן מיינע טענות, אַז איך מוז אָנצייכענען די שוועלן, אויב נישט וועט מיין גרופּע נישט וויסן ווו די שינעס אויסצו־גלייכן. ער האָט מיר געענטפערט, אַז דאָס אַלץ זאָל איך דערציילן דעם אָבערמייסטער אין דער הויפּט־ביוראָ פון דער „בוישטעלע" און נישט אים. פאַר וואָס האָט ער מיך געפירט אין הויפּט־ביוראָ ? ער האָט אין מיר אַנט־דעקט אַן איבערזעצער.

„הער אָבערמייסטער מילער, איך האָב געפונען אַ דאָלמעטשער פאַר רוסיש־דייטש. ער אַרבעט ביי שולצע. מיר מוזן אים פון דאָרט פריימאַכן", האָט ער געמאָלדן דעם אָבערמייסטער.

„הער מייסטער", האָב איך זיך געוועדט, „איך בין נישט קיין דאָלמע־טשער, איך קאָן נישט קיין רוסיש. איך... איך..."

„מענטש, פאַרמאַך דיין פּיסק !" האָט זיך דער מייסטער צעשריגן, „דו האָסט דאָך מיר אַלץ איבערזעצט וואָס דער רוס האָט צו מיר גערעדט".

„אָבער, אָבער, הער מייסטער, איך... איך..." — האָב איך געשטאַמלט. דער מייסטער האָט זיך כּעסנדיק צעברילט:

„פאַרפלוכט, דו זאָלסט דיין פּרעסער האַלטן !... פלאַפּל נישט, אויב מען האָט דיך נישט געפרעגט", און מיר דערלאַנגט מיט דער האַנט אַ פּליאַסק אין פּנים, אַז איך האָב געזען פליִען שטערנדלעך.

דער אָבערמייסטער האָט אַנטעלעפאָנירט צו מיין מייסטער און אים געזאָגט, אַז איך וועל אַוועקגענומען ווערן אויף אַ צייט פון זיין קאָלאָנע ביז עס וועט קומען דער דאָלמעטשער פאַר רוסיש־דייטש. ער האָט מיך צייטווייליק באַשטימט פאַרן איבערזעצער. מ'האָט מיר אָנגעטאָן אַ ווייסע לענטע מיט אַן אויפשריפט „דאָלמעטשער", און אין דער צווייטער שורה — „רוסיש־דייטש".

כ׳האָב זיך אַליין געשטראָפט הלמאי כ׳האָב זיך אַריינגעמישט, הלמאי איך נעם זיך אָן פאַר יעדן. ס׳האָבן מיר דען געפעלט צרות?

מיין מייסטער און מיינע חברים האָבן שטאַרק באַדויערט וואָס מען האָט מיך אַוועקגענומען פון דער גרופּע. איך האָב גאָרנישט נישט געקאָנט טאָן קעגן דעם.

נאָך אַ נאַכט פון יסורים און פינצטערע חלומות בין איך צומאָרגנס אַרויס צו דער אַרבעט. דאָ איז צו מיר צוגעקומען דער רוס, וואָס דער מייסטער האָט אים נעכטן צעשלאָגן פאַר גנבענען קאַרטאָפל פון דער קיך פאַר דייטשן און האָסטיק צו מיר גערעדט און גערעדט. איך האָב קיין וואָרט נישט פאַרשטאַנען. האָב איך צו אים געזאָגט מיט די איינצלנע ווערטער וואָס איך האָב יאָ געקענט:

„ניעט, ניע פּאָנעמאַיו".

צו ערשט האָט דער רוס מיך אָנגעקוקט מיט שטוינען און דערנאָך איז ער אַוועק און געבראַכט מיט זיך נאָך אַ רוסישן געפאַנגענעם זעלנער. ער האָט אָנגעוויזן אויף אים און געזאָגט:

„אָן פּאָנעמאַיעט ניעמיעצקי — יאָ, אָן פּאָנעמאַיעט דויטש".

דער רוס אויף וועלכן ער האָט געוויזן איז געווען אַ נידעריקער מיט אַ פּאָר טרויעריקע און דאָך לעבעדיקע אויגן. האָט ער אָנגעהויבן מיט די ווערטער:

„טאָוואַרישטש, פּאָזשאַלויסטי, איר פאַרסטייט, ניט ער, ניט גאַוורילאָ האָט געלקחנט די קאַרטאָשקעס, ניין! איוואַן, דער רויטהאָריקער האָט עס געטאָן. דער פּאָליציייאַ אונדזערער (פּאָליציייאַ — אַזוי האָבן די רוסישע געפאַנגענע אין דעם לאַגער גערופן זייער עלטסטן), ער אַרבעט מיט מיט די דייטשן. ער האָט געמיינט, אַז גאַוורילאָ האָט דאָס געטאָן, האָט ער אים געמסרט — איר פּאָנעמאַיעט? איצט בעט גאַוורילאָ, איר זאָלט נאָך אַ מאָל זאָגן דעם מייסטער, אַז ער איז ניעווינאָוואַט — ניט סולדיק. איר פאַר־סטייט, ער האָט מורא, אַז מען וועט אים... (דאָ האָט ער מיט דער האַנט אָנגעוויזן איבערן האַלדז) אויפהענגען".

„ר׳ ייִד", האָב איך אים געזאָגט שטיל, „האָט איר שוין געבענטשט ראש חודש? היינט איז דאָך ראש חודש!"

„ס׳ווייַגט, דערבאַרעמט אייך און ס׳ווייַגט! פאַראַנען ביי זיי רשעים, אַנטיסעמיטן, ימח שמם!" האָט דער געפאַנגענער ייִד געבעטן.

כ׳האָב דעם רוס צוגעזאָגט, אַז כ׳וועל זיין ענין דערליידיקן. ער איז אַוועק אַ צופרידענער.

ביים אָנהויב פון דער מלחמה האָבן די דייטשן דערשאָסן אַ גרויסע

צאָל רוסישע געפאַנגענע זעלנער (באַזונדערס ייִדן), אַלס קאָמוניסטישע קאָמיסאַרן. פיל ייִדן איז געלונגען, אַ מאָל אויך אַ דאַנק רוסישע חברים, אויסצובאַהאַלטן זייער ייִדישקייט. דער ייִד האָט מיר דערציילט, אַז ביינאַכט האָבן חברה דעם דאַזיקן פּאָליציייִאַ, וואָס האָט קאָלאַבאָרירט מיט די דייטשן, אַנגעטאָן אַ זאַק אויפן קאָפּ און אים דערהרגעט. דער ייִד האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט שטאַרק מורא געהאַט פאַר דעם דאַזיקן מסור, וואָס איז אויך געווען אַ משוגענער אַנטיסעמיט. ער האָט געקאָנט זיך אַנשטויסן אַז „איך בין אַן עמך, ווי וואָלט געווען צו מיר — ער וואָלט אויסגעקלערט אַ בילבול אויף מיר און מיך איבערגעגעבן צו די דייטשן. דעריבער זאָל ער ליגן אין דער אדמה. דאָרט קאָן ער מסרן, ברוך שפטרני !..."

כ׳האָב געזאָגט צום סאָוויעטישן ייִד, אַז איך וואָלט געוואָלט ער זאָל זיין מיין געהילפס־איבערזעצער. מיט דעם וועט ער נישט דאַרפן שווער אַרבעטן. מירביידע צוזאַמען וועלן שוין עפּעס מאַכן, ס׳זאָל זיין גוט פאַר ביידע.

ער האָט זיך פאַרטראַכט און מסכים געווען.

איך בין אַוועק אין דער הויפּט־ביוראָ צום אָבערמייסטער, און אים געזאָגט, אַז איך וויל מיט אים רעדן וועגן אַ וויכטיקן ענין. ער האָט מיר געהייסן זיך זעצן, פון וואָס איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער איז אין אַ גוטער שטימונג. איך האָב אים דערציילט, אַז מיינע זיידע און באָבע האָבן געוווינט אין רוסלאַנד, און ווי ער ווייסט מסתמא זענען אין רוסלאַנד פאַראַן פאַרשידענע פעלקער און פעלקער־גרופּן, ווי למשל — די וואָלגאַ־דייטשן, וואָס רעדן אַחוץ רוסיש אויך דייטש. מיינע זיידע און באָבע האָבן אַחוץ רוסיש אויך גערעדט אַן אַנדער שפּראַך, וואָס איז געווען שטאַרק געמישט מיט רוסישע ווערטער. אין 1918, באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, זענען זיי אַוועק קיין דייטשלאַנד, קיין פראַנקפורט ביים מאַין. איך האָב פון מיין ביינטן לעבנסיאָר זיך דערצויגן ביי זיי אין פראַנקפורט. דאָרט האָב איך די שפּראַך, אָדער דיאַלעקט, געהערט רעדן, וואָס איז שוין געווען געמישט מיט דייטש. וואָס פאַר אַ שפּראַך, אָדער דיאַלעקט דאָס איז געווען, האָב איך נישט געוווסט. איך האָב אויך וועגן דעם קיין מאָל נישט געטראַכט. אויף דעם אַרבעטספּלאַץ, האָב איך באַגעגנט אַ רוס, וואָס פאַרשטייט אַ ביסל דעם דיאַלעקט. אויך ער ווייסט נישט וואָס פאַר אַ דיאַלעקט דאָס איז. אַלס קינד האָט ער געהערט אַנדערע קינדער רעדן און פון זיי זיך אַ ביסל אויסגעלערנט רעדן און פאַרשטיין דעם דיאַלעקט. בין איך געקומען פרעגן: צי איך וואָלט געמעגט אים מיטנעמען ער זאָל מיר צוהעלפן איבערזעצן? ער קאָן רוסיש און איך דייטש, צוזאַמען וועט עס קלאַפּן.

דער אָבערמייסטער האָט זיך קורץ פאַרטראַכט און צו מיר געזאָגט:

„פון מיינעטוועגן, ביז מיר וועלן באַקומען צוגעשיקט דעם געהעריקן דאָלמעטשער קאָן ער איך העלפן. די חברהלייט אַרבעטן סיי ווי ווייניק".

„הער אָבערמייסטער, מעג איך בעטן אַ שריפטלעכע דערלויבעניש?" האָב איך זיך געוואָנדן צו אים.

„ווי הייסט ער?" האָט דער אָבערמייסטער געפרעגט.

„איך וועל אַרויסגיין אים פרעגן".

„נישט נויטיק", האָט דער אָבערמייסטער מיך אָפּגעהאַלטן. „איך וועל איבערלאָזן אַ פרייען פּלאַץ אויף אַריינצושרייבן דעם נאָמען". ער האָט דער סעקרעטאַרין באַפוילן אויסשרייבן אַזאַ צעטל, ער האָט אים אָפּגעשטעמפּלט, אונטערגעשריבן און מיר אים דערלאַנגט.

איך האָב אים געדאַנקט און מיט גרויס שׂמחה בין איך אַוועק צום רוסיש־ייִדישן געפאַנגענעם. איך האָב אים אָנגעטאָן אַ ווייסע לענטע מיט דער אויפשריפט: „הילפס־דאָלמעטשער" און ער איז מיט מיר געגאַנגען איבערן אַרבעטספּלאַץ און דאָ און דאָרט איבערגעזעצט.

ס׳איז אונטערגעקומען דער ערשטער אַרויסטריט אַלס דייטש־רוסישע איבערזעצער: ס׳איז צו אונדז געקומען אַ מייסטער מיט דריי רוסישע געפאַנגענע. האָט ער געוואָלט פון זיי, זיי זאָלן גיין אין דעםביידל וווּ עס ליגן די אַרבעטס־מכשירים און ברענגען פון דאָרט דרייסיק לאָפּאַטעס אויסצולאָדן אַ פּאָר וואַגאָנען קוילן. דער מייסטער רעדט צו זיי, ווייזט מיט די הענט, און די פּאָניעס שטייען ווי גולמס און ווייסן נישט וואָס ער וויל פון זייער לעבן. האָב איך געזאָגט צו מיין געהילף:

„ר׳ יונה, פּאַזשאַלסטאַ, דער ראש, ימח שמו, וויל, אַז די פּאָניעס זאָלן ברענגען פון דער סוכּה גדולה, אַ לאַמעד שטיק לאָפּאַטעס, אויסצולאָדעווען די שוואַרצע אבנים".

מיין געהילף־איבערזעצער איז געווען אַ קלוגער, ער האָט מיט חכמה אַלץ איבערגעזעצט אויף רוסיש. דער מייסטער איז געווען צופרידן; מיר ביידע אויך. אַזוי האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט איבערן גרויסן פאַבריק־פּלאַץ און דאָ און דאָרט געדאָלמעטשערט.

עס איז שוין געווען די צווייטע וואָך ווי מיר ביידע האָבן געטאָן דאָלמעטשערן. אין איינעם אַ טאָג האָב איך פּלוצעם דערזען גיין דעם עס־עס־שטורמבאַנפירער מאַיאָר לינדנער. בעסער געזאָגט, צום ערשט האָב איך דערזען זיין קליין הינטל, וואָס איז שטענדיק פאָר אים פאָרויסגעלאָפן און געבילט. מיר איז נישט איינגעפאַלן, אַז לינדנער וועט אין דער צייט קומען, ווייל ער איז דאָ געווען נישט לאַנג צוריק. לינדנער האָט זיך צו מיר דער־

געגטערט. איך און מיין געהילף שטעלן זיך גלייך. לינדנער הויבט אויף זיין רייטבייטש און זאָגט צו מיר:

„ווייסט איר נישט, אַז יידן איז פאַרבאָטן צו רעדן מיט רוסישע געפאַנגענע זעלנער?" — און באַלד האָט ער זיך געגרייט מיר דערלאַנגען מיט זיין בייטש, ווי ער האָט באַמערקט מיין ווייסע לענטע מיט דער אויפשריפט: „דאָלמעטשער — רוסיש־דייטש". ער איז געבליבן שטיין מיט דער אויפגעהויבענער בייטש. ער האָט אויך באַמערקט די ווייסע לענטע פון מיין געהילף — „הילפס־דאָלמעטשער", און ער האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער, ער הייסט מיך מיטגיין מיט אים אין הויפּט־ביוראָ און דאָרט געמאַכט אַ סקאַנדאַל:

„דאָס איז אַ שווינעריי, יידן פון צוואַנגס־אַרבעטסלאַגער צו באַנוצן אַלס דאָלמעטשער פאַר רוסישע געפאַנגענע!"

מען האָט פון מיר אַראָפּגענומען די ווייסע לענטע און מיך צוריקגעשיקט אין לאַגער אַריין. אויס דאָלמעטשער. מיין געהילף האָב איך זייט דעמאָלט מער נישט געזען. מען האָט אונדזער קאָלאָנע געשיקט אויף אַן אַנדער פּלאַץ אַרבעטן. ווען איך בין צוריקגעקומען צו מיין קאָלאָנע, האָבן די חברים זיך מיט מיר דערפרייט, און איך מיט זיי נאָך מער — דאַנקען גאָט, געוואָרן אויס דאָלמעטשער!

## אַ יום־כּיפּור ביים אַדאָלף היטלער־קאַנאַל

מיר זענען שוין געווען געוווינט, אַז אין יידישע יום־טובים זאָל מען אונדז שיקן אויף ספּעציעל שווערע אַרבעטן.

„דאָס איז — האָט מען אונדז געזאָגט — לכּבוד דעם יידישן יום־טוב אייערן".

נאָך דער שווערער אַרבעט — אַן אַפּעל פון דריי שעה און דאַן... גימנאַסטיק, בכדי מיר זאָלן זיין „עלאַסטישער" ביי דער אַרבעט און זיך קענען בעסער באַוועגן. אין דער גאַנצער צייט פון דער גימנאַסטיק האָבן די עס־אַ און הילפס־פּאָליציי אונדז צוגערופן: „פראָהעס פעסט!" (אַ פריילעכן יום־טוב) און גלייך אַראָפּגעלאָזט זייערע שפּיצרוטן איבער אונדזערע קעפּ און פּלייצעס, מיט אַן אויסגעשריי: „שנעלער יודע, שנעלער! דו קאָמסט

זאָגנסט צו שפּעט צום פֿעסט־עסן... פֿאַרפּלוכט!... הינלייגן!... אויפֿשטיין!... הינלייגן!... אויפֿשטיין!... הינלייגן!... אויפֿשטיין!... הינלייגן...!" — אַזוי לאַנג ביז עטלעכע פֿון אונדז זענען געבליבן ליגן און קיין מאָל מער נישט אויפֿגעשטאַנען. דערפֿאַר האָבן מיר געוואַרט אויך אין טאָג פֿון יום־כּיפּור מער אויפֿן ערדישן יום־הדין, ווי אויף דעם הימלישן.

ס'איז געווען ערב יום־כּיפּור פֿאַרנאַכט. אַ סך פֿרומע צווישן אונדז האָבן שוין נישט געגעסן זייער אָונטברויט. זיי האָבן אים אויסבאַהאַלטן אויף מאָרגן, אויף מוצאי יום־כּיפּור. די ווייניקער פֿרומע האָבן שנעל אַריינגעכאַפּט דאָס וואָס זיי האָבן געהאַט. מאָרגן וועלן זיי פֿאַסטן. אויך אַ סך נישט־פֿרומע האָבן באַשלאָסן צו פֿאַסטן. אַ קרענק די נאַציס, וועלן זיי אונדז שטערן! און מען ווינטשט זיך, מען זאָל אין גיכן זיין פֿריי און אויסגע־לייזט ווערן פֿון גלות, פֿון אונדזערע שׂונאים. דערנאָך האָט מען זיך אָוועקגע־לאָזט דערציילן זכרונות פֿון דער היים: „אַך, ביי אונדז אין שטעטל, יום־כּיפּור, וואָס עס האָט זיך געטאָן!... איך וויל שוין נישט רעדן פֿון די גוטע מאכלים, פֿון די גוטע פֿלייש־קרעפּלעך, וואָס מען האָט געגעסן ערב יום־כּיפּור".

„דערצייל, דערצייל פֿון די גוטע פֿיש, פֿון צימעס, איי, ווי גוט!"

„נאָך דער לעצטער סעודה איז מען געגאַנגען פֿון הויז צו הויז מחילה־בעטן. דערנאָך האָט מען געזען אין דער שול־גאַס צוויי ווייסע לאַנגע רייען. אין רייע מאַנצבילן און די צווייטע — ווייבער. די ייִדן אָנגעטאָן אין ווייסע קיטלען מיט יום־כּיפּור־ליכט און דיקע מחזורים אין די הענט. ווייבער מיט ווייסע שאַלן אויף די קעפּ און פֿאַרוויינטע אויגן. מ'האָט זיך געווונטשן. וואָס טוט זיך אין דער היים אין דער צייט? אוי, ווי ווייט עס איז די היים".

דער שילדערער פֿונעם שטייגער ערב יום־כּיפּור אין שטעטל האָט זיך שטיל צעוויינט און אַנטשוויגן געוואָרן. אין אַ ווינקל פֿון באַראַק האָט איינער אַ חזן שטיל און האַרציק און מיט גרויס כּוונה אָנגעהויבן „כּל נדרי", ווי מיר וואָלטן געווען מאַראַנען. דער ניגון איז געוואָרן וואָס אַ מאָל שטאַרקער און העכער, פֿעסטער און זיכערער, אַזוי אַז מען האָט אין גאַנצן פֿאַרגעסן, אַז מען געפֿינט זיך אין אַ היטלעריסטישן לאַגער. מ'האָט אַפֿילו נישט באַמערקט ווי ביי דער טיר איז געשטאַנען דער לאַגער־קאָמענדאַנט און האָט זיך צו אַלץ צוגעהערט. ווען דער חזן האָט האַרציק־חזניש אויסגעשריגן: „ויאמר ד' סלחתי כּדבריך", האָב איך דערפֿילט אַ שטאַרקן שטויס אין דער זייט און דערהערט די שטימע פֿון לאַגער־קאָמענדאַנט: „וואָס מאַכט איר דען דאָ?!..." איך ווייס נישט ווי איך האָב דעמאָלט אויסגעזען. איך געדענק נאָר,

אַז מיטן גאַנצן כּוח האָב איך אויסגעשריגן: „אַכטונג! מעלדע צוואַנציג יודען ביים פאַסט־טאָג־געבעט״.

אַלץ איז פּלוצעם שטיל און פאַרשטייפט געוואָרן און געוואַרט מיט שרעק וואָס וועט געשען. הינטער מיר האָב איך דערהערט אַ שטיל שושקען זיך: „אַן עכטער יום־כּיפּור, כ׳לעבן, ס׳וועט נאָך זיין מלקות אויך״.

דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט מיר געפרעגט:

„וואָס בעטעט איר אייגנטליך צו אייער ליבען הער גאָט, הא?! דאָס וויר זאָלען דען קריג פערשפּילען, וואָס?! נאַ לאָס, אַנטוואָרטען זי!״ — און האָט געקלאַפּט מיר מיט דער בייטש איבערן פּנים: „אַנטוואָרטען זי, יאַ אָדער ניין?!״

„אַז מיר זאָלן ווערן פריי״, האָב איך אים געזאָגט, „בעטן מיר״.

„דאַראַוף ברויכט איר דאָך נישט צו בעטן. איר ווערדעט זאָוויזאָ פריי. אין אייערע היימאַט, אין אַוּשוויץ, דאָרט ווערדעט איר אַלע פריי זיין... לאָס ווייטער בעטען!״ — קיינער האָט זיך נישט גערירט. „ווייטער בעטען, האָב איך געזאָגט״. ער איז אַרויס.

צומאָרגנס, יום־כּיפּור אין דער פרי — אַ גרויסער אַפּעל, דער לאַגער־קאָמענדאַנט האַלט אַ רעדע:

„היינט, צו אייער ,פאַסט־טאָג־פעסט׳ באַקומט אַ יעדער פון אייך אַ טאָפּלטע ראַציע ברויט און אַ ספּעציעלע בונקער־זופּ. פאַסטן איז פאַרבאָטן און ווערט שטרענג באַשטראָפט. דאָס איז ,סאַבאָטאַזש פון דויטשער אַר־בייטס־קראַפט׳, מיר ווען זען וועלן ווער נישט ריכטיק אַרבעט, נאַ, דעמאָלט האָט איר צום לעצטן מאָל געדאַווענט. די דאָרטן״, האָט ער אָנגעוויזן אויף אונדז, „קומען היינט צו אַ באַזונדערע פאַרווענדונג״. דער גאַנצער לאַגער האָט אַרויסמאַרשירט צו דער אַרבעט, און מיר, אונדזער גרופּע, האָבן געוואַרט אויף אונדזער גורל — „די באַזונדערע פאַרווענדונג״.

כּדי אונדז צו היטן האָט מען מיטגעשיקט איינעם פון די ערגסטע רשעים־פּאָליציסטן. מיר האָבן אים גערופן דער „קוטשער״, ווייל ער האָט געשלאָגן מיט אַ פורמאַנסקער בייטש, וואָס ער האָט שטענדיק געהאַט מיט זיך און צו אונדז גערעדט ווי צו פערד:

„העטאַ, לאַופען! שנעלער, פערפלוכטע הונדע!״

מיר האָבן אַרויסמאַרשירט פון לאַגער צום אַדאָלף־היטלער־קאַנאַל, ווו פאַרטיזאַנער האָבן אויפגעריסן די שלוזן. צוואַנג־אַרבעטער פון אַלע פעל־קער פון די לענדער וואָס די נאַציס האָבן באַזעצט און אויך קריגס־געפאַנ־גענע, האָבן דאָרט געאַרבעט. אונדזער אַרבעט איז געווען די שווערסטע: טראָגן שטיינער און אָנלאָדן ליים. דעם גרעסטן טייל אַרבעט האָבן מיר

געמוזט אויספירן לויפנדיק. די בייטש פון דעם „קוטשער" האָט זיך נאָך אַנאַנד איינגעשניטן אין אונדזערע לייבער. ער האָט אָן אויפהער געשריגן:

„מאַזעס, פערפלוכטער יודע, ווילסט דו לאַופען שנעלער?! לאָס, וויאָ, העטאָ, העטאָ!" און אַ צי געטאָן מיט דער בייטש, אַ שמיץ איבערן פּנים און איבערן לייב אַזוי, אַז מיר האָבן באמת געפילט אַז דאָס איז אונדזער יום־הדין. קוים דערלעבט דעם פייף פון מייסטער אויף פרישטיק־פויזע.

„איינער פון אייך קאָן ברענגען קאַווע פון דער בודקע", האָט דער מייסטער געזאָגט. מיר האָבן אויסגעוויילט דעם עלטסטן ייִד ביי אונדז, ווייל אָט דער אַלטער ייִד איז געווען דער גרעסטער קרבן ביים „קוטשער". זאָל ער ברענגען קאַווע און זיך אַ ביסל אָפּרוען פון די קלעפּ. שלמה קאָרנגוט איז געווען אַ פרומער טשעכישער ייִד. ער האָט אַמאָל געדינט אַלס אָפיציר אין קייזער פראַנץ יאָזעפס אַרמיי און ליב געהאַט צו דערציילן וועגן זיינע העלדישקייטן, וויפל אויסצייכענונגען ער האָט באַקומען פון פראַנץ־יאָזעפן אַליין. ער האָט תמיד זיך געהאַלטן מעשה־זעלנער אין שריט און אין מאַרש, נאָר דאָ איז ער געווען צעבראָכן, קוים געשלעפּט זיך פון דער שווערער אַרבעט און פון די קלעפּ. ער איז אַוועק ברענגען קאַווע.

דערווייל איז אָנגעקומען דער לאַגער־קאָמענדאַנט מיט דעם אונדז שוין גוט באַקאַנטן עס־עס־שטורמבאַנפירער מאַיאָר לינדנער, פאַר וועלכן יעדער האָט געציטערט אימת־מוות; נישט נאָר ייִדן, נאָר אויך די מייסטערס און אַפילו די עס־אַ־וואַך. דעמאָלט האָט יעדער פון זיי געוואָלט באַווייזן, אַז ער איז אויף זיין פּאָסטן, מען קאָן זיך אויף אים פאַרלאָזן...

מיר זענען אַלע געזעסן אויף דער ערד, אָבער קיינער האָט נישט געגעסן. לינדנער האָט צוגערופן דעם מייסטער און געפרעגט, פאַר וואָס מיר באַקומען נישט קיין קאַווע. „אָרדנונג מוז זיין". דער מייסטער האָט געענטפערט, אַז ער האָט געשיקט אַ ייִד צו ברענגען קאַווע. די בודקע איז געווען דערווייטערט אויף אַ דריי הונדערט מעטער פון דעם פּלאַץ ווו מיר זענען געזעסן. לינדנער און דער קאָמענדאַנט האָבן געוואַכט. לאַנגזאַם האָבן מיר אויפגעפּאַקט אונדזערע ברויט־ראַציעס, אָבער קיינער האָט נישט געגעסן. דער קאָמענדאַנט האָט עס באַמערקט. האָט ער געשריגן צו אונדז: „פאַר וואָס פרעסט איר נישט? איר פאַסט?"

„מיר וואַרטן אויף קאַווע", האָט איינער פון אונדז געענטפערט.

לינדנער איז געוואָרן אומרויִק און געשריגן: „ווו איז דער דרעק־יודע מיט דער קאַווע?!"

האָט דער מייסטער געזאָגט צו מיר: „לויף שנעל זען וואָס ס'האָט

פּאַסירט, ווייל די פרישטיק־פּויזע איז באַלד געענדיקט, זי דויערט צען מינוט".

נישט־טויט נישט־לעבעדיק בין איך געלאָפן צו דער בודקע, איך האָב געציטערט פאַרן גורל פונעם אַלטן. דער „קוטשער" וועט אים היינט פאַרטיק מאַכן. צוגעקומען צו דער בודקע און אויפגעריסן די טיר האָב איך דערזען ווי שלמה קאַרנגוט שטייט מיטן פנים צו דער וואַנט און שאָקלט זיך און קלאַפּט זיך אין האַרצן מיט געוויין: „אוי, אוי, אוי... על חטא שחטאנו לפניך באונס וברצון — אוי, געוואַלד! געוואַלד! וויי און וויי!... אוי, על חטא שחטאנו לפניך..." — איך בין געבליבן שטיין, נישט געקאָנט אַרויס־ברענגען קיין וואָרט, אָבער דערמאָנענדיק זיך אין לינדנערן, בין איך געקו־מען צו זיך און געזאָגט: „ר' שלמה, ווו איז די קאַווע?" האָט ער מיך אָנגעקוקט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ: „עך, עך, נו, יום־כיפּור!" און ממשיך געווען זיינס: „על חטא שחטאנו..." האָב איך געשריגן: „ר' שלמה, דער־באַרעמט איך, קומט מיט דער קאַווע, לינדנער איז דאָ!" קאַרנגוט האָט מיך אָנגעקוקט דערשראָקן, נישט גלויבנדיק, און געשאָקלט מיטן קאָפּ: „אָך, נו, יום־כיפּור!..." — ס'האָט געזאָלט הייסן, אַז אין יום־כיפּור זאָל איך מיר נישט מאַכן אַזעלכע שרעקלעכע געלעכטערלעך, און ער האָט ווייטער געזאָגט „על חטא"... איך בין געבליבן פאַרצווייפלט. זיי וועלן אים דערהרגענען. איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז הגם איך בין נישט קיין פרומער, פון דעסטוועגן זאָל ער מיר גלויבן, ווי היינט איז יום־כיפּור, אַז לינדנער איז אויף דער „בוישטעלע". דערווייל האָט מען געהערט פייפן — אויס פרישטיק. קאַרנגוט האָט געמאַכט אַ קליינע פּויזע, מיך אָנגעקוקט און געזאָגט רעזיגנירט: „גייט צוריק און זאָגט, אַז איר האָט מיך נישט געפונען. איך וועל זיך באַהאַלטן. געפינען זאָלן זיי מיך ערשט אין אָוונט. זאָל מען מיך שיסן נאָך נעילה". און ער האָט אָנגעהויבן אַרויסשטופּן מיך פון דער בודקע: „ניין", האָב איך געזאָגט, „אָן אייך גיי איך נישט, מען וועט שוין עפּעס מאַכן ס'זאָל זיין גוט". אין דרויסן זענען געשטאַנען פעסער מיט סמאָלע אויף צו שמירן דעכער. איך האָב גענומען אַ טאָפּ סמאָלע און איינ־געריכט קאַרנגוטן. ער האָט מיך אָנגעקוקט ווי אַ משוגענעם. „איצט", האָב איך געזאָגט, „נעמט די ליידיקע קאַן און קומט". ער האָט מיך געפאָלגט און איז געגאַנגען. „זאָגט", האָב איך אים געלערנט, „אַז איר זענט געפאַלן, אויס־געגליטשט זיך און אויסגעגאָסן די קאַווע".

און אָט זענען מיר אָנגעקומען. דער „קוטשער" איז געשטאַנען מיט דער בייטש גרייט אונדז מקיים־פּסק־צו־זיין. אויך דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט געביסן די ליפּן און געווונקען מיר זאָלן שנעלער לויפן.

איך בין געבליבן שטיין. קאַרנגוט איז צוגעלאָפן ביז אַ דריי מעטער פאַר לינדנערן, זיך אָפּגעשטעלט מיליטעריש און געשריגן:

„דער געוועזענער ק.או.ק.־אָפיציר * פון דער געוועזענער עסטרייכישער קייזערליכער אונד קעניגליכער אַרמיי, סאָלאָמאָן קאַרנגוט, מעלדעט גע־האָרכזאַמסט, דאָס ער מיט דעם קאָפּע אויסגערוטשט און הינגעפאַלן איזט״.

לינדנער האָט זיך אויסגעדרייט און זיך צעלאַכט און מיר האָבן אַלע געמיינט, אַז מיט דעם ענדיקט זיך עס. האָט זיך דער „קוטשער״ אָנגערופן:

„הער שטורמבאַנפירער, די יודען זענען שווינדלער, זיי פאַסטן הײנט. הע, איר יודען־באַנדע, ‚צייגט דאָך אייער פוטער הער!״ דאָס האָט געהייסן מיר זאָלן ווייזן אונדזערע ברויט־ראַציעס.

אַלע האָבן געאַרבעט און קיינער האָט זיך נישט געמאַכט הערן. איז ער צו צו קאַרנגוטן און מיט רציחה אים אָנגעהויבן שלאָגן. אַ צעווילדעוועטער האָט ער זיך געלאָזט אויך צו אַנדערע און די בייטש האָט געשניטן איבער אונדזערע קעפּ און לייבער.

אויך אין אַזאַ פאַל האָט קיין גאַלגען־הומאָר נישט געפעלט. אַ חבר לעבן מיר האָט שטיל געזאָגט: „איצט האַלט ער ביי ונתנה תוקף, אוי, מי מאַרבעט ומי מביימש״...

דער לאַגער־פירער האָט געגעבן אַ צייכן אויפצוהערן שלאָגן און זיך צו אונדז געוואַנדן:

„אַכטונג, אַלעס מאַל הערהערן! די ברויט־ראַציעס ווערן גלייך צוריק־געגעבן. ווער פאַסטן וויל, קאָן רויִק פאַסטן, אָבער דריי טעג לאַנג באַקומט איר נישט צו פרעסן. אַרבעטן מוזט איר טראָץ דעם ביז איר ווערט די קאַפּיטעס אויסציִען״.

קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן. מיר האָבן אָפּגעגעבן די ברויט־ראַציעס, געזומען די לאָפּאַטעס, איינגעשניטן אין ליים און געוואָרפן אויף די וועגעלעך. אַ שווערער און ביטערער טאָג איז עס געווען.

אין אָוונט האָט די וואַך זיך געביטן. עס איז געקומען אַ מער אָנשטענ־דיקער פאָליציסט. ער האָט אונדז נישט געשלאָגן, ער האָט נישט אויפגע־הערט פרעגן: „וואָס האָט איר געטאָן וואָס מען באַשטראָפט אייך מיט הונגער־טויט?״

עס האָט זיך געשטעלט אַ הערלעכע לבנה־נאַכט.

„יידן״, האָט זיך איינער אָנגערופן, „מען קאָן שוין מחדש־לבנה־זיין, מען זעט שוין שטערן״.

---

* קייזער אונד קעניגליכער אָפיציר.

אַ צווייטער האָט געזאָגט: „מ׳קאָן שוין שופר בלאָזן״... אַ דריטער: „מ׳מעג שוין עסן!...״

דערווייל האָט מען געלאָדן די וועגעלעך, וואָס זענען אַלע 15 מינוט אונטערגעפֿאָרן. פּלוצעם האָט דער ייִנגסטער ביי אונדז, סך־הכּל פופצן יאָר אַלט, זיך צעוויינט. ער קאָן נישט מער. אַ גאַנצן טאָג הונגער און אַזאַ שווערע אַרבעט. „זאָל מען מיך שיסן״, האָט ער געבעטן וויינענדיק. עס האָט אַלעמען געשניטן ביים האַרץ. מיר האָבן פֿאַרגעסן אונדזערע אייגענע פּיין, אָבער וואָס טוט מען פֿאַר אָט דעם יונגן, צאַרטן ייִנגל? אַגב, איז עס געווען אַ מיידל. דעם סוד האָב בלויז איך געוווּסט, אָבער דאָס איז אַ געשיכטע פֿאַר זיך. דריי טעג שפּעטער האָט מען אָוועקגעשיקט יוגנטלעכע פֿון אונדזער לאַגער און מיט זיי האָט מען אויך דאָס מיידל אָוועקגעשיקט.

אַזוי ווי איך רעד גוט דייטש, האָב איך געבעטן דעם מייסטער און דעם פּאָליציסט זיי זאָלן מיר דערלויבן צו גיין אין בית־כּסא, וואָס איז געווען דערווייטערט אויף אַ הונדערט מעטער פֿון אונדז. זיי האָבן מיר דערלויבט.

אַ פּאָר הונדערט מעטער פֿון אונדז האָבן געאַרבעט ענגלישע מלחמה־געפֿאַנגענע און ציווילע פֿון פֿאַרשידענע לענדער. איך האָב געקלערט זיך צוגנבענען צו זיי און בעטן עפּעס עסן פֿאַרן קליינעם יאָט אונדזערן. אויפֿן וועג האָב איך באַגעגנט אַ פּאָליאַק. איך האָב אים געפֿרעגט ווו עס אַרבעטן די ענגלענדער. האָט ער געזאָגט צו מיר: „ביסט אַ זשיד?״ כ׳האָב באַשטעטיקט און ער האָט מיר אָנגעוויזן ווו עס אַרבעטן די ענגלענדער און אַז אַ ביסל ווייטער אַרבעטן ענגלישע ייִדישע געפֿאַנגענע זעלנער. איך בין געבליבן שטיין פֿאַרגאַפֿט: „ייִדישע זעלנער?״ ווי אַזוי קומט מען צו צו זיי? אויב די וואַך וועט מיך דאַרטן זען, קום איך מער נישט צוריק. איין אויס־וועג איז מיר איינגעפֿאַלן: אַ זעלנערישער שינעל. ווען איך האָב אַ זעלנע־רישן שינעל... ווו נעמט מען אים? און אָט זע איך ווי ענגלישע זעלנער לייגן אַוועק זייערע מאַנטלען אויף אַן אומגעלייגטן בוים און זיי דערווייטערן זיך צו זייער אַרבעט. איך בין שנעל צו צו דעם אָרט, אָנגעטאָן אַזאַ מאַנטל, דעם קראַגן אויפֿגעשטעלט און אַריין אין זעלנערישן בית־כּסא. דאָס בית־כּסא איז געווען איינגעטיילט: איין זייט פֿאַר ענגלישע זעלנער און די צווייטע זייט פֿאַר ייִדישע. פֿון דרויסן האָט זיך געהערט די קאָמאַנדע־רופֿן פֿון די דייטשע מייסטערס, וואָס האָבן זיך עס אויסגעלערנט אין העברעיִש — „קדימה״, „יחד״, „אחת, שתים, שלוש״, „פֿאָרווערטס!... לאָס!... קדי־מה!...״ די ייִדישע זעלנער האָבן זיך נישט געאיילט, נישט מורא געהאַט פֿאַר די דייטשן אַזוי ווי מיר, זיי האָט מען נישט געטאָרט שלאָגן, פֿאַרט ענגלישע זעלנער. איך האָב אַריבערגעקוקט אויף דער צווייטער זייט און

באַמערקט ווי אייניקע ייִדישע זעלנער שטייען, רויכערן און שמועסן אין העברעיִש. האָב איך שטיל געדופן: „יהודים, שלום!" האָבן זיי מיך אָנגע־קוקט פאַרוווּנדערטע און איינער האָט מיר געענטפערט: „שלום". נאָר אַ צווייטער האָט אים געזאָגט: „שתוק, ענטפער נישט, אַוודאי אַ דייטשער שפּיאָן וואָס קאָן אַ ביסל העברעיִש און ייִדיש". האָב איך געזאָגט: „כ'בין אַ ייִד, אַ ייִד פון פּוילן, כ'בין נישט קיין זעלנער". כ'האָב געעפנט דעם מאַנטל און זיי געוויזן מיין געלן מגן־דוד, דעם „יודען־שטערן". איינער פון זיי איז אַרויס און געבראַכט אַן אָפיציר [1] ער האָט מיר געפרעגט צי איך רעד העברעיִש, ער וויל בעסער רעדן העברעיִש, ווי יידיש, מען זאָל נישט פאַרשטיין וואָס מיר שמועסן. אָבער באַלד האָט ער מיר דערציילט אין אַ זאַפטיקן ייִדיש, אַז זיי זענען פון ארץ־ישראל, מען האָט זיי גענומען אין געפאַנגענשאַפט אויף דער אינדזל קרעטאַ. מיט וואָס קענען זיי מיר העלפן? איך האָב אים אַלץ דערציילט.

ער איז אַרויס, נאָך אַ פּאָר מינוט איז ער צוריקגעקומען, מיטגעבראַכט אַ לעבל ברויט פון אַ קילאָ, ציגאַרעטן, שאָקאָלאַד, זייף. „נאַ, נעם דאָס דערווייל, און זאָל דיינע בלי יאוש... יהיה טוב!..." איך האָב נישט געקאָנט ענטפערן. איך האָב זיך צעוויינט. איך האָב נישט געגלויבט, אַז עס איז נאָך פאַראַן אַ מענטש אויף דער וועלט וואָס זאָל אונדז קאָנען העלפן. איך האָב מיינע הויזן פאַרבונדן מיט שטריקלעך, צעשניטן ס'ברויט און זיך אַרומגעפּאַקט. צוריקקומענדיק, האָב איך דעם פּאָסטן [2] אָנגערופן אָן אַ זייט און אים געזאָגט, אַז איך האָב געפונען אַ שעכטל ציגאַרעטן און אַ טאָוול שאָקאָלאַד און איך וויל אים דאָס געבן. דאָס זעלבע האָב איך געטאָן מיטן מייסטער און מען האָט אונדז אין דער נאַכט מער נישט געיאָגט ביי דער אַרבעט. מיטן רעשט האָבן מיר זיך צעטיילט.

איינס אַ זייגער ביי נאַכט האָב איך באַמערקט ווי עס דערנענטערט זיך צו אונדז אַ שאָטן. ער האָט גערופן: „חברה, קאָן מען קומען צו אייך?" איך בין צו צו מיין וואַך־פּאָסטן און אים געזאָגט: „הער וואַכטמייסטער, וואָלטן זי ציגאַרעטן האָבן?" ער האָט מיך פאַרשטאַנען. דער חבר איז געקומען מיט אַ וועגעלע, אין וועלכן עס איז געלעגן שטיינער און ערד און אונטן — ברויט, מאַרמעלאַדע. די גאַנצע יום־כיפּורדיקע טאָג־ראַציע פון זייער גאַנצער גרופּע האָבן זיי מנדב געווען פאַר אונדז, און אַחוץ דעם

1 נאָך דער מלחמה בין איך געוואויר געוואָרן, אַז די צוויי אָפיצירן זענען דעמאָלט געווען: יצחק בן־אהרון און יוסף אלמוגי.

2 פּאָליציייִשער שומר.

אַ פּאָר „רויטער־קרייץ״־פּעקלעך. מען האָט געמוזט זיך איילן, ווייל די וואָך האָט געקענט זיך טוישן, דעמאָלט איז ער אַ פאַרלוירענער. מיר האָבן שנעל אויסגעגראָבן אַ גרוב, דאָס אַלץ אַריינגעלייגט, זיך צעקושט און געזעגנט.

איר שטאָלצע, געוועזענע יידישע געפאַנגענע זעלנער פון ארץ־ישראל אין דייטשלאַנד וואָס האָבן געאַרבעט ביים „אַדאָלף היטלער־קאַנאַל״, אייער גרויסע הילף, וואָס איר האָט אונדז דעמאָלט געגעבן און אייערע האַרציקע און שטאַרקע טרייסט־ווערטער: „בלי יאוש!... יהיה טוב... ס׳וועט גוט זיין, חברה!״ קלינגען מיר נאָך היינט אין די אויערן. איך וועל זיי קיין מאָל נישט פאַרגעסן. אַליין געפאַנגענע, האָט איר אַוועקגעגעבן אייערע טעגלעכע ראַציעס: ציגאַרעטן, שאָקאָלאַד, טיי, פעטס, זייף, וועש און נאָך זאַכן, וועלכע זענען דעמאָלט פאַר אונדז געווען אַ חלום. איר האָט איינגעשטעלט אייערע לעבנס בכדי אונדז צו העלפן און נישט איין מאָל אָפּגעראַטעוועט אונדז און מיך בתוכם.

דעמאָלט האָב איך אָנגעשריבן אַ דאַנק־ליד פאַר די ישראלדיקע זעל־נער. נאָך דער מלחמה האָט עס שלמה סלודש־סלע אַריינגעגעבן אין זיין בוך „בכבלי השבי״ (יומנו של חייל עברי בשבי הנאצים 1940—1945), „מן המוקד״ — הוצאת „עם עובד״, דפוס דבר, תל־אביב תש״ו.

חבר, נעם אָן מיין דאַנק
און זיי געשטאַרקט, דו האָסט מיין האַרץ געהיילט
פון ווייטיק,
אין מיין האָפענונגלאָזיקייט — אַ טרייסט געגעבן.
נעם אָן מיין דאַנק, חבר,
איך וועל דיך קיין מאָל נישט פאַרגעסן,
דו, וועלכער ביסט געקומען ווי אַ מלאך פון הימל,
אַליין געבונדן, אין קייטן — פאַרשמאַכט,
און צו מיר געשמייכלט, האַרציק געלאַכט
און אין מיין צעוויטיקטער נשמה — חיות אַריינגעבראַכט,
בלייב געשטאַרקט, מיין חבר,
דיין שטאַרקייט האָט ליכטיק געמאַכט
אונדזערע פינצטערע טעג.
איך האָב דאַן געוויינט און געלאַכט
ווען דו האָסט מיך שמייכלדיק געטרייסט:

„הכּל יהיה בסדר", „בלי יאוש".
נעם אָן מײַן דאַנק, מײַן חבר,
מיט כּבוד בויג איך דעם קאָפּ פאַר דיר.
בלײַב שטאָלץ און מוטיק, אַזוי ווי דו ביסט,
און ווער קיין מאָל נישט מיד —
דו שטאָלצער, גרויסער ייִד!

## אַ נײַער טראַנספּאָרט מיט יודען־העפטלינגע

פון סאָסנאָוויץ איז אָנגעקומען אַ נײַער טראַנספּאָרט מיט עטלעכע צענדליק ייִדן, צווישן זיי אייניקע געבוירענע אין דײַטשלאַנד. אַזוי ווי זייערע עלטערן האָבן געשטאַמט פון פּוילן און זענען געווען שטאַטלאָזע, האָט מען זיי אין יאָר 1939 אַרויסגעשיקט קיין פּוילן. דאָס מאָל האָט מען אויך די דאָזיקע ייִדן געשיקט אין די „יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגערן".

אין דער זעלבער וואָך, ווי דער טראַנספּאָרט איז אָנגעקומען, בין איך אויסגעוויילט געוואָרן דורך די חברים אין אונדזער שטוב ווי דער שטובנ־עלטסטער. דער יודענעלטסטער האָט די אויסוואַל באַשטעטיקט. אין אָט דער שטוב זענען נײַנציק פּראָצענט חברים געווען אין דער זעלבער אַרבעטס־קאָלאָנע, אין וועלכער איך בין געווען דער פֿאָראַרבעטער. אויך פון דעם נײַעם טראַנספּאָרט זענען אייניקע ייִדן צוגעטיילט געוואָרן צו אונדזער שטוב. אַזוי אַרום אויטאָמאַטיש אויך צו אונדזער אַרבעט־קאָלאָנע. די נײַ־געקומענע ייִדן האָבן זיך צו מיר געקלאַמערט, ווײַל אויך איך בין אויפגע־וואַקסן אין דײַטשלאַנד און דאָרט אין דער שולע געגאַנגען און דערפאַר אויך פאַרשטאַנען זייערע „באַזונדערע ווייטאָגן".

עס זענען אַוועק עטלעכע טעג ווי ייִדן פון דער נײַער גרופּע האָבן מיט אונדז צוזאַמען געאַרבעט ביים אָנלאָדן וועגעלעך מיט ליים. עס זענען געווען שווערע און ביטערע אַרבעט־טעג. ספּעציעל שווער איז געווען אין איינעם אַ טאָג און מיר האָבן געבעטן ער זאָל זיך וואָס שנעלער ענדיקן, עס זאָל ווערן אָוונט, אָבער ער האָט דווקא זיך געצויגן אין דער אומענד־לעכקייט. און אָט איז ענדלעך געוואָרן טונקל. דער מייסטער האָט געפּייפט און געשריגן:

„פייעראַבענד!" דאָס האָט געהייסן, אַז די אַרבעט פאַר דעם טאָג האָט זיך געענדיקט.

פאַרמאַטערטע און אויסגעפייניקטע האָבן מיר זיך אויסגעשטעלט אין רייען און אָפּגעציילט. איינער האָט געפעלט. מען האָט נאָך אַ מאָל געציילט. דער איינער האָט געפעלט. ביים דורכקוקן די רייען האָב איך באַמערקט אַז דער געפעלטער איז געווען איינער פון די פריש־געקומענע ייִדן. מיר האָבן אים גערופן: „סרולקע".

אייניקע חברים זענען אַוועק אים זוכן. מיר האָבן געוואַרט אין גרויס שפּאַנונג. די זוכנדיקע האָבן דעם פעלנדיקן נישט געפונען. ס'איז געוואָרן אַ טומל. דער שומר האָט אָנגעהויבן אויף מיר צו שרייען פאַר וואָס איך האָב נישט געגעבן אַכטונג אויף מיינע חברים־יודען. אויב מען וועט דעם פעלנדיקן נישט געפינען, וועט ער מיך ווי דעם ערשטן „אָפּקנאַלן!" ס'האָט געהייסן — דערשיסן. עס זענען אַוועק צוואַנציק מינוט ווי מיר זענען געשטאַנען און געוואַרט. יעדע פאַר מינוט איז אַן אַנדערער צוריק־געקומען אַ פאַרייאושטער: „נישטאָ, כ'ווייס נישט וווּ ער איז!"

מיר איז איינגעפאַלן, אַז ס'איז מעגלעך, ווי עס האָט פּאַסירט פון מאָל צו מאָל, אַז דער חבר האָט זיך ערגעץ־וווּ אַוועקגעלייגט אין אַ ווינקל זיך אָפּצורוען אַ ביסל און פון מידקייט איז ער איינגעשלאָפן. אויב ער איז אַנטלאָפן איז דעמאָלט ווייַ צו דער גאַנצער קאָלאָנע. אין דער מחשבה האָב איך געבעטן אַז אויב ער איז אַנטלאָפן זאָל מען אים נישט כאַפּן. אויב יאָ, וועלן זיי אים פאַרפייניקן צום טויט. נאָך מער האָב איך געבעטן, אַז מען זאָל אים געפינען ערגעץ וווּ אַ שלאָפנדיקן, דעמאָלט וועט עס זיין אַ האַלבע צרה.

ס'איז אַריבער מער ווי אַ האַלבע שעה ווי מיר האָבן געזוכט. דער שומר, אַן אויפגערעגטער, איז צוגעלאָפן צו מיר מיט זיין אויפגעהויבענעם גומענעם שטעקן און אָנגעהויבן האַקן אין מיר ווי איך וואָלט געווען אַ שטיק האָלץ: „וווּ איז דער ייִד? זאָג, פאַרשאָלטענער, וווּ איז ער?" פּלוצעם האָט ער אויפגעהערט מיך שלאָגן, אָנגעהויבן פייפן אויף אַלאַרם. באַלד זענען אָנגעלאָפן די שומרים האַלטנדיק אין זייערע הענט די קלינגענדיקע קייטן פון זייערע צעווילדעוועטע און צערייצטע הינט.

אונדזער שומר האָט צו זיי געשריגן אַז איין ייִד איז אַנטלאָפן און צו אונדז האָט ער געררעוועט, אַז ער וועט אונדז אַלע אויסענדיקן; אַז ס'איז אַ שאָד וואָס מען גיט אונדז עסן; אַז מיר קענען בלויז שווינדלען אָבער נישט אַרבעטן. די הינט האָבן געברילט, זיך געריסן פון די קייטן, און מיר זענען געשטאַנען אין גרויסע צרות און פאַרצווייפלטע אויך פון מידקייט.

עטלעכע פון אונדז זענען געפאַלן פאַרחלשטע. דאָס האָט נאָך מער אויפ־געבראַכט דעם שומר און ער האָט מיט זיין גומענעם שטעקן געהאַקט אין די געפאַלענע. פלוצעם אַ ווילד געבילעריי פון די הינט. די שומרים האָבן געפירט דעם חבר סרולקע אַ צעשלאָגענעם און די הינט האָבן זיך געריסן צו אים ווי זיי וואָלטן געוואָלט אים צערייסן.

ס'איז אָנגעקומען דער לאַגער־קאָמענדאַנט און ער האָט אויפן אָרט געמאַכט דעם משפט. סרולקע האָט זיך פאַרטיידיקט אַז ער האָט נישט געוואָלט אַנטלויפן; ער האָט זיך בלויז אויסבאַהאַלטן, ווייל ער איז געווען זייער מיד; געוואָלט זיך אַ ווײַלע אָפּרוען. פון מידקייט איז ער איינגע־שלאָפן. ווייטער האָט ער געטענהט, אַז ער האָט זיין אַרבעט אויסגעפירט. דאָס קען באַשטעטיקן דער פאַראַרבעטער. איך האָב באַשטעטיקט און גענו־מען צו הילף דעם מייסטער פאַר אַן עדות, אַז אַ צען מינוט פאַרן פאַרענ־דיקן די אַרבעט האָבן מיר אים געזען.

ווייל ער האָט נישט געמאָלדן זיין אַוועקגיין, איז סרולקע באַשטראָפט געוואָרן מיט צוואַנציק שמיץ, וואָס ער האָט זיי באַקומען באַלד אויפן פּלאַץ. מיר האָט מען געמאַכט פאַר אויס פאַראַרבעטער. און ווייל איין ייִד איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן צווייטן, האָט מען די גאַנצע קאָלאָנע באַשטראָפט אויף פיר און צוואַנציק שעה שטראָף־אַרבעט אָן אָפּרו. די 24 שעה שטראָף־אַרבעט האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן. אויך אונדזער שומר איז באַשטראָפט געוואָרן. מען האָט ביי אים צוגענומען דעם רעוואָלווער און אים געגעבן צו טראָגן אַ גרויסע, שווערע ביקס. דער שומר איז געבליבן צוזאַמען מיט אונדז ביי דער שטראָף־אַרבעט ער זאָל אונדז היטן. ער האָט געשוויגן. יעדע צוויי שעה האָבן זיך די שומרים געביטן. און מיר, מיר האָבן מיט לאָפּאַטעס געשניטן דעם פעטן קלעפּיקן ליים פון באָדן און געוואָרפן אויף די וועגעלעך. ערשט שפעט ביינאַכט האָבן מיר באַקומען אַ ביסל עסן — אַ ריבנזופּ. צופעליק איז אין דער שעה דער שומר געווען מענטשלעך. ער האָט אונדז דערלויבט צו מאַכן אַ לענגערע פּויזע כדי נאָך דער זופּ זיך אָפּרוען אַ ביסל. בכלל האָבן די ביינאַכטיקע שומרים אונדז נישט געיאָגט. ערשט ווען ס'איז געוואָרן טאָג איז אָנגעקומען אַ נייער שומר, אַן אויסוואורף, וואָס האָט אונדז געיאָגט און געפּלאָגט. טאָמער האָט ער באַמערקט אַז איינער פון אונדז האָט זיך אויף אַ סעקונדע אָפּגערוט, האָט ער אים גע־שלאָגן מכות רצח. אין אונדזער אומבאַהאָלפנקייט האָבן מיר נאָך זיין אַוועק־גיין פון דער שמירה געקענט אים בלויז ווינטשן די ערד זאָל אים איינ־שלינגען, די ווערעם זאָלן אים פרעסן, אָבער פריִער זאָל ער געפּייניקט ווערן, ווי ער האָט אונדז געפּייניקט.

פיר אַ זייגער נאָך מיטאָג איז דער לאַגער־קאָמענדאַנט אָנגעקומען און געגעבן אַ צייכן מיר זאָלן אויפהערן אַרבעטן. אויסגעמאַטערטע און רעזיג־נירטע האָבן מיר מיט די לעצטע כּוחות זיך אויסגעשטעלט אין רייען. מען האָט אונדז געציילט; די צאָל האָט געשטימט. דער קאָמענדאַנט האָט גע־האַלטן אַ רעדע, אַז דאָס מאָל איז ער אונדז מוחל, מיר קענען מאַרשירן אין לאַגער אַריין, דאָרט וועלן מיר באַקומען די שפּייז־צוטיילונג. אויב אָבער עס וועט נאָך אַ מאָל פּאַסירן, אַ ייִד וועט אָן צו מעלדן אַוועקגיין פון זיין קאָלאָנע, וועט עס אָנגענומען ווערן, אַז ער איז אַנטלאָפן. עס וועט וועגן דעם געשיקט ווערן אַ פּראָטאָקאָל קיין בערלין, און דאַן „זאָל זיך דער ליבער מאָזעס איבער אייך דערבאַרעמען!״

מיט דעם לעצטן ביסל כּוח האָבן מיר אויסגעשריגן דעם „יאַוואָהל!״ און אָנגעהויבן מאַרשירן, בעסער געזאָגט, צו שלעפּן זיך צום לאַגער.

אָנגעקומען אין לאַגער, זיך אַ ביסל אַרומגעוואַשן און באַלד געלאָפן — געלאָפן? די פיס האָבן דען געטראָגן? מערסטנס הינקענדיקע זענען מיר אַוועק צו דער קיך, צו נעמען די עסן־צוטיילונג, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ וואַסערדיקער ריבן־זופּ אין וועלכער עס זענען אַרומגעשווומען אַ צוויי שטיקלעך קאַרטאָפל, אויב מען האָט געהאַט מזל און זיי האָבן זיך אַריינ־געגליטשט אין טעלער; אויסער די צוויי הונדערט גראַם ליימיק ברויט, אַ שטיקל קעז, אָדער בלוטוורשט, אַ לעפל צוקער אָדער מאַרמעלאַדע. אַראָפּ־געשלונגען די זופּ, איז דאָס איבעריקע באַהאַלטן געוואָרן אויף מאָרגן, צו דער אַרבעט. ווי אויף משיחן האָבן מיר געוואַרט אויפן צייכן, אַז מען מעג שוין אַרויף אויף דער הילצערנער קויקע און ווי נאָר דער צייכן איז געקומען בין איך, מחמת אויסגעמאַטערטקייט פון דער שווערער אַרבעט און פון אַ נאַכט אויף זיין, באַלד איינגעשלאָפן. די שרעקלעכע חלומות בעתן שלאָף זענען נאָך ערגער געווען פון דער 32־שעהדיקער שווערער אַרבעט.

צומאָרגנס איז אונדזער קאָלאָנע נישט אַרויס צו דער אַרבעט. ס'איז געווען שבת. אונדזער אַרבעט איז געווען אין לאַגער. מיר האָבן געהאָלפן אויפשטעלן נייע באַראַקן. די אַרבעט איז נישט געווען אַזאַ שווערע ווי אויף דער „בוישטעלע״ ביים אָנלאָדן ליים, דערפאַר האָט מען קיין איין מינוט נישט געקענט זיך אָפּרוען. אומעטום האָבן זיך אַרומגעדרייט שומרים וואָס האָבן אונדז געיאָגט צו שלעפּן וואַנט־ברעטער. נאָכן אָפּאַרבעטן זעקס שעה זענען מיר געווען פריי, מיט דער האָפענונג, אַז אויב עס וועט אונדז אָפּ־גליקן און מען וועט אונדז נישט יאָגן צו אַ פרישער לאַגער־אַרבעט, זענען מיר פריי ביז מאָנטיק פרי.

אין דער רוצייט איז צו מיר צוגעקומען דער חבר סרולקע, זיך אַוועק־געזעצט נעבן מיר און אין פאַרלעגנהייט געזאָגט:

„חבר זאַמי, זייט נישט בייז אויף מיר, איך וויל אייך דערציילן דעם גאַנצן אמת". ער האָט זיך אַרומגעקוקט, צי עמעצער הערט זיך נישט צו און ממשיך געווען: „איך מוז פאַר אייך זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן. ווי איר ווייסט בין איך אַ געבוירענער אין דייטשלאַנד. אין קעמניץ, נעכטן, ביי דער אַרבעט, האָב איך זיך נישט אַוועקגעזעצט אָפּצורוען און בין דערביי איינגעשלאָפן. אַזאַ אידיאָט בין איך נישט. איר ווייסט דאָך, אַז איך קען די דייטשן גאַנץ גוט. ווען איך וואָלט אַזוי געטאָן, וואָלט איך זיך געהיט מען זאָל מיך נישט כאַפּן. הערט זיך צו, זאַמי, איך האָב זיך באַקענט מיט אונדזער שומר. אויך ער איז פון קעמניץ, ער איז אַפילו געגאַנגען אין דער זעלבער שולע וואָס איך. איך האָב זיך מיט אים אייניקע מאָל אַדורכ־געשמועסט און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר האָבן געמיינזאַמע באַקאַנטע. ווען איך האָב דערפילט, אַז ער איז אַן ‚אייגענער', האָב איך אים דערציילט, אַז איך האָב ביי מיר טויזנט מאַרק. איך וויל אים געבן 500 מאַרק, די אַנדערע 500 דאַרף איך. איך וויל אַנטלויפן קיין קעמניץ, ביי דער טשעכיי־שער גרענעץ. דאָרט האָב איך גוטע פריינד וואָס וועלן מיר העלפן זיך אַריבערשמוגלען קיין טשעכיע. פון טשעכיע וויל איך איבער עסטרייך אַריבער קיין איטאַליע און פון דאָרט קיין פּאַלעסטינע. איך האָב דעם שומר געגעבן די 500 מאַרק. מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז ווען ער וועט האָבן דינסט אויף דער בוישטעלע און אונדז היטן, וועל איך פאַרשווינדן צען מינוט פאַרן שלוס פון דער אַרבעט. ער וועט וואַרטן אַ האַלבע שעה און אין דער האַלבער שעה מוז איך זען צו געפינען אַ מקום זיך אויסצובאַהאַלטן און ביינאַכט אַוועק ווייטער. נאָך דער האַלבער שעה וועט ער מעלדן, אַז איינער פעלט, מסתמא אַנטלאָפן. ווי אָפּגערעדט האָב איך זיך געלאָזט אין וועג אַריין. איך האָב נאָך ביי מיר געהאַט אַ גאָלדענעם זייגער און אַ קדושין־רינגל. געקלערט אויך מיט דעם זיך צו העלפן. איך האָב אַראָפּגעריסן פון די הויזן דעם ווייסן מגן־דוד; אויף דער קורטקע האָב איך דערווייל איבערגעלאָזט דעם מגן־דוד — טאָמער כאַפּט מען מיך. נישט ווייט פון אונדזער אַרבעטס־פּלאַץ גייט אַ גרויסער שאָסיי. מיט מיין דייטש לשון בין איך געווען זיכער, אַז קיינער וועט מיך נישט אַנגעמען פאַר אַן אויסלענדער. כ'האָב פּלאַנירט אויפן שאָסיי צו פאַרהאַלטן אַ דורכפאָרנדיקן דייטש, ער זאָל מיך מיט־נעמען. אויב ס'וועט זיין בייטיק וועל איך אים גוט באַצאָלן. איידער איך בין צוגעקומען צום שאָסיי האָב איך באַמערקט אַ פּאַטרול פון מיליטער־פּאָליציי, וואָס האָט קאָנטראָלירט יעדן אַדורכפאָרנדיקן וואָגן. איך בין

דעריבער צוריק אַריין אין וואַלד. אָבער אויך אין וואַלד האָב איך געהערט דאָס בילן פון הינט און געשרייען פון דער ווייטנס. די צייט איז שוין געהאַט אַריבער ווי איך האָב געהאַט זיך אָפּגערעדט מיטן שומר. בין איך אַריין אין אַ פאַרלאָזט הויז, אַ חורבה. געטראַכט דאָרט צו בלייבן ביז שפּעט ביינאַכט און דאַן וועל איך ווייטער זיך לאָזן אין וועג אַריין. און דאַן וועל איך זען וואָס ווייטער צו טאָן. דאָס בילן פון די הינט האָט זיך דערנענטערט און כ׳האָב געפילט, אַז די שומרים קומען אָן צו מיין באַהעלטעניש. האָב איך אָנגעטאָן מיין קורטקע מיטן מגן־דוד, זיך אַוועקגעלייגט אויפן באָדן און געמאַכט זיך שלאָפן. דעריבער איז געשען וואָס ס׳איז געשען. זאָמי, איך האָב אייך דאָס אַלץ דערציילט ווייל צוליב מיר האָט איר אַלע געליטן. זייט מיר מוחל. איך האָב נישט געוווּסט, אַז צוליב מיר וועט מען אייך שטראָפן. איך בין דאָס ערשטע מאָל אין אַ יודען־צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגער״.

איך בין געלעגן אויפן דיל, אויסגעהערט סרולקעס מעשׂה און געשוויגן, ווי ער וואָלט מיר גאָרנישט דערציילט. איך האָב זיך אויפגעשטעלט און אַ געשריי געגעבן:

„חברה, קומט, זעצט זיך אַלע אַרום טיש און לאָמיר לכּבוד שבת און לכּבוד אונדזער חבר סרולקע עסן צוזאַמען שלוש־סעודות״.

סרולקע איז געווען אַ פרומער. יעדער האָט גענומען אַ כּזית פון זיין פּאַרציע ברויט, ווייל די פּאַרציע האָט מען געדאַרפט באַהאַלטן אויף מאָרגן, און זיך געזעצט צום טיש. סרולקע האָט געמאַכט די ברכה און זיך צעלאָזט זינגען חסידישע ניגונים. דערנאָך האָט מען געזונגען יידישע און העברעישע לידער. מיר האָבן כּמעט פאַרגעסן ווו מיר געפינען זיך. פּלוצעם אַן אויסגע־שריי: „אַפּעל! אַלע אויף די שטובן! שטובן־אַפּעל!״ האָבן מיר זיך אויס־געשטעלט אין רייען און געוואַרט דער לאַגער־קאָמענדאַנט מיטן יודענעלט־סטן זאָלן אַריינקומען און אָפּנעמען די „דעפּילאַדע״. זיי זענען אַריינגע־קומען, אונדז געציילט. די צאָל האָט געשטימט.

אויף צו מאָרגנס, מאָנטיק אין דער פרי, האָט אונדז צו דער אַרבעט באַגלייט דער זעלבער שומר, וואָס האָט אונדז געהיטן ווען סרולקע האָט געוואָלט אַנטלויפן. אויף מיין אָרט האָט דער יודענעלטסטער באַשטימט אַן אַנדער פאַראַרבעטער. איך בין געגאַנגען מיט דער קאָלאָנע אַלס פּראָסטער אַרבעטער. נאָכן אָפּאַרבעטן אַ פּאָר שעה האָט מיך דער שומר אַוועקגערופן אָן אַ זייט און געפרעגט:

„זאָג מיר, וויפל האָט דער ייִד איזראַעל דיר געגעבן דו זאָלסט אים לאָזן אַנטלויפן?״

איך בין געבליבן דערשטוינט. „הער וואַכטמייסטער״, האָב איך אים

געזאָגט, „איך האָב קיין שום געלט פון קיינעם נישט באַקומען. איזראַעל איז נישט אַנטלאָפן. ער איז ביים אָפּרוען זיך איינגעשלאָפן און דערפאַר האָט ער זיין שטראָף באַקומען".

דער שומר איז צו מיר צוגעשטאַנען, איך זאָל אים נישט דערציילן קיין באָבע־מעשׂיות. עס וועט זיין בעסער פאַר מיר, האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך וועל נישט זאָגן קיין ליגן. ער ווייסט, אַז דער איזראַעל האָט מיר געגעבן 500 מאַרק איך זאָל אים לאָזן אַנטלויפן. ער האָט געפאָדערט פון מיר איך זאָל אים געבן דאָס געלט, וואָס איך האָב כּלומרשט באַקומען. אויב נישט, האָט ער געטענהט, וועט ער מיך און דעם איזראַעל מעלדן ביים לאַגער־קאָמענדאַנט אַז ביידע האָבן מיר געוואָלט אַנטלויפן. „דו ווילסט דאָך נישט מען זאָל אייך ביידע אויפהענגען, טאָ מאַך זיך נישט נאַריש און גיב אַהער דאָס געלט!"

„הער וואַכטמייסטער", האָב איך זיך פאַרטיידיקט, „איך ווייס נישט פון קיין שום אַנטלויפן, איך האָב פון קיינעם קיין שום געלט נישט באַקומען. איר קאָנט ביי מיר זוכן, צי איך האָב געלט".

„געדענק, איך וואָרן דיר", האָט דער שומר מיר געדראָט מיט אַ פינגער, „איך וויל נישט זוכן ביי דיר. היינט וועט אין לאַגער דורכגעפירט ווערן ,גרויס ריינמאַכן'. אַלע וועט איר זיך אויסטאָן נאַקעט, אייערע קליי־דער וועלן ווערן עלעקטריש דורכגעלויכטן, צי עס איז אין זיי נישט איינ־גענייט געלט. די שטרויזעק וועלן אויפן אַפּעלפּלאַץ אויסגעשיט ווערן, און ווי וועט זיין צו דעם ביי וועלכן מען וועט געפינען אַ גרעסערע סומע געלט. דאָס וועט זיין אַ סימן, אַז ער האָט פּלאַנירט צו אַנטלויפן. און דו, חברשי, זיי פאַרזיכטיק, אויף דיר האָט מען אַ באַזונדער אויג".

איך בין געשטאַנען און געשוויגן. דערנאָך האָב איך געזאָגט: „הער וואַכטמייסטער, ביי מיר קאָן מען זוכן, איך האָב קיין שום געלט נישט. כ'ווייס אויך נישט, אַז דער איזראַעל האָט געוואָלט אַנטלויפן".

נאָך אַ קורצן שווייגן איז דער שומר ווייכער געוואָרן און געזאָגט:

„איך זע, אַז דו ביסט אַן אַנשטענדיקער קערל, מיר האָבן גאָרנישט נישט גערעדט. פאַרשטאַנען?" און ער האָט געווונקען צו מיר, אַז איך קאָן גיין.

כ'בין צוריק אַוועק צו מיין אַרבעט אַ דערשלאָגענער. כ'האָב געטראַכט: ווער ווייסט וואָס פון דער „געשיכטע" קאָן אַרויסקומען. ס'איז מיר איינגע־פאַלן צו בעטן דעם יודענעלטסטן, אַז ווען מען וועט אַוועקשיקן אַ טראַנס־פּאָרט מיט ייִדן אין אַן אַנדער יודען־לאַגער, זאָל ער מיך מיטשיקן. אויך

סרולקע מוז אַוועק פון דאַנען. כּדי פּטור צו ווערן פון עדות אַז ער האָט גענומען געלט קאָן דעם שומר איינפּאַלן אים צו דערשיסן.

צוריקקומענדיק אין לאַגער בין איך אַוועק צום יודנעלטסטן. ער האָט מיין ביטע פאַרשטאַנען. ווי אַ באַשטראָפטער וועל איך שטענדיק האָבן צרות פון דעם לאַגער־קאָמענדאַנט און פון די שומרים.

דער יודנעלטסטער האָט באַמערקט מיין אומרו און פּחד. האָט ער מיר געזאָגט אַז ער האָט געהערט, אַז דער יודען־אַרבייטס־לאַגער אין נוידאָרף ווערט געשלאָסן. מיר וועלן צעשיקט ווערן אין אַנדערע יודען־לאַגערן. אין נוידאָרף וועט ווערן איינגעאָרדנט אַ לאַגער פאַר ענגלישע קריגס־געפאַנגענע. אַזוי איז טאַקע געשען אַ פּאָר טעג שפּעטער. מיך מיט נאָך אַ צאָל חברים האָט מען געשיקט אין יודען־לאַגער קיין געפערסדאָרף. סרולקען האָט מען געשיקט אין אַן אַנדער יודען־לאַגער. זייט דעמאָלט האָב איך אים מער נישט געזען.

נאָך דער מלחמה האָב איך געהערט, אַז ער איז געבליבן לעבן און האָט אַ צייט געוווינט אין בערלין.

## „יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגער" אין געפערסדאָרף

דאָס שטעטל געפערסדאָרף ליגט נישט ווייט פון דער אַמאָליקער דייטש־אָבערשלעזישער הויפּטשטאָט אָפּעלן. אויך דאָרט האָט מען געבויט די אויטאָסטראַדע וואָס האָט געדאַרפט פירן פון דרעזדען דורך דער דאָרטיקער געגנט קיין ווין. דער לאַגער אין געפערסדאָרף איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין יאָר 1940. דאָ בין איך לאַנג נישט געווען. ווען אונדזער גרופּע איז אָנגעקומען קיין געפערסדאָרף, האָט מען אַלע פון נוידאָרף איינלאָקירט אין איין שטוב. צוזאַמען זענען מיר געווען איין און דרייסיק אַסירים. דריי טעג איז מען צו קיין שום אַרבעט נישט געגאַנגען. האָבן מיר זיך אַ ביסל אָפּגערוט פון דער פריִערדיקער האָרעוואַניע. אויפן דריטן טאָג האָט מען אונדז פינף אַ זייגער פאַרטאָג אויפגעוועקט. מיט אַ יאָגעניש האָבן מיר זיך אָנגעטאָן, שנעל געכאַפּט דאָס שטיקל ברויט, פאַרטרונקען מיטן טעפּל ציקאָריע־קאַווע און אַרויס צום אַפּעל.

דער פראָסט איז געווען אַ שטאַרקער, פּופצן ביז צוואַנציק גראַד אונטער נול. מיר זענען געשטאַנען, געקלאַפּט אַ פוס אין אַ פוס און געוואַרט. ענדלעך

איז אָנגעקומען דער לאַגער־קאָמענדאַנט און נאָך אים דער יודענעלטסטער קראָנענבערג. נאָך אַלע פּראָצעדורן פון אַפּעל האָט דער יודענעלטסטער זיך געוואָנדן צו מיר, אַז פון נוידאָרף האָט מען אים געמאָלדן, אַז איך בין דאָרט געווען אַ פאָראַרבעטער. דעריבער וועל איך איצט פּירן די דאָזיקע גרופּע. איך זאָל אָבער אַכטונג געבן עס זאָלן נישט קומען קיין אָנקלאַגעס, אַז איך אַרבעט נישט ווי געהעריק. דערנאָך האָט ער צוגעגעבן אין ייִדיש: „חברה, מאַכט מיר נישט קיין צרות״. דער לאַגער־קאָמענדאַנט מיטן יודענעלטסטן זענען אַוועק. מיר זענען געבליבן שטיין; געקלאַפּט מיט די פיס, מיט די הענט, איבער די פּלייצעס אַ ביסל זיך צו דערוואַרעמען. מיר האָבן זיך דערוואַרט אויפן אָנקום פון אַן עס־אַ־מאַן מיט אַ דייטשן מייסטער. איך באַפעל „שטילשטאַנד״ און מעלדע דעם שומר: „איין־און־דרייסיק ייִדן גרייט צום אַרויסמאַרש צו דער אַרבעט״. מיר האָבן אַרויס־מאַרשירט מיט פרייד, אַנדערש וואָלטן מיר נישט אויסגעהאַלטן די קעלט שטייענדיק אויף איין פּלאַץ. אויפן וועג צו דער אַרבעט האָבן מיר געטאָפּ־טשעט אין טיפן שניי און פון אָנשטרענג איז געוואָרן וואַרעם. אונדזער אַרבעט־פּלאַץ איז געווען דער אַזוי גערופענער „רייכסאַוטאָ־באַן״, וועלכער איז געווען פאַרשיט מיט אַ מעטער שניי די הייך. דער מייסטער האָט אונדז דערקלערט אַז אין 48 שעה מוזן די אויטאָסטראַדע און אויך די שינעס פון דער קליינבאַן ווערן אָפּגערייניקט פון שניי אויף אַ לענג פון איין קילאָ־מעטער. די קליינבאַן האָט געדאַרפט צושטעלן מאַטעריאַלן אויף צו בויען ווייטער די אויטאָסטראַדע. יעדער איינער פון אונדז האָט באַקומען אַ האַקער, אַ גראָבאײַזן און אַ לאָפּאַטע. מיר האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט. צוליב דעם שטאַרקן פראָסט איז דער שניי געווען פאַראײַזט. מיט אַלע אונדזערע כוחות האָבן מיר געהאַקט און געשניטן און געשאַרט די שטיקער שניי, דאָך איז דער רעזולטאַט געווען נישט אַזאַ ווי דער מייסטער האָט געוואָלט. ער איז געוואָרן אויפגערעגט און געריטשעט: „פאַרשאָלטן פאָלק! איר פוילע הינט, אין צוויי טעג מוז די אויטאָבאַן זיין פריי פון שניי. איז עס אייך קלאָר? אויב נישט, וועט זיין וויי צו אייך!״ — ער האָט אויסגעלאָזט דעם כעס צו יעדן איינעם וואָס איז אים אונטערגעקומען, געקלאַפּט איבערן קאָפּ און פּלייצעס. דער עס־אַ־מאַן האָט אים צוגעהאָלפן מיט דער ביקס שטאָרקען די אַסירים. נישט געלאָזט אויף אַ מינוט זיך אָפּרוען. צו מיר האָט דער מייסטער געשריגן: „פאָראַרבעטער, דאָס הייסט ביי דיר אַרבעטן? איך וועל דיך און דיינע קאַמעראַדן מעלדן ביים לאַגער־קאָמענדאַנט, דאָרט וועט איר באַקומען אייער פאַרדינטן לוין — איך בין אייך נישט מקנא, הערררר פאָררר־אַררר־ביי־טעררר!...״

איך האָב געטענהט צו אים:

„הער מייסטער, איר מוזט די מענטשן לאָזן אַ ביסל זיך אָפּרוען. מיר אַרבעטן שוין פיר שעה און נאָך נישט געהאַט קיין איין פויזע צו קאָנען עפּעס עסן. די קאַמעראַדן מיינע זענען מיד און אויסגעמאַטערט, קוים זיי שלעפּן די פיס. אויף אַזאַ אופן וועלן די שינעס מיט דער אויטאָבאַן נישט זיין אָפּגערייניקט פון שניי צו דער צייט, הער מייסטער". האָט ער געברילט צו מיר: „האַלט דאָך דיין פּיסק, דו ווילסט אַז ביי דעם פראָסט זאָלן זיי נישט אַרבעטן? נישט באַוועגן זיך? איך קאָן דיר דאָס צוליב טאָן, פאַר־אַרבייטער! זאָלן זיי נישט אַרבעטן און זיך נישט באַוועגן, וועסטו אַהיימ־טראָגן אין לאַגער אַריין אַ פּאָר פאַרפרוירענע פון דיינע קאַמעראַדן און עס וועלן זיין ווייניקער שטינקיודען, הערררר־פאַררר־אַררר־ביי־טער". האָב איך געזאָגט: „הער מייסטער, דערלויבט צו מאַכן אַ פייער, וועלן מיר קאָנען מאַכן אַ פויזע, זיך אָנוואַרעמען און עפּעס עסן. איר וועט זען, אַז ווען מיינע חברים וועלן זיך האָבן אַ ביסל אָפּגערוט, אָנגעוואַרעמט און געגעסן וועלן זיי בעסער און שנעלער אַרבעטן".

ער איז נאָכגעקומען מיין עצה: צוויי חברים זענען אַוועק, האָבן געבראַכט האָלץ און אָנגעצונדן אַ פייער. מיר האָבן דאַן געמאַכט אַ פויזע פון פופצן מינוט, זיך אַרומגעזעצט אַרום דעם פייער, געוואַרעמט זיך און געגעסן. אין דער זעלבער צייט האָט מען צו אונדז געבראַכט פון לאַגער אַ מילכקאַן מיט וואַרעמע ריבנזופּ. חברה האָבן מיט דעם ביסל וואַרעמס זיך מחיה געווען. ס'האָט זיך נישט געגלוסט אַוועקצוגיין פונעם קנאַקנדיקן פייער. דאָס פייפן פונעם מייסטער האָט איבערגעריסן אונדזער אָפּרוען זיך. מיר זענען אַוועק צו דער אַרבעט מיט מער קוראַזש און לוסט. די אַרבעט איז געגאַנגען ווי געשמירט. געוואָלט אָפּפטרן די איבערגע־בליבענע פּאָר שעה אָן קלעפּ פונעם מייסטער. געזען ווי חברה אַרבעט, האָט ער דערלויבט, אַז אַלע פינף מינוט, לויט דער ריי, מעג אָן אַנדערער גיין צום פייער זיך אָנוואַרעמען. דער מייסטער האָט מיר געגעבן אַ פייפל און יעדע פינף מינוט האָב איך אָן אַנדערן געשיקט זיך אָנוואַרעמען.

מיט דער צייט האָט זיך דער מייסטער צו אונדז צוגעוווינט. אויך דער שומר. זיי האָבן געזען ווי חברה אַרבעט פלייסיק, האָבן זיי אונדז מער נישט געיאָגט און אויך ווייניקער געשלאָגן. דערווייל איז געוואָרן צוויי אַ זייגער. עס איז אָנגעקומען אַ נייע גרופּע צו דער אַרבעט. אויך דער מייסטער און דער שומר ווילן שוין אַהיים און זיי שרייען מיר זאָלן צואיילן.

מיר האָבן זיך שנעל אויסגעשטעלט אין רייען און אָפּגעציילט — איינער פעלט. דער לעצטער וואָס איז געגאַנגען צום פייער זיך אָנוואַרעמען, האָט

נישט געהערט מיין פייפן אַז די פינף מינוט זענען אַריבער; און אַז קיין אַנדערער איז נישט געקומען, האָט ער ביים וואַרעמען זיך איינגעדרימלט. אַ האַלב־פאַרפרוירענעם האָבן מיר אים געבראַכט אין לאַגער אַריין און אים געטראָגן צום דאָקטער אין קראַנקן־צימער. דער יודענעלטסטער און דער לאַגער־קאָמענדאַנט זענען אָנגעקומען און געשריגן אויף מיר הלמאי איך היט נישט ווי געהעריק אַז די אַסירים זאָלן אַרבעטן פלייסיק. ווען ער וואָלט געאַרבעט, וואָלט נישט געשען וואָס ס'איז געשען און ער האָט מיר געוואָרנט, אַז אויב אַזאַ פאַל וועט זיך איבערחזרן וועט ער מיך מאַכן פאַר אויס פאַר־אַרבעטער און מיך שיקן צו שטראָף־אַרבעט.

ווי אַ קאָלעקטיווע שטראָף האָט די גאַנצע גרופּע געמוזט נאָקעטערהייט זיך וואַשן אין דרויסן ביים קנאַקנדיקן פראָסט און נאָך דעם לויפן אַ האַלבע שעה אַרום דעם אַפּעלפּלאַץ, כּדי מיר „זאָלן זיין מער באַוועגלעך ביי אונדזער אַרבעט". נאָך אַ האַלבע שעה לויפן האָט מען אונדז געהייסן גיין אין אונדזער שטוב. אָפּגעגעסן די גרינע בלעטער־זופּ איז מען געגאַנגען בעמען די עסן־צוטיילונג אויף מאָרגן. אויסגעמאַטערטע און מיט ווייטאָגן פון די קלעפּ וואָס מיר האָבן באַקומען ביים לויפן, האָבן מיר זיך געלייגט שלאָפן, ווייל צען אַ זייגער ביינאַכט, האָט מען אונדז געזאָגט, גייען מיר אַרויס צו אַ נאַכטשיכט. עטלעכע זענען געבליבן ליגן אויפן באָדן, זיי האָבן נישט געהאַט קיין כּוח אַרויפצוקריכן אויף די אויבערשטע קויקעס.

פונקט ניין אַ זייגער אין אָוונט האָט מען אונדז געוועקט. שנעל זיך געוואַשן, געגעסן און אַרויסמאַרשירט צו דער אַרבעט. דאָס מאָל האָט אונדז באַגלייט איינער פון די בלויע הילפס־פּאָליציי. ווייל דער מייסטער איז פּלוצעם קראַנק געוואָרן, האָב איך אים פאַרטראָטן. אָנקומענדיק אויפן אַרבעטספּלאַץ, האָב איך צוויי חברים געהייסן מאַכן אַ פייער. איינעם האָב איך געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך צו היטן אַז קיינער זאָל נישט בלייבן לענגער ווי פינף מינוט, און זיך נישט אויסשטעלן צו דער סכנה איינצודרימלען. דער בלויער פּאָליציסט איז געווען אַ ווילער, שטילער מענטש. ער האָט זיך אין דער אַרבעט נישט אַריינגעמישט, זיך פאַרלאָזט אויף מיר. ער האָט געדרעפּטשעט אַרויף און אַראָפּ אויף דעם פאַרשנייטן און האַלב־אויסגע־טראָטענעם וועג זיך צו דערוואַרעמען.

פון צייט צו צייט איז אַן אַנדערער חבר פאַרשוווּנדן. פאַראַנטוואָרט־לעכע ביים פייער האָבן זיך געקלאָגט, אַז דער און יענער וויל נישט אַוועק פון פייער. זיי הערן נישט. טייל זוימען ביים פייער לענגער ווי צען מינוט און דרימלען. די פייער־היטער האָבן ליבערשט געוואָלט אַרבעטן איידער

צו היטן דאָס פייער. כ'האָב געגעדט צו זייער שׂכל: „חברה, איר זענט אַראָפּ פון זינען? איר ווילט מען זאָל אייך שלעפּן טויטע אין לאַגער אַריין?"

ס'איז געווען אַ זייגער צוויי אין דער נאַכט. דער שומר האָט געהאַט צו מיר אַ קשיא: „דאָ נישט ווייט", האָט ער מיט אַ פינגער אָנגעוויזן אויף אַ הויז, „וווינט מיין חברטע, איך וויל זי גיין באַזוכן, עס וועט נישט דויערן לאַנג, העכסטנס אַ האַלבע שעה. איך וועל אייך געבן מיין עלעקטריש טאַשן־לעמפּל און טאָמער איר וועט זען אָנקומען אַ קאָנטראָלער, זאָלט איר מיר געבן אַ צייכן דורך בליצן פון עלעקטרישן לעמפּל". ער האָט אויסגע־לאָדן די ביקס, אַרויסגענומען דעם שלאָס און מיר זי געגעבן צוזאַמען מיטן עלעקטרישן לעמפּל.

איך האָב זיך אַרומגעדרייט מיט דער ביקס אָן אַ שלאָס און אָן קוילן און געקוקט צו דעם פינצטערן, פאַרשנייטן פעלד, עווענטועל צו באַמערקן דעם אָנקומענדיקן קאָנטראָלער. געזען אַז דער שומר איז אַוועק און איך דריי זיך אַרום מיט דער ביקס און בין פאַרקוקט צום פינצטערן פעלד, האָבן אַ צאָל חברים געפּראַוועט אַ צווייט פויזע צו דער אָפיציעלער פויזע. מיט מיר ווי דעם שומר זענען זיי געזעסן רויִק און דערציילט מעשׂיות. די אַנדערע, ביי דער אַרבעט, האָבן געקראַצט דעם שניי, אָדער האָבן זיך באַוויזן ביי די ריזיקע רעפלעקטאָרן, וואָס האָבן באַלויכטן די אויטאָבאַן אַזוי אַז פון דער ווייטנס האָט מען געזען, אַז זיי אַרבעטן. דער חבר וואָס איז געווען באַשטימט צו היטן ביים פייער, האָט זיך געקלאָגט פאַר מיר, אַז ער קען נישט מער. ס'וועט זיין אַן אומגליק. זיי ווילן נישט אַוועק פון פייער. אייניקע דרימלען שוין. ס'וועט זיין אַ בראָך. זיי וועלן פאַרפרוירן ווערן.

כ'האָב געגעצהט דעם פייער־היטער ער זאָל די דרימלענדיקע געבן קלעפּ און זיי פאַרטרייבן פון פייער. ס'איז בעסער צוריקצוטראָגן אין לאַגער אַריין צעשלאָגענע איידער געפרוירענע. ס'איז מיר איינגעפאַלן איבערצונעמען די ראָל פונעם פייער־היטער און באַוועגן די חברה זיי זאָלן פאַרלאָזן דעם שייטער. כ'האָב דעם פייער־היטער איבערגעגעבן די אינסטרוקציעס ווי אַזוי צו סיגנאַליזירן מיטן עלעקטרישן לעמפּל אין פאַל דער קאָנטראָלער וועט זיך דערנענטערן, און בין אַוועק צום פייער מיט אַ געשריי: „חברה, דער ראש גייט! חברה, שנעל! דער ראש גייט!" ס'האָט געהאָלפן, אַלע זענען אַנטלאָפן פון פייער. בלויז צוויי האָב איך געמוזט וועקן פון שלאָף. מיט מי איז מיר געלונגען צו מאַכן זיי וואַך און אַוועקטרייבן זיי פון דער סכּנה זיי זאָלן איינשלאָפן אויף אייביק.

ביים אַרבעט־פּלאַץ האָב איך אַלע צוזאַמענגערופן און צו זיי אַפּעלירט:

„חברים, מיר האָבן היינט אַ גוטן שומר, ער שלאָגט אונדז נישט און פּלאָגט אונדז נישט. אַ מייסטער איז אויך נישטאָ. איר ווייסט, אַז איך טראָג די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער גאַנצער אַרבעט. אַ ליאַדע מינוט קען אָנקומען דער קאָנטראָלער און וואָס פאַר אַ צרות עס דראָען אונדז. דער היינטיקער שומר איז צו אונדז אָנשטענדיק, דאַרפן מיר אויך צו אים זיין אָנשטענדיק און נישט לאָזן זיך כאַפּן, אַז מיר טוען גאָרנישט". מיין אַפּעלירן צו די חברים האָט געווירקט. באַלד דערנאָך איז צוריקגעקומען דער שומר, טראָגנדיק מיט זיך אַ זעקל. איך האָב אים צוריקגעגעבן די ביקס מיטן עלעקטרישן לעמפּל, ער האָט מיר שטאַרק געדאַנקט פאַר פאַרטרעטן אים און אויף ס'ניי אָנגעהויבן דרעפּטשען מיט זיינע שווערע שטיוול אַרויף און אַראָפּ דעם האַלב־אויסגעטראָטענעם שניי.

דער זייגער איז האַלב זעקס. אין נאָך אַ האַלבער שעה דאַרף אָנקומען אַ נייע גרופּע צו דער אַרבעט און מיר וועלן צוריקגיין אין לאַגער. פּלוצעם האָט דער שומר גערופן צום אַפּעל. מיר זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן, זיך אויסגעשטעלט אין דריי רייען גרייטע צו אַ גזירה. דער שומר האָט געעפנט דאָס זעקל וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך און אָנגעהויבן אונדז טיילן יעדן אַ געבראָטענעם קאַרטאָפל. צום סוף איז ער געבליבן מיט איין קאַר־טאָפל אין דער האַנט. ער האָט געפרעגט: „וועמ פון אייך האָט נישט באַקו־מען קיין געבראָטענעם קאַרטאָפל זאָל אַרויס פון דער ריי". קיינער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. אַלע האָבן באַקומען. ס'האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן: ווידער אַ מעשׂה סרולקע ווי אין נווידאָרף? ביי אַזאַ פראָסט אַנטלויפן איז אַ זיכערער טויט. ער וועט ווייט נישט אָנקומען. אויב דייטשן וועלן אים כאַפּן, וועלן זיי אים איבערגעבן דער פּאָליציי, אָדער זיי וועלן אים אַליין דערהרגענען. כ'האָב באַפוילן דעם היטער ביים פייער, ער זאָל צוריקגיין צום פייער. אפשר איז דער פעלנדיקער דאָרט איינגע־שלאָפן? — משה, דער פייער־היטער, קומט באַלד צוריק מיט דער שלעכטער בשׂורה: „נישטאָ". דער שומר איז אַ צעטומלטער געשטאַנען מיטן געבראָ־טענעם קאַרטאָפל אין דער האַנט. דערווייל איז געוואָרן קלאָר, אַז יונה איז נישטאָ. האָב איך באַפוילן, אַז אַלע זאָלן זוכן יונהן. איז געוואָרן אַ זוכעריי און געשרייערײ: „יונה! יונה!" יונה איז נישטאָ. אָט באַלד דאַרף אָנקומען די נייע גרופּע. דער מצב ווערט סכנהדיק. פּלוצעם האָט זיך געהערט אַ פריידיקער געשריי: „איך האָב אים געפונען! איך האָב אים געפונען אַ שלאָפנדיקן אין באַראַק". יונה איז געלעגן אויפן באָדן צוגעדעקט מיט אַ זאַק און געשלאָפן. ער האָט אַפילו נישט געהערט אונדזער שרייען און טומל. מיר האָבן אים קוים דערוועקט, אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט

רירן. פאַרזיכטיק האָבן מיר אים איינגעריבן דאָס פּנים און די אויערן מיט שניי, געריבן זיין גוף. אַרויסגעטראָגן אים פונעם באַראַק.

דערווייל איז אָנגעקומען די נייע גרופּע און מיר האָבן אָנגעהויבן מאַרשירן צום לאַגער טראַגנדיק יונהן. אויפן וועג האָט דער שומר געזאָגט צו מיר, אַז ער וועט מוזן וועגן דעם פאַל מעלדן דעם לאַגער־קאָמענדאַנט. האָב איך געזאָגט צו אים:

„הער וואַכמייסטער, ווען איר וועט וועגן דעם מעלדן, וועט ער באַקו־מען אַ שטאַרקע שטראָף. ביים שלאָגן אים קען געשען ער זאָל זיך פאַרענט־פערן, אַז דער הער וואַכמייסטער איז אַוועקגעגאַנגען און איך האָב נישט שטאַרק געהיטן. דעריבער איז ער געגאַנגען זיך אָפּרוען. ס'איז דעריבער גלייכער איך זאָל מעלדן דעם יודענעלטסטן, אַז איינעם איז שלעכט געוואָרן האָב איך אים געגעבן צען מינוט אויף אָפּצורוען זיך, איז ער פון מידקייט איינגעשלאָפן". דער שומר איז מסכּים געווען.

אין לאַגער האָט מען יונהן אַוועקגעטראָגן צום דאָקטער. ביים אַפּעל האָב איך געמאָלדן דעם יודענעלטסטן:

„דרייסיק מאַן ביים אַפּעל, איינער אויף דער קראַנקענשטוב, צום דאָקטער".

דער יודענעלטסטער איז אַריין צום דאָקטער און געזען אַז יונה איז אַ האַלב־פאַרפרוירענער, האָט ער צו מיר אויסגעלאָזט זיין כּעס: „פאַראַרביי־טער, שוין ווידער אַ פאַרפרוירענער? נישט געאַרבעט? איר זייט אויס פאַר־אַרבייטער און איר וועט גיין צו שטראָף־אַרבעט!"

עס האָבן נישט געהאָלפן מיינע טענות, אַז עס איז אים שלעכט געוואָרן און איך האָב אים דערלויבט אויף צען מינוט זיך אָפּצורוען. די גאַנצע גרופּע איז באַשטראָפט געוואָרן בלויז אויף צוויי שעה שטראָף־אַרבעט — אָפּצור־רייניקן דעם פריש געפאַלענעם שניי פון אַפּעלפּלאַץ.

ביי די אַלע צרות האָבן מיר אין דער שטוב, אין דער פרייער צייט, דורכגעפירט רעפעראַטן אויף פאַרשידענע טעמעס. געזונגען לידער, רעצי־טירט און פאַרגעלייענט ספּעציעל אָנגעשריבענע הומאָרעסקן. ביז אין אַ שיינעם טאָג האָט מען צוזאַמענגעשטעלט אַ גרופּע פון עטלעכע צענדליק חברים און אונדז אַוועקגעשיקט קיין בלעכהאַמער. מיך, דעם באַשטראָפטן, צווישן זיי.

## „יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגער" אין בלעכהאַמער

אין אַרבעטס־לאַגער אין בלעכהאַמער זענען מיר אָנגעקומען פאַרטאָג. אַחוץ דעם ייִדן־לאַגער זענען דאָרט געווען אויך צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגערן פאַר פאַרשידענע אַנדערע פעלקער. עס זענען דאָרט אויך געווען אַרבעטס־לאַגערן פאַר פרייוויליקע אַרבעטער פון פוילן, אוקראַיִנע און אַנדערע. און צום שלוס — די מיליטערישע לאַגערן פאַר געפאַנגענע פראַנצויזן, ענגלענדער, ארץ־ישׂראלדיקע ייִדיש־ענגלישע מיליטער־געפאַנגענע, רוסן און אַנדערע. אין בלעכהאַמער האָט מען געבויט די „הערמאַן־געהרינג־ווערקע", ווו מען האָט פון קוילן פּראָדוצירט סינטעטישן בענזין. הערמאַן געהרינג, וואָס אויף זיין נאָמען האָט מען גערופן די פאַבריק, איז געווען באַרימט ווי אַן עראָפּלאַן־פּליִער אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָך דעם ווי היטלער איז געקומען צו דער מאַכט איז דער גענעראַל הערמאַן געהרינג געוואָרן פּרייסישער מיניסטער־פּרעזידענט. אויפן נירנבערגער פּראָצעס איז ער פאַראורטיילט געוואָרן צום הענגען. עס איז אים געלונגען פריִער צו באַגיין זעלבסטמאָרד מיט ציאַנקאַלי.

דער יודענעלטסטער אין לאַגער בלעכהאַמער איז געווען אַ ווינער ייִד, קאַרל דעמערער ז"ל. געשטאָרבן אין יאָר 1974 אין ישׂראל. זיין פאַרטרעטער איז געווען אַ דייטשער ייִד. זיין נאָמען האָב איך פאַרגעסן. מיר האָבן געוואַרט אויפן אַפּעלפּלאַץ צו ווערן איינקוואַרטירט. דערווייל האָבן מיר זיך צוגעקוקט ווי אַסירים לויפן ביי דער שטאַרקער קעלט נאַקעטע, בלויז אין די אונטערהויזן, אַן העמדער, מיט זייערע האַנטעכער אַרומגעוויקלט אַרום די העלדזער, צו דעם וואַשבאַראַק. אַנדערע האָבן געטראָגן פון דער קיך זייער עסן־צוטיילונג מיט קאַנען קאַווע. פּלוצעם האָט איינער וואָס איז געשטאַנען נעבן מיר זיך צעשריגן: „משה! משה!" צו איינעם וואָס איז מיט אַ קאַן אין דער האַנט געלאָפן צו דער קיך. ער האָט זיך אַפילו נישט אומגעקערט. מסתמא האָט ער דעם טאָג געהאַט שטובנדינסט און געמוזט ברענגען פון דער קיך קאַווע פאַר דער גאַנצער שטוב אַסירים. מיין חבר האָט געשריגן נאָך העכער: „מ־ש־ה! דאָס בין איך, יאַנקל!" זיך ווענדנדיק צו מיר האָט ער געזאָגט אַז משה איז זיין קוזין. דער פאַרטרעטער פונעם יודענעלטסטן איז צו דעם רופנדיקן צוגעלאָפן און אים צעשלאָגן ביז בלוט איז אים געפלאָסן פון דער נאָז. דער שטעלפאַרטרעטער פון יודענעלטסטן האָט גערופן צוויי פאַרבייגייענדיקע אַסירים, געהייסן זיי נעמען דעם צעבלוטיקטן און אים שנעל אַוועקטראָגן אינעם וואַשבאַראַק, אַראָפּצוואַשן

דאָס בלוט פון זיין פּנים. ס'איז אָנגעקומען אַ פּאָליציי־אָפיציר, אַ הויכער, אַ ברייטפּלייציקער, בײדע הענט פּאַרלייגט פון הינטן. כ'האָב באַמערקט, אַז ער האָט אין זיינע פאַרלייגטע הענט אַן „אָקסנציימער" (אַ ריזן קניפּל, געמאַכט פון אַן אָקסן ווײדל). דער יודענעלטסטער איז אים אַנטקעגן געלאָפן און אים געמאָלדן: „הער פּאָליציי־מייסטער, וויר האָבען די זאַכע ברייטס ערלעדיקט!" דאָס האָט געזאָלט הייסן, אַז ער האָט שוין מקיים געווען וואָס דער פּאָליציי־אָפיציר האָט געזאָלט טאָן. דער פּאָליציי־מייסטער האָט געביסן דעם ציגאַר צווישן די ליפּן און געוואָרטשעט: „דאָס אַאָס האָט שווין געהאָבט!" (דער פּגר האָט געהאָט מזל).

די סצענע האָט אויף מיר געמאַכט אַ שווערן איינדרוק. עס האָט מיר ווי געטאָן וואָס איין ייִד שלאָגט אַ צווייטן ביז בלוט. שפּעטער, זייענדיק עטלעכע חדשים אין לאַגער, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין בלעכהאַמער און דער פּאַרטרעטער פון יודענעלטסטן האָט צעשלאָגן דעם חבר וואָס איז געשטאַנען נעבן מיר, האָט ער אים געראַטעוועט דאָס לעבן. טאָמער וואָלט אים געשלאָגן דער פּאָליציי־מייסטער, וואָס איז געווען דער לאַגער־קאָמענדאַנט, וואָלט ער אים געמאַכט פּאַר אַ קאַליקע, און ווי אַן אַרבעטס־אומפעיִקן וואָלט ער אים געשיקט קיין אוישוויץ צו פאַרגאַזן.

תמיד, ווען אין אוונטצייט איז אָנגעקומען אַ נייער טראַנספּאָרט מיט ייִדן, און זיי זענען געשטאַנען אויפן אַפּעלפּלאַץ באַלויכטן פון ריזיקע רעפלעקטאָרן, האָב איך באַמערקט ווי אין ביוראָ פונעם פּאָליציי־מייסטער, דעם לאַגער־קאָמענדאַנט, איז פינצטער. דורכן פענצטער האָט מען פון צייט צו צייט געזען אויפגליִען זיין ציגאַר. ס'האָט טייל מאָל פּאַסירט, אַז ער איז אַרויס פון זיין פינצטערע ביוראָ, מיטן „אָקסנציימער" אין דער האַנט, זיך פאַרמאָסטן אויף איינעם פון די ניי־אָנגעקומענע און אים אַזוי שטאַרק צעשלאָגן אַז מען האָט אים געמוזט אַוועקטראָגן צום וואַשבאַראַק אָפּצו־מינטערן מיט וואַסער און דערנאָך אים טראָגן צום קראַנקן־רעוויר. אויב ער איז נישט אויסגעגאַנגען איז ער געבליבן אַ קאַליקע מיט אונטערגע־האַקטע נירן.

צום באַדויערן זענען אין די לאַגערן אויך געווען יודענעלטסטע און קאָלאָנענעלטסטע, וואָס האָבן אומרחמנותדיק געשלאָגן זייערע ברידער־ייִדן, כּדי צו ווייזן דעם לאַגער־קאָמענדאַנט אַז זיי פירן אויס זייער אַרבעט ווי עס געהער צו זיין. דערמיט האָבן זיי געמיינט צו ראַטעווען זייער אַמט און זייער בידנעם לעבן.

צומאַרגנס, נאָך אונדזער אָנקומען, זענען מיר אַרויסגעפירט געוואָרן

צו דער אַרבעט. אונדזער אַרבעט איז געווען אין אַ וואַלד, ווו מען האָט געבויט די פֿאַבריק. מיר האָבן געדאַרפֿט אויסוואָרצלען דעם באָדן נאָך די אָפּגעשניטענעביימער. די וואָרצלען לייגן אויף אַ קופּע. דערנאָך זענען געקומען ענגלישע געפֿאַנגענע און זיי האָבן די וואָרצלען אַוועקגעפֿירט. אין דעם וואַלד האָבן מיר געאַרבעט אַ גאַנצן זומער.

## שׂמחת־תּורה אין לאַגער בלעכהאַמער

ס׳איז געווען דער לעצטער הייסער טאָג אין זומער. די זון האָט אומ־רחמנותדיק געברענט. פֿון פֿאַרטאָג זענען מיר געשטאַנען אויסגעמאַטערטע און מיט די לעצטע כּוחות אויסגעגראָבן די דיקע וואָרצלען פֿון עטלעכע אָפּגעשניטענע ביימער. עס איז שוין געווען נאָענט צו מיטאָג־צייט. מיר האָבן געוואַרט אויפֿן באַפֿעל אָפּצושטעלן די אַרבעט אויף 15 מינוט, כּדי צו עסן אונדזער מאָלצייט — די ראַציע ברויט. און פּלוצעם, אַ האַלבע שעה פֿאַר דער מיטאָג־פּויזע, האָט זיך דערהערט אַ פּייפֿן מיטן באַקאַנטן אויסגעשריי: „אַלעס אַנטרעטען!" מען ציילט אונדז. די צאָל שטימט. יעדן איינעם פֿון אונדז האָט מען געהייסן נעמען אַ פּניאַק אויף די פּלייצעס. מיט די לעצטע כּוחות האָבן מיר גענומען די פּייכטע, נאָר־וואָס פֿון דער ערד אַרויסגעצוי־גענע וואָרצלען און זיך געשטעלט איינער הינטער דעם אַנדערן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַרש.

„וווּהין גייען מיר?" — האָט איינער געפֿרעגט דעם צווייטן. יעדער האָט געוואָלט טרעפֿן.

„עס איז זיי אַ שאָד אויטאָס, בענזין, ווילן זיי מיר זאָלן דאָס אַלץ אַוועקרוימען".

מיר האָבן באַמערקט, אַז אויך אַנדערע קאָלאָנעס מאַרשירן. וווּהין גייען זיי? זיי טראָגן נישט קיין וואָרצלען.

„ייִדן, מיר גייען צוריק אין לאַגער, מ׳וועט אונדז אַהיימשיקן, אַמעריקע וויל אַזוי", האָבן זיך געהערט סברהס.

„אַמעריקע?! אַמעריקע האָט דיך אין זינען. קיין אוישוויץ וועט מען אונדז שיקן", איז געווען די דעה פֿון אַן אַנדערן.

„חברה, הערט אויף מיט אייערע מעשׂיות. היינט איז סוכּות, זמן שׂמחתנו, לאָמיר כאָטש מיטנעמען אַ ביסל סכך". האָט עמעצער געלאָזן פאַלן אַן אידיי.

„וואָס טויג דיר סכך, האָסט אַ סוכּה?"

„מ'וועט שוין מאַכן".

דער שומר האָט אַ סוף געמאַכט צו די דעהס און סברהס און געזוכט אַ קרבן פאַר זיין שטעקן.

אין לאַגער האָבן מיר אַראָפּגעלייגט די וואָרצלען און זיך אויסגעשטעלט אויפן אַפּעלפּלאַץ. איינע נאָך דער אַנדערער האָבן אַריינמאַרשירט קאָלאָנעס און זיך אַוועקגעשטעלט. דער לאַגער־עלטסטער האָט געמאָלדן, אַז אַלע קאָלאָנעס זענען שוין דאָ און מען האָט אונדז געציילט. די צאָל האָט גע־שטימט.

צוויי טויזנט ייִדן זענען געשטאַנען אויפן אַפּעלפּלאַץ און געוואַרט אין שפּאַנונג. וואָס ווילן זיי פון אונדז? וואָס איז געשען? פאַר וואָס האָט מען איבערגעריסן די אַרבעט? וועט מען אונדז אַהיימשיקן? אָדער... פּלוצעם האָבן מיר באַמערקט אַ גרויסע טאָוול מיט אַן אויפגעמאָלטן טויטנקאָפּ און מיט אַן אויפשריפט: „פאַרזיכט! אַנשטעקונגס־געפאַר! קוואַראַנטען! היער הערשט די רור!" (דיזענטעריע).

מ'האָט אונדז באַפוילן צו גיין אין די באַראַקן. מיר האָבן נישט געוווסט, צי מיר זאָלן זיך פרייען מיט אונדזער קראַנק זיין, און דעריבער וועט מען אונדז נישט יאָגן צו דער שווערער אַרבעט. אויך וועט די עס־אַ־וואַך נישט קומען אין לאַגער, מחמת מורא זיך אָנצושטעקן. צי גאָר... ווער ווייסט?

דעם ערשטן טאָג זענען מיר געלעגן אויף די בעטן, זיך דערציילט מעשׂיות פון אַמאָל וועגן סוכּות אין דער היים; וועגן פאַראייִנען, אָרגאַני־זאַציעס, פאַרזאַמלונגען, בלימלעך, טעאַטער...

פּלוצעם האָט איינער געפרעגט אַ קשיא:

„חברה, וואָס וועלן זיי טאָן מיט אונדז, מיט די צוויי טויזנט קראַנקע ייִדן?"

די גוטע שטימונג איז איבערגעריסן געוואָרן. מען האָט אָנגעהויבן ברומען טרויעריקע ניגונים. איינער האָט זיך אַוועקגעשטעלט דאַווענען מיט אַ יום־טובדיקן נוסח. אַנדערע האָבן צוגעהאָלפן. ביז ס'איז שטיל געוואָרן. די נאַכט איז צוגעפאַלן מיט אַ שרעק־געפיל: וואָס די נאַכט איז עלול צו ברענגען מיט זיך. וואָס טויג זיי צוויי טויזנט קראַנקע ייִדן? מיר האָבן באַקומען אונדזער אָוונט־ראַציע און מיט אַ שווער האַרץ זיך געלייגט שלאָפן.

באַגינען האָט מען אונדז נישט געוועקט. מיר האָבן נישט געמוזט אַראָפּשפּרינגען צום אַפּעל. געבליבן אין די קויקעס. ווער עס האָט געוואָלט

איז אויפגעשטאַנען. מיר זענען געווען צופרידן און צו מאָל גליקלעך וואָס מיר זענען קראַנק. מען יאָגט נישט צו דער שווערער אַרבעט, מען פּייניקט נישט און מען שלאָגט נישט. זיי האָבן מורא אונדז אָנצורירן, זיי זאָלן נישט קראַנק ווערן. מיר האָבן געפילט אַ שטיקל נקמה אין די פּייניקער.

פרומע ייִדן האָבן אָנגעטורעמט די וואַרצלען, געמאַכט אַ סוכּה און זי פאַרדעקט מיט סכך.

אין אָוונט, הושענה רבה, האָט זיך פּלוצעם דערהערט אַ געיאָמער פון די סירענעס — אַלאַרם! אין לאַגער איז געוואָרן פינצטער. בלויז אַ ליכטל ברענט אין דער סוכּה. ווער האָט אָנגעצונדן דאָס ליכטל? און ווער זיצט דאָס דאָרט איצט אין דער סוכּה? אַרויסגיין טאָר מען נישט. ס׳הערט זיך אַ מוראדיקע שיסערייַ, אַ גיהנום. ס׳איז געוואָרן ליכטיק ווי בייטאָג. ס׳האָט אויסגעזען ווי די גאַנצע וועלט וואָלט זיך געטרייסלט און געברענט. צו ביסלעך איז געוואָרן ווידער שטיל. אַ שעה לאַנג איז געווען שטיל און פינצטער. פּלוצעם האָבן זיך אַרום דעם לאַגער אָנגעצונדן ריזיקע רעפלעק־טאָרן. הינט האָבן געבילט און דורכן מיקראָפאָן האָט זיך דערהערט אַ שניידיקע שטימע:

„אַפּעל!"

אַלע זענען געלאָפן זיך שטעלן אין די רייען.

דער לאַגער איז געוואָרן אויפגעפּאַדערט אויסצוליפערן דעם וואָס באַהאַלטנדיק זיך אונטער די וואַרצלען האָט ער געגעבן ליכט־סיגנאַלן צו די פיינטלעכע עראָפּלאַנען. עס איז געגעבן געוואָרן אַ שעה צייט אויף אויסצוגעפינען דעם פאַרברעכער.

מען האָט אונדז געהייסן צוריקגיין אין די באַראַקן. אַ שעה צייט! מיר האָבן געוואַרט מיט שפּאַנונג אויף דעם וואָס וועט געשען? ווער איז געווען אין דער סוכּה? די צייט איז אַן אייביקייט, דאָך לויפט זי. עס איז פאַרביי די שעה.

אַלע שטובן־עלטסטע האָבן זיך געשטעלט אין אַ ריי.

דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט געפרעגט: „ווער האָט געגעבן די ליכט־סיגנאַלן צו די עראָפּלאַנען?"

די 30 שטוב־עלטסטע שווייגן.

„נו, וועט איר דאָ שטיין אַזוי לאַנג ביז איר וועט זאָגן, ווער ס׳האָט געגעבן די דאָזיקע סיגנאַלן".

די שטוב־עלטסטע זענען געשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט און אַ גאַנצן טאָג. די וועלכע האָבן געחלשט, האָט מען אָפּגעמינטערט און זיי צוריק אַוועקגע־שטעלט. אין אָוונט האָט מען זיי געהייסן גיין אין די באַראַקן אָפּעסן און אין

משך פון אַ שעה צייט אויסגעפינען דעם וואָס האָט געגעבן די ליכט־סיגנאַלן. נאָך אַ שעה האָט מען זיי ווידער גערופן.

„אַלזאָ, ווער האָט געגעבן די סיגנאַלן?״

אַלע דרייסיק האָבן געשוויגן.

„צעהאַקן די וואָרצלען אויף קליינהאָלץ!״ איז געפאַלן אַ באַפעל.

אונטער אַ שטאַרקער שמירה האָבן זיך די שטובן־עלטסטע אַוועקגע־שטעלט מיט די העק צו צעהאַקן די פּניאָקעס. ערשט אויף צומאָרגנס, שמחת־תורה אין דער פרי, האָבן זיי באַקומען איין שעה אויף אָפּרו, אָפּצו־עסן און אויסצוגעפינען ווער עס האָט געגעבן די ליכט־סיגנאַלן.

נאָך אַ שעה צייט רופט אויס דער מיקראָפאָן:

„איך פרעג צום לעצטן מאָל: ווער האָט געגעבן די ליכט־סיגנאַלן צו די פיינטלעכע עראָפּלאַנען?״

די שטובן־עלטסטע שווייגן.

„דער גאַנצער לאַגער אַנטרעטען!״ אַלע לויפן אין שרעק און אין אימה און שטעלן זיך אין אַ ריי, מען ציילט, עס שטימט.

„ווער פון אייך האָט געגעבן די ליכט־סיגנאַלן צו די פיינטלעכע עראָ־פּלאַנען זאָל זיך מעלדן פרייוויליק. עס וועט אים גאָרנישט געשען״.

אַלע שווייגן, קיינער רירט זיך נישט פון אָרט.

די שטימע אין מיקראָפאָן מיט כעס: „שטילשטאַנד!״ אַלע שטעלן זיך גלייך.

„רעכטס אום!״ אַלע דרייען זיך אויס רעכטס.

„אַלע אַנידערקניִען!״ — אַלע קניִען. „מאַרש, מאַרש!״ — אַלע מאַר־שירן אויף די קני אַ קילאָמעטער אַרום די באַראַקן.

„שנעלער, שנעלער!״ מע טאָפּטשעט שנעלער, מען פאַלט איינער איבערן אַנדערן, עס ווערט אַ קנויל פון מענטשן דערשטיקט צו ווערן.

„אַלע אויפשטיין!״ — מיט די לעצטע כוחות שטעלן זיך אַלע אויף.

„אין לויפשריט, מאַרש, מאַרש!״ — אַלע לויפן. די היץ איז שרעקלעך. ס׳הייבט זיך אויף אַ שטויב אַז איינער זעט קוים דעם צווייטן. די צונג איז טרוקן און האַרט ווי לעדער. מ׳הערט בלויז: „איינס, צוויי, דריי, פיר, שנעלער! שנעלער!״ מען פילט: די כוחות גייען אויס און מען פאַלט אַוועק, און מיר מאַרשירן און מאַרשירן אַרום די באַראַקן.

פלוצעם האָט אַ ייִד אויסגעשריגן:

„ייִדן! היינט איז שמחת־תורה, מיר מאַכן הקפות״ — און מאַרשירנדיק זאָגט ער אויף אַ קול: „אתה הראת לדעת, כי ד׳ האלהים אין עוד מלבדו״,

און מיט אַלע כּוחות שרייט ער: „עושה נפלאות גדולות לבדו, כי לעולם חסדו".

אַ טויזנט שטימען האָבן אונטערגעכאַפּט און ס'האָט זיך אויפגעהויבן אַ געזאַנג:

„אוי, ווען וועט זיין די גאולה?"

„אוי, ווען וועט זיין די גאולה?" צוויי טויזנט ייִדן זענען געגאַנגען און געזונגען:

„עוד לא אבדה תקותנו
התקוה בת שנות אלפיים
להיות עם חפשי בארצנו
ארץ ציון וירושלים..."

אין אַלע לאַגערן, אינעם רוסישן, אוקראַיִנישן, פּוילישן, בולגאַרישן, יוגאָסלאַווישן, ענגלישן און פראַנצויזישן זענען געשטאַנען טויזנטער געפאַנגענע ביי די דראָטן, געקוקט און געשטוינט דערפון וואָס ס'איז געשען ביי די ייִדן וואָס זיי טאַנצן און זינגען אַזוי ווי זיי וואָלטן אַראָפּ פון זינען. זענען זיי באַפרייט געוואָרן? אָדער איז שוין סוף מלחמה? דאָס געזאַנג איז געוואָרן וואָס אַ מאָל שטאַרקער און העכער.

„אָ, ווי לאַנג, אָ, ווי לאַנג וועט איר בלייבן נאָך שקלאַפן,
און טראָגן די שענדלעכע קייט?"

ס'האָבן זיך באַוויזן עס־עס־ און עס־אַ־מענער מיט גרויסע הינט, מיט שטעקנס און בייטשן אין די הענט.

האָט אַרויסגעשריגן דער מיקראָפאָן: „אַלעס שטיין בלייבן!"

קיינער האָט נישט געהערט. דאָס געזאַנג איז געוואָרן שטאַרקער און ווילדער. אַלץ האָט זיך אויסגעמישט: „עוד לא אבדה תקותנו", „ווען וועט זיין די גאולה?" „אָ, ווי לאַנג, אָ, ווי לאַנג וועט איר בלייבן שקלאַפן?"

ביז דער טויער האָט זיך אויפגעפּראַלט. ס'האָבן אויפגעקנאַלט שאָסן. די הינט זענען אויף אונדז אָנגעפאַלן.

דער מעגאַפאָן האָט געשריגן: „אַפּעל! אַלעס אַנטרעטען!"

לאַנגזאַם האָבן אַלע זיך אויסגעשטעלט. אָפּגעציילט. איינער האָט געפעלט. מען האָט אים אַרויסגעטראָגן אַ טויטן.

קנאַפּע צוויי טויזנט ייִדן האָבן שטילערהייט געזאָגט קדיש. געקוקט צום הימל און געוואַרט אויף נקמה.

# די פאַרצענזור פון אונדזערע פּאָסט־קאַרטלעך

אין איינעם אַ טאָג האָט אַ העפטלינג מיר געמאָלדן, אַז דער יודענ־עלטסטער קאַרל דעמערער האָט אים געשיקט מיר זאָגן איך זאָל תיכף צו אים קומען. וואָס וויל פון מיר דער יודנעלטסטער? וואָס האָב איך געטאָן וואָס ער האָט געשיקט צו מיר אַ ספּעציעלן שליח, איך זאָל תיכף קומען? ס'איז מיר איינגעפאַלן, אַז טאָמער וואָלט עס געווען עפּעס שלעכטס, וואָלט נישט געקומען אַ העפטלינג, נאָר אַ קאַלאָנענעלטסטער, וואָס וואָלט מיר צו ערשט מכבד געווען מיט אַ פּאָר קלעפּ און דערנאָך געהייסן מיך מיט אים מיטגיין צום יודענעלטסטן. אַ באַרויִקטער פון דער מחשבה בין איך אַוועק צום יודענעלטסטן אין זיין ביוראָ. ער האָט מיך אַריינגערופן אין צווייטן צימער, געהייסן מיר זיך זעצן און געזאָגט:

„פּעדער, איך האָב וועגן איך, דאָ אין לאַגער, אַ סך גוטס געהערט. איך ווייס, אַז איר זייט פון דייטשלאַנד און אַז איר באַהערשט די דייטשע שפּראַך, אַז איר זייט אַ טעאַטער־רעזשיסער און האָט אין פּוילן רעזשיסירט ייִדיש טעאַטער. אַזוי אַרום קאָנט איר ביידע שפּראַכן — ייִדיש און דייטש. וויל איך, אַז פון מאָרגן אָן זאָלט איר אַרבעטן אויף דער פּאָסט און צענזורירן די קאַרטלעך, וואָס די העפטלינגע שרייבן אַהיים, איידער מען גיט זיי איבער דעם דייטשן צענזאָר. (דעמאָלט האָבן מיר נאָך געמעגט אַהיימשרייבן און באַקומען פּעקלעך). איר ווייסט דאָך, אַ סך שרייבן זייערע קאַרטלעך מיט רמזים און סימנים, וואָס עס איז זייער געפערלעך. אָט האָט איר אַ ביישפּיל: זיי הייסן זיך שיקן ברויט, ווורשט און ‚ממתקים' — געלט הייסט עס, וואָס ס'איז שטרענג פאַרבאָטן. אין דער דייטשער צענזור זיצן ספּעציאַליסטן, וועלכע קאָנען זייער גוט ייִדיש, אפשר נאָך בעסער פון איך. ווען דאָס פּעקל פון דעם יעניקן העפטלינג קומט אָן, רעווידירן זיי עס גאַנץ גענוי און ווי איז צו דעם העפטלינג וואָס מען האָט אין זיין פּעקל געפונען געלט. ס'ווערט פאַרשטאַנען אַז ער האָט זיך געלאָזט שיקן געלט ווייל ער וויל אַנטלויפן פון לאַגער. אויב איך באַשטראָף אים נישט מיט שטאַרקע קלעפּ און שיק אים נישט צו שטראָף־אַרבעט, טוען זיי דאָס, און איך דאַרף אייך נישט זאָגן ווי זיי מאַכן עס. איר זייט שוין גענוג לאַנג אין לאַגער און איר ווייסט אַז אַזעלכן מאַכן זיי פאַרטיק, אָדער זיי מאַכן אים פּאַר אַ קאַליקע און זיינע עלטערן שיקט מען קיין אוישוויץ".

איך בין געזעסן און געשוויגן. ס'זענען מיר אויפגעקומען אין זכרון די טענות פון חברים, אַז די וואָס זענען אויף דער פּאָסט גנבענען אַרויס פון

זייערע פעקלעך געלט און גנבענען אַפילו גאַנצע פעקלעך. אויך איך האָב טיילוויז אין דעם געגלויבט. קאָנטראָלירן עס האָב איך נישט געקענט.

ווי דער יודענעלטסטער וואָלט געלייענט מיינע מחשבות האָט ער ווייטער געזאָגט:

„איך האָב געהערט, אַז די העפטלינגע באַקלאָגן זיך, אַז עפּעס איז נישט אין אָרדענונג מיט זייערע פעקלעך. צו אייך האָב איך צוטרוי. פון מאָרגן אָן גייט איר נישט אַרויס אַרבעטן אין וואַלד. איר וועט אַרבעטן אויף דער פּאָסט. פון איצט אָן געהערט איר צום לאַגער־פּערסאָנאַל".

„הער יודענעלטסטער, איך ווייס נישט, צי איך בין דער ריכטיקער מענטש צו דער אַרבעט. לאָזט מיך בעסער גיין אין וואַלד".

דעמערער איז געוואָרן אויפגערעגט און צו מיר געשריגן:

„וואָס פאַר אַ פיינער מאַן ווילסטו זיין? דו גייסט מאָרגן אַרבעטן אויף דער פּאָסט! אַזוי באַשטימט איך".

דערווייל האָט עמעצער אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. ס'איז אַריינגעקומען אַ יונגער בחור און וויינענדיק זיך פאַרקלאָגט: „הער יודענעלטסטער, איך האָב נישט קיין שיך", און ער האָט געוויזן זיינע צעריסענע שיך, וועלכע ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט. די פיס זיינע זענען געווען אַרומגעוויקלט מיט שמאַטעס. דעמערער האָט גענומען די שיך, געקוקט אויף זיי און זיי אים צוריקגעגעבן. נאָך אַ פּאָר סעקונדן טראַכטן האָט ער פון אָן אַלמער אַרויסגענומען אַ פּאַרציע ברויט און זי דערלאַנגט דעם בחור. דער בחור איז געבליבן אַ צעטומלטער מיט דער פּאַרציע ברויט אין דער האַנט:

„הער יודענעלטסטער, איך האָב דאָך געוואָלט אַ פּאָר שיך".

דעמערער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צום ברויט און געפרעגט:

„וואָס, דו ווילסט עס נישט?" דער בחור, מיט דער פּאַרציע ברויט אין דער האַנט איז אַנטלאָפן.

דעמערער האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר און געזאָגט:

„פון וואַנען זאָל איך נעמען שיך אַז זיי גיבן נישט. מיין פּאַרציע ברויט קאָן איך אים יאָ געבן — איך באַקום אַ טאָפּלטע".

נאָך דעם האָב איך געזאָגט:

„„הער יודענעלטסטער, מאָרגן גיי איך אַרבעטן אויף דער פּאָסט".

אויף דער פּאָסט איז מיין אַרבעט געווען אַ ביטערע. צום ערשט האָב איך געמוזט לייענען גענוי אַלע קאַרטלעך, עס זאָל אין זיי נישט בלייבן דער מינדסטער רמז וואָס די דייטשן קאָנען זיך כאַפּן אויף אים און דערנאָך

אַנטאָן צרות די קאַרטל־שרייבער. דער אינהאַלט פון די מערסטע איז געווען מער־ווייניקער: „טייערע עלטערן, מיר גייט עס גוט. כ׳בין געזונט, אויף געהאַקטע צרות. שיקט מיר ברויט, מאַרמעלאַדע און דו ווייסט שוין וואָס״. אָדער: „שיקט מיר אַ פּאָר ציילנדיקע מיט ציפּעלעס״, אַנדערע האָבן געשריבן: „אַ גרוס פּאַר מאיר בעל־הנס, שאַט נישט, ער מעג אויך אַ מאָל מיר שיקן אַ גרוס״.

ווען אַזאַ קאַרטל איז אַריין צו דער דייטשער צענזור און די געסטאַפּאָ־באַאַמטע האָבן זיך אַנגעטראָפן אויף אַזעלכע רמזים, האָבן זיי דאָס אַנקומענדיקע פּעקל פּאַר דעם קאַרטל־שרייבער גוט רעווידירט און ווי איז געווען צום „אַבזענדער״. אויב דער יודענעלטסטער האָט אים לויט זייער מיינונג נישט געהעריק באַשטראָפט, האָבן זיי עס געטאָן. די עלטערן פון אַזאַ „שולדיקן״ האָבן זיי געשיקט קיין אוישוויץ. ווייל לויט זיי, האָבן די עלטערן געשיקט געלט זייער זון, כּדי ער זאָל קאָנען אַנטלויפן.

די אָנגעקומענע פּעקלעך האָב איך געמוזט אויסלייגן אין דער ריי, לויטן אלף־בית. דערנאָך איז אַריינגעקומען דער קאָנטראָלער און ער האָט אַדורכקאָנטראָלירט אַלע פּעקלעך, האָט דער קאָנטראָלער געפונען 2 פּעקלעך אויפן זעלבן נאָמען, האָט ער איינס צוגענומען פּאַר די פרייוויליקע אַרבעטער אין פּוילישן, אָדער אורקאַיִנישן לאַגער. טאָמער איז ברויט, ווורשט אָדער עפּעס אַנדערש געווען פאַרשימלט, האָט מען עס אַריינגעוואָרפן אין מיסטקאַסטן. אויב דער, פּאַר וועלכן דאָס פּעקל איז געקומען, איז אין דער צייט געשטאָרבן, האָט מען דאָס פּעקל געגעבן אין דער קיך פּאַר אַלע. איין מאָל האָט איך באַמערקט ווי דער קאָנטראָלער האָט אויפגעריסן דעם קאַרטאָן פון אַ שיך־שעכטל און פון דאָרט אַרויסגענומען 50 דייַטשע מאַרק. ער האָט עס פאַרשריבן אין העפט. איך האָב מיר אין זינען געהאַט: „איך בין דעם בחור נישט מקנא״. אין איינעם אַ טאָג זענען אָנגעקומען זייער אַ סך פּעקלעך, האָב איך זיי צוגעגרייט צום קאָנטראָלירן. דער קאָנטראָלער האָט קאָנטראָלירט איין פּעקל נאָך דעם צווייטן און געמאַכט זיין צייכן „עס איז קאָנטראָלירט״. און אָט האָב איך באַמערקט ווי ער רייסט אויף אַ פּעקל מיט אַ טאָפּלטן באָדן און נעמט פון דאָרט אַרויס אַ גרעסערע סומע געלט. דער קאָנטראָלער האָט אויף מיר געגעבן אַ בליק. איך האָב ווייטער סאָרטירט די פּעקלעך, ווי איך וואָלט גאָרנישט געזען. ער האָט דאָס געפונענע געלט אַריינגעלייגט אין זיין קעשענע, נישט פאַרשריבן עס אין העפט. אַזוי איז עס געשען עטלעכע מאָל. די פּעקלעך האָט ער געוואָרפן אין קאָרב פּאַר די פּוילישע פרייוויליקע אַרבעטער.

איין מאָל האָט אַ בחור אין מיין באַראַק מיר געזאָגט אַז ער האָט אַ

צייכן פון דער היים, אַז מ'האָט אים געשיקט געלט. ווו איז עס אָוועקגעקומען? אויב די עס־עס האָט עס צוגענומען, פאַר וואָס האָט מען אים נישט באַשטראָפט? איך האָב געשוויגן, נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן. זאָגן אַז דער קאָנטראָלער האָט עס צוגענומען, האָב איך מורא געהאַט, און דער בחור וועט מיר סיי ווי נישט גלויבן. אַנדערע האָבן מיך געדראָט, אַז זיי וועלן גיין צום יודענעלטסטן אָדער צום לאַגער־קאָמענדאַנט. דאָס אַלץ האָט מיר זייער וויי געטאָן. כ'האָב געמוזט שווייגן.

אין לאַגער זענען אויך געווען האַלב־יודען און פערטל־יודען און אַזעלכע, וואָס די געסטאַפּאָ האָט אַריינגעזעצט אונטערן דעקמאַנטל פון האַלב־און פערטל־יודען. איך האָב געפילט, אַז עס ווערט מיר אין לאַגער ענג און ביטער. איך בין אַוועק צום יודענעלטסטן און אים אַלץ דערציילט. איך האָב באַמערקט, אַז אויך ער ווייסט דערפון. איך האָב זיך מיט אים באַראַטן וואָס צו טאָן. איך האָב אים געבעטן, ביי דער ערשטער געלעגנהייט, ווען מען וועט פון דאַנען אַוועקשיקן אין אַן אַנדער לאַגער, זאָל ער מיך מיט־שיקן. דעמערער האָט איינגעזען, אַז איך בין גערעכט. מיט דער נאָענטסטער גרופּע, וואָס מען האָט דעמאָלט אַוועקגעשיקט אין אַרבעטס־לאַגער בראַנדע, האָט ער מיך מיטגעשיקט.

אין לאַגער בראַנדע זענען מיר געווען אַ קורצע צייט און מען האָט אונדז פון דאָרט געשיקט אין אַרבעט־לאַגער בונצלאַו.

איין געשעעניש אין לאַגער בראַנדע, דורך דער קורצער צייט וואָס מיר זענען דאָרט געווען, וויל איך באַשרייבן.

## „צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגער" אין בראַנדע

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין בראַנדע איז שוין געווען גוט קאַלט. בראַנדע איז דעמאָלט געווען אויך אַ דורכגאַנגס־לאַגער, פון וועלכן מ'האָט די העפטלינגע צעשיקט אין אַנדערע לאַגערן. מיר, די ניי־אָנגעקומענע האָבן געוואַרט אויפן אַפּעלפּלאַץ מען זאָל אונדז צעטיילן אויף די שטובן. דער יודענעלטסטער לייענט אַרויס פון אַ ליסטע די נעמען, און דעם וואָס ער רופט אָן מוז אַרויס פון דער ריי און זיך שטעלן אויף דעם אָנגעוויזענעם פּלאַץ. איך בין געשטאַנען אין דער ערשטער ריי. דער יודענעלטסטער האָט

זיך צו מיר דערנענטערט און אין מיר האָט זיך דאָס האַרץ פאַרקלעמט. דער מענטש איז מיר געווען באַקאַנט. צי איז עס נישט אַ מאָל דער פאַר־זיצער פון דעם סאָסנאָוויצער טעאַטער־ און מוזיק־געזעלשאַפט „לירע״? יאָ, דאָס איז ער.

צום באַדויערן האָב איך זיין נאָמען פאַרגעסן.

וואָס פאַר אַ שייכות האָב איך געהאַט צו דעם געוועזענעם פאַרזיצער פון דער „לירע״ אין סאָסנאָוויץ און יודענעלטסטן אין לאַגער בראַנדע?

ס׳איז געווען אין די יאָרן 1937—1938 אין סאָסנאָוויץ, ווו איך בין איינגעלאַדן געוואָרן איינצורעזשיסירן אין דאָרטיקן דראַמקרייז אייניקע קליינקונסט־אָווגטן און אויך אַ פּיעסע „דער גואל״ פון עמיל בערנהאַרד (הרב עמיל כהן). דער סוזשעט פון דער פּיעסע שפּילט זיך אָפּ אין אַ קליין אוקראַיִניש שטעטל. אַ פּאָגראָם אין שטעטל. די ייִדן אין שטעטל מיטן רב בראש באַהאַלטן זיך אין בית־המדרש און זענען מתפּלל. אין בית־המדרש קומט אַריין אַ פרעמדער, אַנגעטאָן ווי אַ קאָזאַק און גיט זיך אויס פאַר משיח; ער איז געקומען ראַטעווען די ייִדן אין זייער נויט. שפּעטער שטעלט זיך אַרויס, אַז די ייִדן אין שטעטל זענען געוואָרן אָפּגענאַרט, עס איז געווען אַ שווינדלער.

ביים אויספּראָבירן די פעיִקייטן פון די אָנטיילנעמער און דאָס מיט פאַרשיידענע קליינע סצענעס, עטיודן, פּאַנטאָמימישע סצענעס און שפּראַך, האָב איך דעמאָלט פּראָבעווייז פאַרטיילט די ראָלן, און געהייסן איינעם נאָכן צווייטן פאַרלייענען די טעקסטן. צווישן די באַטייליקטע איז געווען איינער אַ בחור, וואָס איך בין אויף אים אויפמערקזאַם געוואָרן צוליב זיין נאַטיר־לעכן טאַלאַנט. איך האָב אים געגעבן פאַרצולייענען די ראָל פונעם רב, און ווערליק זיין פאַרלייענען בין איך געווען זיכער, אַז די ראָל פונעם רב איז באַזעצט. נאָך דער פּראָבע, האָט מיר דער פאַרזיצער פון דער „לירע״ געזאָגט: „חבר פעדער, איך שפּיל שטענדיק די הויפּטראָל. בעט איך אייך, אַז איר זאָלט אויך אין דעם שטיק מיר געבן די הויפּטראָל, די ראָל פונעם רב. איך האָב אים געענטפערט, אַז ביי מיר זענען נישטאָ קיין הויפּטראָלן, נאָר גוט אינטערפּרעטירטע, דאָס מיינט גוט־פאַרקערפּערטע און אויסגעע־שפּילטע ראָלן. אַ קליינע ראָל קען אין אַזאַ פאַל ווערן די הויפּטראָל. ער האָט געהאַלטן, אַז פאַר אים איז עס אַ באַליידיקונג. ער שפּילט יעדעס מאָל די הויפּטראָל. איך האָב געטראַכט צו רעזיגנירן פון דער גאַנצער אַרבעט, נאָר ס׳איז מיר איינגעפאַלן אַז דער איינגעעקשנטער זאָל דאָך שפּילן דעם רב. כ׳האָב די ראָל אָוועקגענומען פון דעם טאַלאַנטירטן יונגנמאַן און זי געגעבן דעם פאַרזיצער.

מיר האָבן שווער געאַרבעט אויף דער פּיעסע, באַזונדערס מיטן פאַר־זיצער אין דער ראָל פונעם רב. דער פאַרזיצער איז געווען אַ טאַלאַנטיר־טער און ליב געהאַט די אַרבעט, אָבער די ראָל פון אַ קליינשטעטלדיקן רב איז נישט געווען פאַר אים. ער איז דעמאָלט געווען אַן אָפיציר אין דער פּוילישער אַרמיי און געקומען צו די פּראָבן אין זיין אָפיצירישן מונדיר. ווערדליק זיין כאַראַקטער איז ער געווען געאייגנט צו שפּילן פּאָזיטיווע, שטאַרקע מענער־ראָלן, איידער צו שפּילן אַן אַלטן קליינשטעטלדיקן רב. דאָך, אַ דאַנק זיינע פעיִקייטן און לייסטונגען האָט ער די ראָל פונעם רב נישט שלעכט געשפּילט. דער יונגערמאַן וואָס כ'האָב ביי אים צוגענומען די ראָל פונעם רב איז נאָך דריי וואָכן פּראָבן געקומען צו מיר מיט אַ טענה פאַר וואָס איך האָב אים קיין אַנדער ראָל נישט געגעבן. ער איז נעבעך געווען גערעכט. איך האָב פאַר אים צוגעשריבן אַ קליינע ראָל — פון אַ שטאָט־משוגענעם. (איך האָב מיר געהאַט דערמאָנט אַ געשיכטע אין בערלין צום סוף פון די צוואַנציקער יאָרן). מיט דער קליינער ראָל, וואָס איז באַשטאַנען נישט מער ווי פון עטלעכע ווערטער, וואָס דער משוגענער האָט זיי איבערגעחזרט ביי באַשטימטע געלעגנהייטן, האָב איך געוואָלט באַווייזן אַז אַ קליינע ראָלע קאָן אויך זיין די הויפּטראָל, אויב זי ווערט ווי געהעריק פאַרקערפּערט און גוט אויסגעפירט. וויל איך צום ערשט דערציילן די געשיכטע פון בערלין:

געווען איז עס אין אויגוסט 1929 אין בערלין. אין די 20ער יאָרן איז דאָס טעאַטער אין דייטשלאַנד און בכלל אין דער וועלט געשטאַנען אויף זיין העכסטער מדרגה פון שאַפן, פון זוכן נייע וועגן. צווישן די באַרימטע רעזשיסערן אין בערלין זענען געווען די דריי גרויסע: מאַקס ריינהאַרדט, לעאָפּאָלד יעסנער (ביידע ייִדן) און ערווין פּיסקאַטאָר.

פּיסקאַטאָר איז געווען אין דער בלי־עפּאָכע פון זיין פּאָליטיש טעאַטער — „די פּיסקאַטאָר־בינע”. צווישן אַ סך פאַרשידנאַרטיקע פּיעסן האָט ער אויך אויפגעפירט „דער סוחר פון בערלין” פון וואַלטער מעהרינג, אַן „איינקל” פונעם „סוחר פון װענעדיג”, נאָר געשריבן פונעם ייִד מעהרינג און רעזשיסירט פונעם גוי פּיסקאַטאָר.

דער סיפּור־המעשה, אויף וויפל איך קאָן זיך דערמאָנען איז געווען:

דער גאַליציאַנער ייִד, קאַפּטאַן, אַנטלויפט מיט זיין ייִנגסטער טאָכטער פון דעם פּאָגראָם אין לעמבערג, ווו ער האָט פאַרלוירן די פאַמיליע און זיין גאַנץ פאַרמעגן. ער קומט קיין בערלין אין דעם ייִדישן קוואַרטאַל, אין דער גרענאַדיר־שטראַסע, ווו ער זוכט הילף און שוץ. אין בית־המדרש פון דער גרענאַדיר־שטראַסע וויל ער אינעם לערנען תורה ביים דאָרטיקן רבין

געפינען תשובה אויף זיינע ליידן. נישט פילנדיק זיך גענוג פרום תשובה צו טאָן זוכט ער ביי דעם רבין הילף פאַר זיין איינציק געבליבענער טובערקולאָז־קראַנקער טאָכטער יעסי. אָבער אויך דאָ האָט ער נישט קיין רו. די נאַציס באַפאַלן דאָס בית־המדרש, מען שלאָגט, מען פּאָגראָמירט, און ווידער שטייט קאַפּטאַן אַ פאַרצווייפלטער: וווּהין גיין? וווּהין אַנטלויפן? דער רבי האָט אים נישט געהאָלפן. זיין איינציקע טאָכטער ליגט קראַנק. זיין גאַנץ פאַרמעגן איז 20 דאָלאַר. באַשליסט ער רייך צו ווערן, מיט דער האָפענונג דורך רייכקייט צו לינדערן זיינע ליידן. די מיליטער־גענעראַלן און מיניסטאָרן ווילן אויך רייך ווערן און זיי פאַרקויפן צו דעם ייִד קאַפּטאַן בייע האַרמאַטן ווי אַלט אייזן. דער געשעפטס־פירער פון קאַפּטאַנען איז אַ גרויסער דייטשער אַדוואָקאַט, אַן אָנפירער פון אַ דייטש־נאַציאָנאַלער פּאַרטיי. ער פירט דורך די אַלע טראַנזאַקציעס און שווינדל־געשעפטן מיט די גענעראַלן און מיניסטאָרן. קאַפּטאַן, דער גאַליציאַנער ייִד איז בלויז די מאַרקע. קאַפּטאַן ווערט גרויס און מעכטיק, אַלע בוקן זיך פאַר אים — רייכע זינדלעך פון גענעראַלן און מיניסטאָרן שדכענען זיך צו זיין טאָכטער. זיי פאַרגעסן, אַז זי איז אַ ייִדישע. קאַפּטאַן שטרעבט צו ווערן נאָך רייכער, דאָס זעלבע זיין געשעפטס־פירער און די גענעראַלן. אָבער דאָס פאָלק ווערט וואָס אַ מאָל אָרעמער און הונגערט. ס׳קומט דער צוזאַמענברוך פון דער דייטשער ווירטשאַפט. קאַפּטאַן פאַרלירט זיין גאַנץ פאַרמעגן. זיין טובער־קולאָזע טאָכטער שטאַרבט און קאַפּטאַן גייט אַוועק אַ צעבראָכענער און נאָך אַ גרעסערער אָרעמאַן ווי ווען ער איז געקומען. בלויז זיין נאָמען בלייבט: „דער גאַליציאַנער שיבער (שוואַרצהענדלער), דער יודע קאַפּטאַן״.

ס׳איז געווען איינע פון די גרעסטע טעאַטער־אויפפירונגען פון פּיסקאַ־טאָר. 200 שוישפּילער האָבן זיך אין איר באַטייליקט, צווישן זיי די „ייִדישע טעאַטער־סטודיע״ אין בערלין. ביים צוטיילן די ראָלן האָט געפעלט בלויז אַן אַקטיאָר וואָס זאָל שפּילן די הויפּטראָל, קאַפּטאַן. עס איז איינגעלאַדן געוואָרן דער באַרימטער פילם־ און טעאַטער־שוישפּילער אָסקאַר האָמאָלקאָ צו שפּילן די ראָל. אָבער די ראָל קאַפּטאַן האָט באַדאַרפט געשפּילט ווערן אין ייִדיש. שפּעטער, ווען קאַפּטאַן ווערט רייך, רעדט ער אַ צעבראָכענעם דייטש־ייִדיש. איך האָב פון פּיסקאַטאָרן באַקומען די אויפגאַבע צו העלפן אָסקאַר האָמאָלקאָ אין זיין ייִדיש. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו באַזוכן אַ בית־המדרש אין דער גרענאַדיר־שטראַסע, כּדי צוצוגרייטן די פאַרפילמונג פונעם פּאָגראָם אויפן אָרט. מיר זענען אַוועק אין דער גרענאַדיר־שטראַסע: ערווין פּיסקאַטאָר, דער בינע־אַרכיטעקט, דער באַרימטער פּראָפעסאָר ל. מאָהאָלי־נאַדזשי, דער שרייבער וואַלטער מעהרינג, אָסקאַר האָמאָלקאָ

און איך. ווען מיר זענען אַריין אין בית־מדרש אויף דער גרענאַדיר־שטראַסע 30, האָט מען גראָד געדאַוונט מנחה און דער רב, הרב וואַרשויער, איז מתפלל געווען מיט אַזאַ כּוונה, אַז דער גרויסער אָסקאַר האָמאָלקאַ איז געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט. צום סוף האָט ער געזאָגט צו פּיסקאַטאָרן:

„ערווין, איך שפּיל נישט דעם קאַפּטאַן. איך בין נישט קיין אַנטיסעמיט. דאָס וואָס דער־אַ מאַכט", האָט ער געוויזן אויפן רב — „אויב איך וועל דאָס זעלבע טאָן, קאָן עס ווירקן אַנטיסעמיטיש און דאָס וויל איך נישט".

צוליב דער ייִדישער שפּראַך און אויך כּדי די ראָל זאָל נישט ווערן אויסגעטייטשט ווי אַן אַנטיסעמיטישע, האָבן מיר באַשלאָסן, אַז אַ ייִדישער אַקטיאָר זאָל זי שפּילן. עס איז פאָרגעשלאָגן געוואָרן אַלעקסאַנדער גראַנאַך, וואָס האָט דעמאָלט געשפּילט אין בערלינער מלוכה־טעאַטער אָבער דער אינטענדענט פונעם טעאַטער האָט גראַנאַכן נישט געוואָלט באַפרייען. מען האָט פאָרגעלייגט די קאַנדידאַטור פון שלמה מיכאָעלסן, אָבער אויך דאָ האָט מען זיך אָנגעטראָפן אויף גרויסע שוועריקייטן. עס איז געווען אין דער צייט ווען גראַנאָווסקי איז אַוועק פון מאָסקווער ייִדישן מלוכה־טעאַטער און מיכאָעלס איז געוואָרן דער אָנפירער, אַזוי אַז דער ראַטנפאַרבאַנד האָט נישט דערלויבט מיכאָעלסטן אַוועקצופאָרן פון מאָסקווע.

שוין צוויי חדשים ווי עס זענען אָנגעגאַנגען די פּראָבן. די פילמען צו דער פּיעסע זענען שוין געווען פאַרטיק. דער טערמין פון דער פּרעמיערע האָט זיך דערנענטערט און דער הויפּטראָליסט איז נישטאָ.

פּיסקאַטאָר האָט באַשלאָסן צו נעמען דריי יונגע ייִדישע אַקטיאָרן און מיט זיי אַרבעטן אויף דער ראָל. דאָס זענען געווען די שוישפּילער פּײַט פון דער ייִדישער טעאַטער־סטודיע, בלײַך און שעפּס. די יונגע אַקטיאָרן זענען געווען טאַלאַנטירט, אָבער צו יונג פאַר אַזאַ ראָל. און דאָ איז געקומען דער דראַמאַטורג משה ליפשיץ מיט אַ שׂמחה: „ערווין, איך האָב! ד"ר פּאַול באַראַטאָוו".

פּאַול באַראַטאָוו איז דעמאָלט געווען אין ניו־יאָרק. אַכט טאָג שפּעטער איז בן־צבי, ווי פּאַול באַראַטאָוו האָט זיך גערופן אין פּראָגראַם, געווען אין בערלין. די פּרעמיערע איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף אַכט טעג. און פּאַול באַראַטאָוו האָט געשפּילט די הויפּטראָל אין „דער סוחר פון בערלין".

די פּרעמיערע האָט געדויערט פינף שעה, די גאַנצע דייטשע און וועלט־פּרעסע איז געווען פאַרטראַטן. צומאָרגנס נאָך דער פּרעמיערע איז קעגן ערווין פּיסקאַטאָר אַרויסגעטראָטן די גאַנצע רעאַקציאָנערע דייטשע פּרעסע. באַראַטאָוו האָט די געשטאַלט קאַפּטאַן געשפּילט מיט אַזוי פיל האַרץ און נשמה, מיט אַזאַ טראַגיזם און פּראָטעסט, אַז געווונען האָט דער ייִד קאַפּטאַן.

פּאָול באַראַטאָוו איז אין אָנהייב פון די פופציקער יאָרן געשטאָרבן אין לאָס אַנדזשעלעס, אין גרויס אָרעמקייט.

בעת מיר זענען געווען אין דער ישיבה אויף דער גרענאַדיר־שטראַסע, האָט זיך דאָרט אַרומגעדרייט אַ נישט נאָרמאַלער ייִד. ער איז צו יעדן פרעמדן צוגעגאַנגען און שטיל געמורמלט: „ייִדן, גיט אַ פּאָר גראָשן, ייִדן, גיט אַ נדבה”. פלוצעם איז ער אויפגעשפרונגען און מיט אַ ציטערדיקן קול געשריגן: „ייִדן, טוט תשובה, גיט פאַר לומדי תורה! ייִדן, טוט תשובה, אַ נישט, וועלן זיי קומען! כיק!” האָט ער געוויזן מיט דער האַנט איבער זיין האַלדז. דער שמש האָט דעם ייִד באַרויִקט. דער ייִד האָט זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל און אָנגעהויבן זאָגן תהילים. ווי פּיסקאַטאָר האָט געזען און געהערט ס׳אויפפירן זיך פון דעם משוגענעם, האָט ער מיר געפרעגט וואָס ער האָט געזאָגט. איך האָב אים דערקלערט, אַז ער זאָגט: אויב ייִדן וועלן נישט געבן געלט און נישט זאָרגן פאַר די אָרעמעלייט, נישט געבן פאַר די ישיבות, וועלן קומען די נאַציס און אונדז אַלעמען אויסשעכטן. פּיסקאַטאָר האָט דעם טיפּ אַריינגענומען אין דער פאָרשטעלונג פון „דער סוחר פון בערלין”. אין דער פאָרשטעלונג זאָגט דער משוגענער: „וועלן די ייִדן גיין אין גאָטס וועגן, וועלן זיי זיך מערן ווי די שטערן אין הימל, און אויב נישט, וועלן זיי זיין ווי דער זאַמד ביים ים, אַלע וועלן אויף זיי טרעטן”.

צו דער אויפפירונג „דער גואל” אין סאָסנאָוויץ האָב איך פאַר דעם יונגנמאַן, וואָס כ׳האָב ביי אים צוגענומען די ראָל פונעם רב, צוגעשריבן אַ ראָל פון אַ שטאָט־משוגענעם. ביי פאַרשידענע סיטואַציעס שרייט דער שטאָט־משוגענער אויס נבואהדיק: „משיח! משיח! די מענטשן שרייען: „שווייג, משוגענער, שווייג!” און אין לעצטן אַקט, ווען אַלע זעען, אַז דער „משיח” איז געווען אַ שווינדלער און בלייבן שטיין אין מיטן מאַרק אַנטוישטע, פרעגט איינער: „ווען וועט טאַקע קומען משיח?” שרייט דער משוגענער: „משיח וועט נישט קומען! משיח וועט נישט קומען!” שרייען שוין אַלע: „משוגענער, שווייג!” דאָ קומט דער משוגענער און זאָגט: „שאַ, זאָל זיין שטיל. ייִדן הערט, משיח וועט נישט קומען. ער ליגט געבונדן אין אייזערנע קייטן. מען לאָזט אים נישט אַרויס פון ארץ־ישׂראל. ייִדן, לאָמיר גיין צו אים. לאָמיר גיין קיין ארץ־ישׂראל און באַפרייען משיחן”.

די פאָרשטעלונג אין סאָסנאָוויץ האָט דעמאָלט געהאַט דערפאָלג. באַזונדערס איז אַרויסגעקומען בולט דער משוגענער. מיר האָט אויסגעדוכט, אַז

דער פאַרזיצער פון דער „לירע״ איז געווען בײַ אויף מיר. איך האָב אים געוואָלט ווײַזן, אַז מען קאָן אַ קלײנע ראָל פאַרוואַנדלען אין אַ גרויסע.

איצט האָבן מיר זיך ווידער געטראָפן אינעם אַרבעטס־לאַגער. ער, דער יודענעלטסטער, און איך, דער העפטלינג. ער האָט אויסגערופן מײַן נאָמען: זאַמי פעדער. איך בין אַרויס פון דער רײ. ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן און מיר אָנגעוויזן דעם פּלאַץ ווו איך באַדאַרף זיך אַוועקשטעלן. מען האָט אַלע צעשיקט אין די באַשטימטע שטובן. צו מיר האָט דער יודענעלטסטער געזאָגט: „איר קומט מיט מיר״. אויפן וועג האָבן מיר צווישן זיך קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. ער האָט מיך אַרײַנגעפירט אין זײַן שטוב, אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ טעפּל קאַווע מיט אַ שטיק ברויט און צו מיר געזאָגט: „קודם עסט עפּעס, שפּעטער וועלן מיר כאַפּן אַ שמועס״. ער האָט מיך אויסגעפרעגט ווי לאַנג און אין וועלכע לאַגערן איך בין געווען.

פּלוצעם איז ער געוואָרן באַרעדעוודיק:

„חבר פעדער, איך האָב אײַך נישט פאַרגעסן. איך האָב בײַ אײַך אַ סך געלערנט. מער ווי בײַ אַלע אַנדערע רעזשיסערן, וואָס זענען געקומען קײן סאָסנאָוויץ און געאַרבעט אין דער ,לירע׳. ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן און מיר וועלן עס דערלעבן, וועלן מיר אין סאָסנאָוויץ בויען אַ ייִדיש טעאַטער, און איר וועט זײַן דער רעזשיסער. איר הערט, חבר פעדער?״ נאָך דעם האָט ער אַ קרעכץ געגעבן, ווי ער אַליין וואָלט נישט געגלויבט אין דעם געזאָגטן און שטיל באַמערקט: „חבר פעדער, איך וועל אײַך אַרײַנגעבן אין אַ שטוב מיט ווױלע חברה. טאָמער וועט עמעצער פּרוּוון זיך טשעפּען צו אײַך, אָדער אײַך אָנטאָן צרות, זאָלט איר נישט שווײַגן און קומען צו מיר. דאָ אין לאַגער שטײט איר אונטער מײַן שוץ.

איך האָב געשוויגן. דערנאָך אים געדאַנקט. כ׳בין געווען גערירט. ער האָט מיך אַוועקגעפירט אין דער שטוב, צו וועלכער ער האָט מיך צוגעטײלט. דאָרט איז ווירקלעך געווען אַ פײַנע און ווױלע חברה.

די ערשטע וואָך זענען מיר צו קײן שום אַרבעט נישט געגאַנגען. אין דער צווייטער וואָך זענען מיר, אַ גרופּע, אַרויסגעפירט געוואָרן אין אַ וואַלד, ווו מיר האָבן אונטערגעשניטן בײמער, אָפּגעהאַקט די צווײַגן און געמאַכט קלעצער. צוויי וואָכן האָב איך געאַרבעט אין וואַלד, דערנאָך האָט מען מיך געשיקט אין ביוראָ פון דעם יודענעלטסטן צו מאַכן ליסטעס פון די וואָס זענען ערשט אָנגעקומען, אָדער פון די, וועלכע מען וויל אַוועקשיקן.

אײן מאָל בײַם מאַכן די ליסטעס איז אָנגעקומען אַ נײַער טראַנספּאָרט ייִדן. מתוך נײַגער בין איך אַרויס זען צי זענען נישט אַ מאָל אָנגעקומען אויך באַקאַנטע. און אָט האָב איך צווישן די אָנגעקומענע דערזען אויך

עטלעכע יידן פונעם שטעטל סטשעמיעשיץ. צווישן זיי דעם געוועזענעם קהילה־סעקרעטאַר אברהם משה גרין.

קורץ נאָך דעם ווי די נאַציס האָבן אָקופּירט פּוילן און סטשעמיעשיץ איז צוקאָאָפּטירט געוואָרן צום דייטשן רייך, האָב איך געזאָגט צום ראש־הקהל, וואָס איז געווען מיינער אַ קרוב, און צום קהילה־סעקרעטאַר, אַז די קהילה דאַרף זאָרגן פאַר יעדן ייִד, אָרעם צי רייך, ער זאָל האָבן אין דער היים צוגעגרייט פאַר יעדן פון דער משפּחה אַ רוקזאַק מיט די נויטיקסטע זאַכן, וואָס אַ מענטש דאַרף האָבן. ס׳איז וואַרשיינלעך, אַז אין אַ שיינעם טאָג זאָלן די דייטשן קומען און זאָגן: „איר טאָרט זיך נישט געפינען אויף דער טעריטאָריע פונעם דייטשן רייך. איר מוזט גלייך פאַרלאָזן סטשעמיע־שיץ״. מען וועט אַפילו נישט האָבן קיין צייט עפּעס איינצופּאַקן און מיטצו־נעמען. האָבן ביידע אויף מיר געשריגן, אַז איך בין אַ שוואַרץ־זעער. פאַר־קערט, פון דער נאַטור בין איך אַן אָפּטימיסט. אין דעם פאַל בין איך געווען אַ רעאַליסט. כ׳האָב מיינע סטשעמיעשיצער געוואָלט אַ ביסל טרייסטן, העלפן זיי מיט עפּעס. האָט מיך דערזען דער געוועזענער קהילה־סעקרעטאַר אברהם משה גרין. די ערשטע ווערטער, וואָס ער האָט צו מיר אַרויסגערעדט, זענען געווען: „זאַמי, ביסטו געווען גערעכט, מען האָט אונדז פון די שטובן אַרויס־גענומען, אַזוי ווי מיר גייען און שטייען. מיר האָבן גאָרנישט געקאָנט מיט־נעמען״. איך האָב זיך באַמיט זיי צו באַרויִקן.

דער וואָס האָט געבראַכט די גרופּע איז געווען אַ דייטש אין די זעכצי־קער יאָרן, אַ לאָמער אויף אַ פוס. מיר האָבן אים גערופן „דער סוחר״. דאָס צימער וווּ איך האָב געמאַכט די ליסטעס איז געווען אין זעלבן באַראַק, וווּ ס׳האָט זיך געפונען דאָס ביוראָ פונעם לאַגער־עלטסטן, דעם לאַגער־קאָמענדאַנט. אַ סך מאָל האָב איך געקאָנט הערן וואָס מען רעדט אין צימער פונעם לאַגער־קאָמענדאַנט. דאָס מאָל האָט מען זיך דאָרט שטאַרק געקריגט. איינער אַ דייטש מיט אַ גראָבן בויך און מיט אַ גרינעם קאָפּעליוש אויפן קאָפּ האָט געשריגן צום „סוחר״: „וואָס פאַר אַ סאָרט מיסט האָט איר מיר היינט געבראַכט? דאָס זאָלן זיין אַרבעטער? דאָס איז דאָך אַ הויפן דרעק. פאַר אָט דעם דרעק מוז איך דער געסטאַפּאָ באַצאָלן איין מאַרק פּופציק פאַר יעדן דרעקמאַן פאַר יעדער שעה. די געסטאַפּאָ שענקט גאָרנישט. און איצט דאָס פּרעסן. ס׳איז אומדערהערט״.

דער „סוחר״ האָט זיך פאַרטיידיקט. דערווייל האָט ער נישט קיין אַנדערע אַרבעטער. עס מוז דויערן אַ צייט און ער וועט ברענגען אַנדערע. דערווייל זאָלן די אַרבעטער אַרבעטן און דערנאָך וועט מען זיי שיקן צום טיזוול״.

כ׳בין אויפגעטרייסלט געוואָרן פון דעם וואָס איך האָב געהערט. מען

וועט דאָך די ייִדן אָוועקשיקן אין אַ פֿאַרניכטונגס־לאַגער. אפשר זאָל איך רעדן מיטן יודענעלטסטן, וועגן דעם געהערטן? איך האָב דעם יודענעלטסטן דערציילט וואָס איך האָב געהערט. ער האָט מיר געענטפֿערט: „עס איז ביטער. נאָר וואָס קאָן איך טאָן?"

איך בין פֿאַרטיק געוואָרן מיט מיין אַרבעט און אַוועק אין מיין באַראַק. איז צו מיר אַריינגעקומען אַ יונגערמאַן און געבעטן פֿון מיר אַ טובה: זיין פֿאָטער איז געקומען מיט דער נייער גרופּע. טאָמער וועט מען די גרופּע אָוועקשיקן, זאָל איך בעטן דעם יודענעלטסטן ער זאָל אים מיטשיקן, ווייל ער וויל זיין מיט זיין פֿאָטער צוזאַמען. איך האָב דעם יונגנמאַן נישט געקאָנט ענטפֿערן. טאָמער וועט מען די גרופּע אָוועקשיקן ווער ווייסט וווּהין? אפשר חלילה צו פֿאַרניכטן זיי? איך האָב אים געענטפֿערט: „איך וועל זען, וואָס עס לאָזט זיך מאַכן". דער יונגערמאַן האָט מיר געדאַנקט און איז אָוועק, אָבער מיר איז געוועזן ביטער. איך קאָן אים נישט העלפֿן און מוז שווייגן.

אויף צומאָרגנס ביים ווייטערדיקן מאַכן די ליסטעס, איז צו מיר אַריינ־געקומען דער לאַגער־קאָמענדאַנט מיט דעם „סוחר" און מיר געפֿרעגט, צי ס'וועט נאָך לאַנג דויערן ביז די ליסטעס וועלן זיין פֿאַרטיק. עס איז נישט געוועזן מער קיין סך צו שרייבן, בלויז די פּערזאָנאַליען פֿון אַ צען פּערזאָן. דער לאַגער־קאָמענדאַנט מיטן „סוחר" האָבן זיך אָוועקגעזעצט וואַרטן און דערווייל צווישן זיך געשמועסט. האָב איך געהערט ווי דער „סוחר" האָט געזאָגט צום לאַגער־קאָמענדאַנט: „וואָס קאָן איך טאָן אַז דערווייל האָב איך נישט קיין אַנדערע ייִדן? עס מוז דויערן עטלעכע וואָכן ביז איך וועל קאָנען ברענגען אַנדערע".

האָב איך געזאָגט צום לאַגער־פֿירער: „מיטן היינטיקן טראַנספּאָרט זענען מיטגעקומען עטלעכע ייִדן פֿון מיין היימאָרט. איך האָב זיי נישט דערקענט. זיי זענען פֿאַרהונגערט, אויסגעמאַטערט און אָפּגעשוואַכט. כ'האָב זיך דערשראָקן פֿון זייער אויסזען. דאָס זענען דאָך געוועזן קרעפֿטיקע און געזונטע מענטשן, גוטע אַרבעטער, היינט זענען זיי אויס ווי סטראַשידלעס".

דער „סוחר" האָט באַשטעטיקט מיינע ווערטער: „יאָ, ער איז גערעכט! מען וועט זיי געבן דאָ אין לאַגער אַכט טעג אָפּרו און טאָפּלטע ראַציעס עסן. זאָלן זיי קומען צו זיך, דעמאָלט וועט מען זיי שיקן צו דער אַרבעט. שפּעטער וועט מען זען".

מען האָט די גאַנצע גרופּע איינקוואַרטירט אין אַ באַזונדער באַראַק. אַחוץ גיין אין דער לאַטרינע, האָבן זיי געמוזט ליגן אויף זייערע קויקעס און רוען. ווי איז געוועזן צו דעם וואָס מ'האָט אים געכאַפּט אַרומשפּאַצירן

און נישט ליגן אויף זיין קויקע. צום עסן האָבן זיי באַקומען טאָפּלטע ראַציעס; זופּ, וויפל זיי האָבן געוואָלט. נאָכן פערטן טאָג פון זייער רוען האָט מען מיך מיט אַ גרופּע אָוועקגעשיקט קיין בונצלאַו.

וואָס מיט די מענטשן איז שפּעטער געשען, ווייס איך נישט. איך האָב קיינעם פון זיי קיין מאָל מער נישט געזען.

## "יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגער" אין בונצלאַו

אַ גרופּע אַסירים, אין באַגלייטונג פון עס־אַ־מענער זענען מיר אָנגעקומען אין לאַגער „בונצלאַו". בונצלאַו איז אַ שטעטל אין נידערשלעזיע. דער יודענעלטסטער אין דעם לאַגער איז געווען גראָסמאַן פון דאָמבראָווע, זאַגלעמביער ראַיאָן, אין פּוילן. וועגן עטלעכע מערקווירדיקע פאַלן אין דעם לאַגער וויל איך דערציילן;

### דער נס

אָנהויב פרילינג 1943. מיר האָבן דעמאָלט געאַרבעט אין דער האָלץ־פאַבריק פונעם דייטשן מאַגנאַט הובערט לאַנד, וואָס האָט פאַבריצירט פאַרשידענע האָלץ־אויסאַרבעטונגען פאַר דער דייטשער קריגס־אינדוסטריע. פון דייטשע און פּוילישע וועלדער האָט מען אַהערגעבראַכטביימער און אין דער בונצלאַוער פאַבריק זיי צעזעגט אויף ברעטער. פון די ברעטער האָט מען אויסגעאַרבעט אַלע טיילן פאַר באַראַקן, האָלץ־טרעגערס פאַר פאַבריקס־האַלעס, וועלכע מען האָט געקאָנט צענעמען און ווידער אויפשטעלן אויף אַ צווייטן פּלאַץ; פאַלשע עראָפּלאַנען (אַטראַפּן) אָפּצונאַרן דעם שונא; פאַרשידענע שענק, טישן און בענקלעך פאַר קאַזאַרמעס און אַפילו ווײַן־קאַסטנס — אַלץ, וואָס די דייטשע קריגס־אינדוסטריע האָט דעמאָלט געדאַרפט פון האָלץ.

דער לאַגער אין בונצלאַו איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון דער בלאָער הילפס־פּאָליציי, און די פאַבריק — אונטער דער עס־אַ.

דורך דער צייט איז אונדז אין לאַגער געלונגען דורכצופירן אייניקע

ליטעראַרישע און אויך לידער־אַוונטן, און אַפילו אַ טעאַטער־פאַרשטעלונג. האָט אַ גרופּע חברים באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ געשריבענעם ליטעראַרישן און אַקטועלן זשורנאַל. אויפן אַרבעטס־פּלאַץ האָבן מיר אָרגאַניזירט בליי־פעדערס, פּאַפּיר און מיר האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט: געשריבן אַקטועלע לאַגער־אַרטיקלען, לידער, דערציילונגען. די מיטאַרבעטער פונעם זשורנאַל זענען געווען: חיים וואַלנערמאַן, שפּיגעל, קלמן צווייגל, שאול ליפּשיץ, מיין ווייניקייט און אַנדערע וואָס, צום באַדויערן, געדענק איך נישט זייערע נעמען. מיר האָבן דעם זשורנאַל אויפגעשריבן און דערנאָך, אין די פרייע אַוונטן, אָדער זונטיקס, דורכגעלייענט אין די באַראַקן.

אַחוץ פאַרשיידענע אַרטיקלען, האָב איך דעמאָלט געשריבן אַ בוך „בערל סטאָליאַר״, אין וועלכן איך האָב געשילדערט דעם ליידנסוועג פון אַ ייִד, אַ סטאָליאַר, פון אַ קליין שטעטל אין פּוילן, וואָס מען האָט אים פאַרשיקט אין לאַגער און ווי אַ סטאָליאַר איז ער אָנגעקומען אין הובערט לאַנדס האָלץ־פאַבריק, ווּ ער ליידט פאַרשיידענע ביטערע צרות און פּיין. ער בענקט צו זיין אָרעמער שטוב, צו זיין ווייב און קינדער. שטענדיק, דער־מאָנענדיק זיי, קרעכצט ער פון בענקשאַפט. ער טענהט צו אונדז און צו גאָט: רבונו־של־עולם, פאַר וואָס קומט דאָס מיר? מיט וואָס האָב איך געזינ־דיקט? איך האָב שטענדיק שווער געהאָרעוועט אויפן שטיקל ברויט מפרנס צו זיין ווייב און קינדער. קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן. ייִדן, זאָגט מיר, פאַר וואָס, פאַר וואָס?! אוי, רבונו־של־עולם, ווּ נעמט מען אַ באָמבע, אַ באָמבע! אַ כאָליערע זאָל עס נעמען!

אויב איך האָב אין לאַגער און אַפילו נאָך דער באַפרייונג געזאָגט צו אַ חבר אָדער אַ חברטע: באַשרייב אַלץ וואָס מיט דיר איז געשען אין די היטלער־יאָרן, האָט ער, אָדער זי, אַ גרויסן טייל באַשריבן אין גראַמען. אַזוי האָב אויך איך, ביי מיין באַשרייבן בערל סטאָליאַר געלאָזט אים אויס־דריקן זיין צער און צאָרן אין דער פאָרם פון אַ ליד. לײדער, אויפן „טויטן־מאַרש״, פאַרן אָנקומען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „דאַראַ״, האָב איך געמוזט אַלע מיינע כּתבים פאַרניכטן. בלויז דאָס ליד איז מיר געבליבן אין זכרון.

אָט איז „דאָס ליד פון בערל סטאָליאַר״:

פ ר ײַ ה י י ט,
איך בענק נאָך דיר,
מיט מײַן גאַנצן האַרץ און נשמה בענק איך נאָך דיר,
נאָך דיר, פרײַהייט, מיט אַלע דײַנע לײַדן און פריידן,

ליבע און האַס —
איך מאַך קיין שפּאַס, קיין שפּאַס,
ווײַל ס'טוט ווי אַזוי, אַזוי —
דאָך פרעג איך מאַנכ'מאָל,
פאַר וואָס איז עס וואָס איך בין נישט פריַי?
איך גיב אַ קלער און גיב אַ שפּײַ,
הייסט עס: איז עס טאַקע דערפאַר
וואָס אויפן גרויסן וועלט־יריד
זאָגט מען, אַז אין אַלעמען שולדיק איז דער ייִד?
יאָ, דאָס זאָגן זיי, לאָכסטו נישט אויך,
טפוי, גיב איך נאָך אַ שפּײַ
און קלאַפּ זיך מיט דער פויסט אין ברוסט אַרײַן,
איך, בערל סטאָליאַר, דער ייִד,
וואָס שטענדיק געלעבט האָט מיט ווײַב און קינד אין נויט,
קיין מאָל געהאַט צו זעט קיין ברויט,
אַזוי געהאָרעוועט אַ לעבן אַ גאַנץ,
בין שולדיק אין דאָזיקן שדים־טאַנץ,
פון צאָלן שחיטה־געלט
דער דאָזיקער וועלט
וואָס רופט זיך מלחמה־יריד,
אַלץ נאָר ווייל איך בין אַ ייִד.
כאַ־כאַ־כאַ, לאַך איך שטאַרקער אַרויס
און שפּײַ צום דריטן מאָל אויס:
טפוי זאָלט איר ווערן,
איר היטלעריסטישע דיפּלאָמאַטן, איר „הערן",
מיט אײַערע געזעצן און געבאָטן,
וואָס צווינגען מיך צו לעבן הינטער דראָטן,
זיך מאַטערן אין עלנט און אין נויט,
דעם האַמער גיט מיר,
איך וויל אַרבעט, פרײַהייט און ברויט!

צום סוף אַנטלויפט בערל סטאָליאַר פון לאַגער. ער וויל צו די ייִדישע פּאַרטיזאַנער. ער ווערט געכאַפּט און פאַרפייניקט צום טויט.

דאָס גאַנצע מאַטעריאַל, וואָס מיר האָבן אָנגעשריבן, האָבן מיר באַהאַלטן אויפן „בוידעם" פונעם באַראַק. מיר האָבן אויפגעריסן פון באַלקן אייניקע

ברעטער און צווישן באַלקן און דאָך האָבן מיר אַריינגעלייגט אַלע אונדזערע כּתבים, אונדזערע היטערס זאָלן זיי נישט געפינען. ווי וואָלט געווען צו אונדז, ווען זיי וואָלטן געפונען די דאָזיקע מאַטעריאַלן.

די ערשטע צוויי יאָר פון דער מלחמה, ווען מען האָט אונדז פאַרשיקט אין די „יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגערן" (צ.אַ.ל.), האָט מען נאָך געקאָנט פון דער היים באַקומען פּעקלעך מיט עסנוואַרג און אַפילו קליידער. דעמאָלט זענען מיר נאָך געגאַנגען אָנגעטאָן אין אונדזערע אייגענע ציוויל־קליידער. נאָך אַ געוויסער צייט האָט מען אויף די קליידער אויפגענייט אַ געלן מגן־דוד מיטן וואָרט „יודע". שפּעטער האָט מען געמוזט אויסשניידן אין יעדן בגד אַ מגן־דוד און אונטערנייען מיט אַ ווייס טוך, וואָס מען האָט אָפּגעשניטן פון אַ ווייס העמד. קלאָר, אַז מ'האָט זיך באַמיט אויף פאַרשיידענע וועגן מען זאָל אין די גוטע קליידער נישט אויסשניידן דעם מגן־דוד. אַ בגד, אין וועלכן ס'איז נישט געווען אויסגעשניטן אַ מגן־דוד, האָט מען געקאָנט פאַרקויפן צו אַ פּאָליאַק, טשעך אָדער אַנדערן פאַר שפּייז. האָבן מיר אַזוי קינסטלעך אַרויפגענייט דעם ווייסן מגן־דוד אַז ס'האָט אויסגעזען ווי אויסגעשניטן.

אויך איך האָב אַזוי געטאָן מיט מיינע גוטע בגדים, וואָס איך האָב געטראָגן אין דער צייט ווען איך האָב נישט געאַרבעט.

איין מאָל אין אַ זונטיק באַגינען האָט מען אונדז בעתן מאָרגן־אַפּעל אָנגעזאָגט אַז אין אַ שעה אַרום וועט זיין אַ קאָנטראָל אין די שטובן. וויפל „העפטלינגע" עס זענען פאַראַנען אין דער שטוב, אַזוי פיל פּעקלעך, אָדער וואַליזקעס פון אַ באַשטימטער גרויס מעגן זיך אין דער שטוב געפינען. אַלע אַנדערע זאַכן מוזן אָפּגעגעבן ווערן אין דעם אַלגעמיינעם מאַגאַזין. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאַקן און איבערפּאַקן און יעדער האָט געזוכט אַ באַהעלטעניש צו פאַרשטעקן אַ פּאָר הויזן, אַ שאַל, אָדער סוועטער, כּדי שפּעטער עס קאָנען פאַרקויפן אויפן אַרבעטס־פּלאַץ. פּונקט זיבן אַ זייגער אַ פייפערייי, וואָס זאָגט אָן אַרויסצוגיין אויפן אַפּעלפּלאַץ. אַלע לויפן אַרויס און די בלאָע פּאָליציי און עס־אַ גייען פון שטוב צו שטוב און קאָנטראָלירן. דער קאָמענדאַנט פון לאַגער האָט געהאַלטן אַ „רעדע", אין וועלכער ער האָט געזאָגט, אַז ער איז זייער צופרידן וואָס אַלע האָבן אויסגעפירט זיין באַפעל און ער גיט אונדז אַ לויב דערפאַר, אָבער... אין אַ שטוב פון דרייסיק מאַן, האָט ער געזאָגט, איז גענוג אויף דריי מאַן איין פּעקל. און ער האָט אונדז געגעבן אַ שעה צייט אויף איבערפּאַקן און די רעשט וועט גיין אין אַלגעמיינעם מאַגאַזין.

ס'איז לייכט זיך פאַרצושטעלן וואָס אין די שטובן האָט זיך געטאָן.

מען האָט געפּאַקט און איבערגעפּאַקט און ווידער איבערגעפּאַקט און געזוכט באַהעלטענישן אויף צו פאַרשטעקן קוים צוזאַמענגעשטעלטע צען פּעקלעך.

אַכט אַ זייגער אַ געפייפעריי צום אַפּעל. אַלע לויפן אַרויס. עס קומען ווידער אונדזערע שומרים וואָס גייען פון באַראַק צו באַראַק און פון שטוב צו שטוב און קאָנטראָלירן.

דער קאָמענדאַנט האַלט ווידער אַ „רעדע״: ער איז זייער צופרידן, עס גייט „יאַ פּאַבלהאַפּט״, נאָר ער האָט זיך איבערלייגט, אַז עס איז פיל פּראַקטישער און שענער אין גאַנצן אָן פּעקלעך. מען קאָן זיי אַלע אָפּגעבן אין אַלגעמיינעם מאַגאַזין, און אויב עמעצער וועט דאַרפן אַ בגד, ווייל דער וואָס ער טראָגט איז שוין צעריסן, וועט ער באַקומען פונעם מאַגאַזין. ער האָט אַרויסגערופן עטלעכע אַסירים פון אונדזער ריי און זיי באַפוילן אַלע פּעקלעך אַריינצוטראָגן אין מאַגאַזין. נאָך דעם האָט דער קאָמענדאַנט געגעבן דעם באַפעל: „וועג טרעטען! אַללעס אַוף דען באַראַקען!״

פון אָנהייב איז געווען זייער טרויעריק. פאַרט געווען אייגענע זאַכן, וואָס האָבן דערמאָנט די היים. אַ מאָל איז עס געווען אַ מתנה פון דער מאַמען, פון דעם טאַטן, שוועסטער, ברודער, אָדער פריינד. אַחוץ דעם, פאַר אַ פּאָר הויזן, אָדער אַן אַנדער בגד, האָט מען געקאָנט פאַרשאַפן אַ ביסל שפּייז, כאָטש אויף אַ קורצער צייט צו שטילן דעם הונגער. ביסלעכווייז האָט מען זיך צוגעוווינט צו די נייע צרות. אויב מען האָט ערגעץ ווו געהאַט באַהאַלטן אַ בגד כּדי שפּעטער אים צו פאַרקויפן, האָט מען זיך געטרייסט. מיר און מיינע חברים־מיטאַרבעטער פון „זשורנאַל״ איז געלונגען צו באַהאַלטן אייניקע בגדים אין אונדזער באַהעלטעניש צווישן דעם באַלקן און דעם דאַך. איך האָב דאָרט באַהאַלטן מיין בעסטן אָנצוג.

אין איינער אַ נאַכט האָב איך זיך געקליבן צו באַהאַלטן אייניקע פון מיינע נאָר־וואָס אָנגעשריבענע בלעטלעך. כ׳האָב אַוועקגענומען דאָס ברעטל און אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ צו זען ווו אַוועקצולייגן מיינע בלעטלעך און אַ קוק טאָן צו מיין אָנצוג. עס איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. דער בוידעם איז פול געווען מיט פאַרשיידענע מלבושים און שיך, נאָר מיין אָנצוג איז נישט געווען — פאַרשוווּנדן! שטילערהייט האָב איך נאָכגעפרעגט ביי די חברים ווער און וואָס, אָבער קיינער האָט גאָרנישט געוווּסט. פון אָנהייב האָב איך געהאַט עגמת־נפש: מיין בעסטער אָנצוג נאָך פון דער בערלינער צייט. אָבער באַלד האָב איך זיך געטרייסט: כ׳וועל מער נישט האָבן קיין עגמת־נפש פון אַזעלכע זאַכן; דעם אָנצוג וואָס איך בין געגאַנגען אָנגעטאָן, וועט מען מיר נישט צונעמען, און מער האָב איך נישט — „ווייל איז מיר, איך בין אַ יתום...״

אין דער האַלץ־פֿאַבריק האָבן געאַרבעט אַרבעטער פֿון פֿאַרשיידענע לענדער: געפֿאַנגענע פֿראַנצויזן, אוקראַינער, פּאָליאַקן, טשעכן און אַנדערע. אין דער האַלע, ווו מען האָט צעזעגט די קלעצער אויף ברעטער, האָבן געאַרבעט ייִדן, פֿראַנצויזן און אויך אייניקע טשעכן. דאָרט איז געווען אַ זעג, וואָס איז געטריבן געוואָרן פֿון אַ ריזיקן מאָטאָר, מיט אַ לעדערנעם טראַנסמיסיע־רימען 15 מעטער די לענג און איין מעטער די ברייט.

אין אַ געוויסן אינדערפֿרי, ווען מיר זענען אָנגעקומען אין דער פֿאַבריק, האָבן מיר געזען אַז עס רודערט זיך דאָרט: פּאָליציי און קרימינאַל־פּאָליציי, עס־עס און עס־אַ, מיט הינט און געסטאַפּאָ. אַ לויפֿעניש אַהין און אַהער. מען מעסט און מען פֿאָטאָגראַפֿירט. אַלע קאַלאָנעס שטייען אויסגעשטעלט: טשעכן, פּאָליאַקן, אוקראַינער און די פֿראַנצויזישע געפֿאַנגענע סאָלדאַטן. יעדע קאָלאָנע שטייט באַזונדער. אויך מיר זענען געבליבן שטיין. וואָס איז געשען? אָט האָבן מיר געזען ווי מען רופֿט אַרויס אַ צאָל פֿראַנצויזן, ייִדן און טשעכן, וואָס האָבן געאַרבעט ביים זעגן די קלעצער: איבער נאַכט איז פֿאַרשוווּנדן דער לעדערנער טראַנסמיסיע־פּאַס. „דאָס איז אַ גרויסער סאַבאָטאַזש־אַקט", האָט געזאָגט דער הויפּט פֿון דער געסטאַפּאָ. די גאַנצע פֿאַבריק ווערט פּאַראַליזירט. אַ צווייטער לעדערנער טראַנסמיסיע־פּאַס איז דערווייל נישטאָ. ביז מען וועט אויספֿאַרטיקן אַן ערזאַץ־פּאַס וועט נעמען צייט. און ער האָט זיך געוואָנדן צו אַלע: „ווער עס ווייסט ווו עס געפֿינט זיך דער טראַנסמיסיע־פּאַס און וועט צו וויסן טאָן אין ביוראָ, וועט באַקומען אַ פּרעמיע. אויב דער אינפֿאָרמאַטאָר איז אַ פֿרייער אַרבעטער, וועט ער באַקומען פֿיר וואָכן אורלויב און ער וועט קאָנען אַהיימפֿאָרן. די שולדיקע וועלן לייכט באַשטראָפֿט ווערן. אויב נישט, און מען וועט כאַפּן די שולדיקע, וועלן זיי אויפֿגעהאָנגען ווערן פֿאַר סאַבאָטאַזש, און די אַלע וואָס אַרבעטן אין דער זעג־האַלע וועלן שווער באַשטראָפֿט ווערן".

מיר זענען אָפּגעשטאַנען אַ גאַנצן טאָג. די הינט האָבן אונדז באַשמעקט און מען האָט גענומען גיפּס־אָפּגוסן פֿון אונדזערע שיך־זוילן און יעדן באַזונדער אויסגעפֿאָרשט: ווו מען האָט נעכטן געאַרבעט און וואָס מען האָט געטאָן. די אויספֿאָרשער האָבן גאָרנישט אויסגעפֿונען, נישט דעם מינדסטן שפּור.

און אָט האָב איך געהערט ווי איין עס־עס־אָפֿיציר זאָגט צום צווייטן: „דאָס איז די אַרבייט פֿאַן דען פֿראַנצאָזן, יודען אונד טשעכן". די טשעכן זענען געווען פֿרייע אַרבעטער.

דעם טאָג האָבן מיר נישט געאַרבעט, כּדי נישט צו פֿאַרווישן די שפּורן. מיר זענען צוריק אַריין אין אונדזער לאַגער מיט שווערע מחשבות: ווער

ווייסט וואָס מיט אונדז וועט געשען? טויט מידע פון גאַנצן טאָג שטיק, האָבן מיר זיך געלייגט שלאָפן. ביי נאַכט איז אין דער פאַבריק אויסגעבראָכן אַ שׂריפה. מען האָט אונדז אויפגעוועקט און אונטער אַ שטאַרקער שמירה אַרויסגעפירט אויפן פּלאַץ פון דער פאַבריק. מיר זאָלן איבערטראָגן אין אַ זיכערן פּלאַץ די מאַסן־ברעטער. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר אונטער יאָגעניש פון עס־אַ און עס־עס מיט זייערע הינט און מיט קלעפּ פון שטעקנס אויף אונדזערע פּלייצעס שווער און ביטער געהאָרעוועט. די ברעטער האָט מען געמוזט אַוועקטראָגן לויפנדיק. טאָמער איז עמעצער געבליבן עטוואָס הינטערשטעליק מחמת מידקייט, זענען די אָנגערייצטע הינט אַרויפגעשפּרונגען אויף אים אָדער ער האָט באַקומען אַ זעץ מיט אַ שטעקן.

פאַרטאָג זענען מיר טויט־מידע אַריין אין אונדזער לאַגער און אַוועקגעפאַלן. קוים זענען מיר אָפּגעשלאָפן איין־ניקע שעה, האָט מען אונדז ווידער געוועקט צום אַפּעל. וואָס איז ווידער געשען?

אַ פראַנצויז איז ביי נאַכט אַנטלאָפן, האָט מען אים געכאַפּט. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ציווילן אָנצוג, אויף וועלכן מען האָט באַמערקט די צייכנס פון געוועזענעם אויסגעניייטן מגן־דוד, אָבער נישט אויסגעשניטן.

דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט געפרעגט: „צו וועמען עס האָט געהערט דער אָנצוג וואָס דער פראַנצויז גייט אָנגעטאָן, דער זאָל פרייוויליק זיך מעלדן". איינער נאָכן אַנדערן האָבן מיר פאַרביימאַרשירט דעם פראַנצויז. איך האָב דערקענט מיין אָנצוג פונעם בוידעם. אינעם וויס־גרויען שטאָף פון דער לינקער טאַש האָב איך געהאַט אַריינגעצייכנט מיין נאָמען. מען וואָלט מיך סיי ווי געפונען. איך בין אַרויסגעטראָטן און געזאָגט: „איך מעלדע, אַז דער אָנצוג איז מיינער". „און ווי אַזוי קומט דיין אָנצוג צום פראַנצויזישן געפאַנגענעם?" האָט דער קאָמענדאַנט געפרעגט. מיין ענטפער: „איך האָב מיין אָנצוג אָפּגעגעבן אין מאַגאַזין. מער ווייס איך נישט".

דער קאָמענדאַנט האָט געזאָגט צום פראַנצויז: „ווייז ווער עס האָט דיר געגעבן אָדער פאַרקויפט דעם אָנצוג". דער פראַנצויז האָט דורכמאַרשירט אַלע אונדזערע רייען און קיינעם נישט דערקענט. וואָס מיט דעם פראַנצויז איז געוואָרן, ווייס איך נישט. איך האָב באַקומען אַ שטראָף פון צוואַנציק שמיץ פאַר נישט אויסשניידן דעם „יודע", ווי זיי האָבן גערופן דעם „מגן־דוד".

נאָך דריי טעג זענען מיר געגאַנגען צו דער אַרבעט. דער נייער טראַנסמיסיע־פּאַס איז געווען געוועבט פון פאַפּירענע שטריק. דעם לעדערנעם פּאַס האָט מען קיין מאָל מער נישט געפונען. מיר אין לאַגער האָבן פון צייט

צו צייט געקויפט פאַר אַ פּאַרציע ברויט אַ שטיק זוילן־לעדער, כּדי צו פאַרריכטן אונדזערע צעריסענע שיך. די שטיקער לעדער זענען זיכער געווען פונעם 15־מעטערדיקן טראַנסמיסיע־פּאַס.

איין מאָל, ווען מיר זענען געווען ביי דער אַרבעט, איז אין לאַגער אַריינגעקומען אַ דייטשער דאַך־דעקער צו פאַרריכטן די דעכער פון אונדזערע באַראַקן, וועלכע זענען אויף פאַרשיידענע פלעצער געווען לעכער־דיק און ס׳האָט אַריינגערעגנט. דער דאַך־דעקער האָט אויפגעריסן פון אונדזער באַראַק אַ שטיק דאַך, כּדי צו לייגן נייע שינדלען, און ער האָט דערזען אַ גאַנצן לאַגער מלבושים, שיך און לעדער. ער איז אַוועק צו דער געסטאַפּאָ און וועגן דעם געמאָלדן.

פון בערלין איז ספּעציעל געקומען צו פליִען דער שטורמבאַנפירער מאַיאָר לינדנער.

מיר האָבן זיך דעמאָלט געפונען אויף אונדזערע אַרבעטס־פלעצער. עס איז אַרויס אַ באַפעל: „אַלע ייִדן גלייך אָפּמאַרשירן צוריק אינעם לאַגער״. אין איילעניש זענען מיר צוריקגעקומען, זיך אויסגעשטעלט אין רייען און מען האָט אונדז אָפּגעציילט. ס׳האָט געשטימט. מיר זענען געשטאַנען אַ שעה, צוויי, נישט וויסנדיק וואָס עס איז געשען. אָט איז אָנגעקומען לינדנער מיט זיינע באַגלייטער און דעם דאַך־דעקער, אַ דייטש, מיט אַ לייטער. דער דאַך־דעקער האָט אָנגעלענט דעם לייטער אָן אונדזער באַראַק, אַרויפגעשטיגן און אָנגעהויבן רייסן די שינדלען פון דאַך, ווי ער וואָלט געריסן שטיקער פון אונדזער לייב. דאָס האַרץ האָט געצאַפּלט אין מיר. דאָרט זענען געלעגן אַלע מיינע כּתבים און אויך דער „זשורנאַל״ און קליידער, שיך און... לעדער.

לינדנער האָט געזידט. ער האָט אָן אויפהער געקלאַפּט מיטן בייטשל אין זיינע גלאַנציקע שטיוול. אונדזער קאָמענדאַנט איז נאָך מער נערוועז. טאָמער געפינט מען עפּעס, וואָס איז פאַרבאָטן, וועט ער ווערן אויס קאָמענ־דאַנט און ער וועט געשיקט ווערן אויפן פראָנט. דער יודנעלטסטער האָט נערוועז געביסן זיינע ליפּן. די פּנימער פון אונדזערע מענטשן זענען געווען טויט־בלאַסע. און דער דייטש, אויבן אויפן דאַך, רייסט איין שינדל נאָך דעם צווייטן. עס ווערט אַ גרויסער לאָך. דער דאַך־דעקער האָט זיך אויס־געדרייט עפּעס צו זאָגן לינדנערן. לינדנער האָט עס באַמערקט און צוגע־גאַנגען נענטער צום לייטער. אָבער אין דעם מאָמענט ווי דער דייטש אויפן דאַך האָט באַוויזן בלויז צו זאָגן „הער שטורמבאַנפירער״ איז פון ביוראָ אָנגעלאָפן אַ פריילין שרייענדיק הויך: „הער שטורמבאַנפירער! דאָס ביוראָ פון רייכספירער הימלער, גענעראַל שמעלט איזט אַם טעלעפאָן אונד וויל זי שפּרעכן״. לינדנער איז רויט געוואָרן און מיט איילנדיקע שריט איז ער

צחאָמען מיט זיינע מענטשן אַוועק און מער נישט צוריקגעקומען. ער איז באַלד אָפּגעפלויגן קיין בערלין.

דער לאַגער־קאָמענדאַנט איז אַרויף אויפן לייטער, אַריינגעקוקט אין לאָך און אויסגעשריגן: „הער גאָט, דאָנערוועטער נאָך איין מאָל!" ער איז אַראָפּ פון לייטער, דעם דאַך־דעקער אַוועקגעשיקט און געהייסן אונדז אַלע אַראָפּנעמען פון בוידעם אַלע זאַכן און זיי אַריינלייגן אין מאַגאַזין. ביים אַראָפּנעמען די זאַכן איז אונדז געלונגען צו באַהאַלטן אונדזערע כתבים. דערנאָך זענען אַלע באַשטראָפט געוואָרן מיט שווערער צוגאָב־אַרבעט. אָבער דער קאָמענדאַנט איז געווען צופרידן פונעם גרויסן „נס", וואָס דאָס ביורא פון היינריך הימלער האָט גערופן לינדנערן קיין בערלין. און מיר האָבן אַוודאי און אַוודאי געזען אין דעם אַ נס. אַלנפאַלס, ביז אונדזער אָפּמאַרשירן צום „טויטן־מאַרש" האָט מען נאָך אַלץ געקענט קויפן פאַר אַ פּאָרציע ברויט אַ שטיק לעדער פון דעם טראַנסמיסיע־פּאַס צו פאַרריכטן די זוילן פון די צעריסענע שיך.

## אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג אין לאַגער בונצלאַו

ס'איז געווען חנוכה־צייט. עטלעכע טעג איז געפאַלן אַ געדיכטער שניי און אַלץ באַדעקט. דערנאָך איז געקומען אַ פראָסט, וואָס האָט פון אונדז לאַגערניקעס אַרויסגעצויגן דאָס לעצטע ביסל חיות. אויסגעפרוירענע און טויט־מידע פון דער אַרבעט זענען מיר צוריקגעקומען אין לאַגער אַריין. נאָכן אַפּעל, נאָכן אָפּשטיין אַ שעה צייט אויפן פראָסט ביז אַלע קאָלאָנעס האָבן אַריינמאַרשירט און מען האָט אונדז געציילט, זענען מיר אַריין אין די באַראַקן, זיך געוואַשן און געשטעלט זיך אין דער ריי צו נעמען די פּאָרציע ברויט און די זופּ. אָפּגעגעסן די מאָגערע זופּ, זענען מיר, אַ גרופּע חברים, געזעסן און זיך דערמאָנט חנוכה־צייט אין דער היים. די חנוכה־ליכטלעך, דאָס עסן לאַטקעס, פּאָנטשקעס, גריוון פון אויסגעלאָזענעם גענדזן־שמאַלץ אויף פּסח, און דאָס שפּילן אין קוויטלעך — געווען אַ לעבן! און איצט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין שטעטל! די פּאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס, צוזאַמענפאָרן, רעפעראַטן, קונסט־אויסשטעלונגען, טעאַטער און אויך אונדזערע אייגענע דראַמקרייזן. געווען צייטן...

„חברה", איז מיר איינגעפאַלן, „פאַר וואָס זאָלן מיר דעם איצטיקן חנוכה נישט שפּילן טעאַטער? טאַקע דאָ אין לאַגער".

די חברים האָבן אויף מיר געקוקט און נישט באַנומען, וואָס איך האָב געזאָגט. האָב איך איבערגעחזרט:

„חברה, ווער פון אייך וויל מיר צוהעלפן אָרגאַניזירן אויף חנוכּה אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג?"

„וואָס? דאָ אין לאַגער? ייִדיש טעאַטער?"

„פאַר וואָס נישט?" האָב איך געפרעגט.

אַלע האָבן אויף מיר געקוקט מיט שטוינונג. צי מאַך איך אַ וויץ, אָדער איך בין נישט ביי די קלאָרע געדאַנקען.

„ערשטנס", האָט זיך איינער אָפּגערופן, „ווער וועט אייך דערלויבן שפּילן טעאַטער? צווייטנס, אויב יאָ, פון וואַנען וועט איר נעמען אַזאַ טעאַטער־שטיק, איך מיין אַ פּיעסע צו שפּילן?"

„מען וועט שוין מאַכן", האָב איך פאַרזיכערט. „ווער מעלדעט זיך פרייוויליק מיר מיטצוהעלפן אָרגאַניזירן און ווער וויל מיטשפּילן?"

כּמעט אַלע האָבן זיך געמאָלדן מיר מיטצוהעלפן אָרגאַניזירן און אויך שפּילן. איך בין אויפגעשטאַנען און אַוועק צום יודענעלטסטן און אים געזאָגט:

„איר ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ טעאַטער־רעזשיסער, וויל איך אָרגאַניזירן לכּבוד חנוכּה אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג".

„וואָס ווילט איר מאַכן?" האָט ער געפרעגט מיט שטוינונג.

„אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג לכּבוד חנוכּה".

ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן ווי אויף אַ משוגענעם:

„איר מיינט עס ערנסט, אָדער איר מאַכט זיך אַ געלעכטער מיט מיר? טראָגט זיך אָפּ און פאַרדרייט מיר נישט קיין קאָפּ, איך האָב אַנדערע דאגות".

„ניין", האָב איך געזאָגט, „איך וויל באמת מאַכן אַ פאָרשטעלונג אויף חנוכּה".

„וואָס מיינט איר?" האָט דער יודענעלטסטער געפרעגט, „איר זייט אין דער בענדינער ‚מוזע', אָדער אין דער סאָסנאָוויצער ‚לירע', וואָס איר ווילט שפּילן טעאַטער? איר פאַרגעסט, אַז איר געפינט זיך אין אַ „יודען־צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגער"; דער לאַגער־קאָמענדאַנט קען אייך געבן אַ טעאַטער, אַז איר וועט האָבן צו געדענקען. ער איז עלול צו שיקן אַ מעלדונג קיין בערלין, בין איך מאָרגן אויס יודענעלטסטער און גיי צו שטראָף־אַרבעט און אייך פאַרשיקט מען ווער ווייסט ווו. לאָזט אָפּ מיט אייערע נאַרישקייטן, אויב איר ווילט נישט אָנטאָן דעם לאַגער קיין צרות".

„איך פאַרזיכער, יודענעלטסטער, ס'וועט אייך גאָרנישט געשען. איך האָב אַן אידעע: גייט צום לאַגער־קאָמענדאַנט און זאָגט אים, אַז אַזוי ווי

ס׳גייט איצט צו ווײַנאַכטן, בעט איר אים, ער זאָל דערלויבן צוגרייטן אַ קליינע ווײַנאַכטס־פֿייערונג מיט אַ ביסל געזאַנג און אונטערהאַלטונג און זאָגט אים, אַז די אָפּוועקסלונג, וועט לויט אייער מיינונג, ווירקן זייער גוט אויף די לייט. פּראָבירט. וואָס אַרט אײַך ?״

דער יודענעלטסטער האָט זיך פֿאַרטראַכט און איז אַוועק צום לאַגער־קאָמענדאַנט, זיך געזוימט אַ שטיקל צײַט און צוריקגעקומען.

„ער האָט דערלויבט״, האָט ער מיר אָנגעזאָגט די בשׂורה, „אָבער נישט מער ווי צוויי שעה. ווײַ וועט זײַן צו אונדז, אויב עס וועט קומען פֿון דער ‚ווישטעלע׳ אַ ‚בעשווערדע׳, אַז די ייִדן אַרבעטן נישט ווי געהעריק״.

איך האָב באַרויִקט דעם יודענעלטסטן ער זאָל זיך פֿאַר דעם נישט שרעקן. ס׳וועט סײַ ווי זײַן דאָס זעלבע, צי מיר וועלן יאָ שפּילן טעאַטער, צי מיר וועלן נישט שפּילן טעאַטער. איז שוין בעסער, אַז מיר וועלן יאָ שפּילן טעאַטער. איך האָב זיך גענומען צו אָרגאַניזירן די טעאַטער־פֿאָר־שטעלונג און מאַכן פּראָבן. גלײַכצײַטיק האָט מיך דער יודענעלטסטער געמאַכט פֿאַר אַ קאָלאָנענעלטסטער, כּדי איך זאָל זיך קענען אין לאַגער אַ ביסל מער באַוועגן, די שומרים זאָלן זיך נישט טשעפּען צו מיר.

איך האָב גוט געדענקט דעם ערשטן אַקט פֿון „גואל״, אַ משיחיש שטיק פֿון עמיל בערנהאַרדט, נאָך פֿון די פּראָבן אין דער ייִדישער טעאַטער־סטודיע אין בערלין 1927—1933 אונטער דער רעזשי פֿון צבי פֿרידלאַנד פֿון „הבימה״. צבי פֿרידלאַנד האָט דעמאָלט באַאַרבעט מיט דער סטודיע נאָר איין אַקט, ווײַל ער איז אָפּגעפֿאָרן מיט דער „הבימה״ קיין ארץ־ישׂראל. קורץ פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָב איך מיט דעם סאָסנאָוויצער דראַמקרײַז „לירע״ אויפֿגעפֿירט אין שטאָט־טעאַטער אַלע דרײַ אַקטן פֿון „גואל״ אַזוי, אַז איך האָב נאָך פֿריש געדענקט דעם גאַנצן ערשטן אַקט פֿון אויסנווייניק. אין דער בענדינער „מוזע״ האָב איך אויך רעזשיסירט אַחוץ גרויסע פֿאָרשטעלונגען, אויך „קליינקונסט״ און האָב דעריבער געדענקט פֿון אויסנווייניק אייניקע סצענעס, ווי למשל: „דער שבת־גוי״ פֿון פּרץ, „20 דאָלאַר״ פֿון משה נאַדיר און אייניקע סצענעס האָב איך פֿאַר דער דאָזי־קער פֿאָרשטעלונג אַליין געשריבן און אויסצעניזירט אויך מיט ייִדישע פֿאָלקס־לידער.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַרבעט פֿון צוגרייטן זיך צום יום־טוב חנוכּה. אַ חבר האָט אין געהיים געבויט אויף דער „בוישטעלע״ אַ חנוכּה־לאָמפּ און פֿראַגמענטנווײַז אַרײַנגעשמוגלט אין לאַגער און דאָרט זי צונויפֿ־מענגעשטעלט. אַ צווייטער האָט „אָרגאַניזירט״ אייל פֿאַר די קנײַטלעך פֿון חנוכּה־לאָמפּ, אַ דריטער האָט „אָרגאַניזירט״ קרייד, ווי רויט, בלוי, געל.

אויף צו מאַכן בערד — גלאַזוואַל, און חיים וואַלנערמאַן, וועלכער האָט געאַרבעט אַלס סאַניטאַר אויף דער „קראַנקען־שטובע" האָט אונדז געבראַכט וואַטע. יעדן אָוונט, טויט־מידע נאָך דער שווערער אַרבעט און אַפּעלן, האָבן מיר שטילערהייט געמאַכט פּראָבן.

איך דערמאָן זיך אייניקע חברים, וועלכע האָבן מיטגעשפּילט אין דער דאָזיקער פאָרשטעלונג: יצחק קאַץ, דאַטנער, אַפּאַטאָווסקי (אַלע היינט אין ישׂראל), יוסף שוואַרץ (היינט אין העסישן ראַדיאָ — פראַנקפורטביים מיין), מענדל בוטניק, יצחק זילבערניק, אליעזר וואַלקאָוויטש (היינט אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן), קורט נעבל ז״ל (אין אַ מונדיר פון אַן עס־עס־מאַן האָט ער זיך אַרויסגעגנבעט פון לאַגער. ער האָט געוואָלט וויסן ווהין מען פירט די וואַגאָנען מיט ייִדן. די נאַציס האָבן אים געכאַפּט און דערשאָסן), שלמה גוטמאַן ז״ל (געשטאָרבן אין נאָרוועגיע) און נאָך אַנדערע וועמענס נעמען איך געדענק ליידער נישט. אַגב, האָבן יצחק קאַץ, מענדל בוטניק, אליעזר וואַלקאָוויטש, יוסף שוואַרץ, יצחק זילבערניק און שלמה גוטמאַן ז״ל אויך נאָך דער באַפרייונג מיטגעשפּילט אין בערגען־בעלזענער „קאַצעט־טעאַטער".

אין בערגען־בעלזענער „קאַצעט־טעאַטער" האָבן שפּעטער אויך מיט־געשפּילט: בערל פרידלער (היינט אין הרצליה), בעריש פּיענקי (היינט אין ניו־יאָרק) און בעניעק גיטלער ז״ל. זיי אַלע האָבן אין דער בענדינער „מוזע" געשפּילט אין דער „היטלעריאַדע".

אין דער דערוואַרטונג פון דעם חנוכּה־יום־טוב און פון דער טעאַטער־פאָרשטעלונג איז די שפּאַנונג אין לאַגער געווען זייער גרויס. אין גרעסטן באַראַק האָבן מיר צערוקט די קויקעס, געמאַכט אַ בינע און פון צוויי קאַצן — אַ פאָרהאַנג. איך האָב די שוישפּילער געשמינקט מיט סאַזשעס פון אויוון און מיט קרייד פון פאַרשידענע פאַרבן. די בערד אַנגעקלעפּט פון גלאַזוואַל און וואַטע.

דער „גואל" איז אַ משיחישע פּיעסע: אין שטעטל איז אַ פּאָגראָם. די ייִדן באַהאַלטן זיך אויס אין דער שול, בעטן צו גאָט און זאָגן תּהילים. קומט איינער אַ פרעמדער און גיט זיך אויס פאַר משיחן, אין דער צרה זעט דאָס שטעטל אין אים דעם אויסלייזער. צום סוף ווערן די ייִדן ביטער אַנטוישט פונעם פאַלשן משיח.

איך האָב אויפגעפירט דעם ערשטן אַקט און אים געמאַכט ווי אַ זאַך פאַר זיך. צום סוף פונעם אַקט האָב איך צוגעגעבן די ווערטער: „ייִדן, האַלט זיך, משיח מוז און וועט קומען!"

נאָך דער באַפרייונג, אין בערגען־בעלזען, ווען איך האָב אויפגעפירט דעם זעלבן אַקט מיט אַ גרויסן טייל פון די זעלבע חברים, וואָס האָבן

געשפּילט אין בונצלאַו, האָב איך צום סוף פונעם אַקט אַרויפגעבראַכט אויף דער בינע קעמפנדיקע פּאַרטיזאַנער מיט געווער אין די הענט. זיי זאָגן: „אויסלייזן מוזט איר זיך אַליין!" זיי זינגען דאָס ליד „ס'ברענט" פון מרדכי געבירטיג און צום סוף פון דער גאַנצער פאַרשטעלונג זינגען זיי דאָס ליד: „זאָג נישט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג" פון הירש גליק. (עס איז דעמאָלט געווען די צייט פון דער אומלעגאַלער עליה. די ענגלענדער האָבן געהאַט פאַרמאַכט די טויערן פון די לאַגערן און געהיט, אַז יידן זאָלן זיך נישט שמוגלען קיין ארץ־ישראל).

אין לאַגער זענען אַלע אַסירים זיך צוזאַמענגעקומען אין גרויסן באַראַק און עס איז אונדז אויך געלונגען אַריינצוברענגען צו דער פאַרשטעלונג די מיידלעך, וועלכע האָבן געאַרבעט אין קיך. אין דעם מאָמענט ווען איך האָב געהאַלטן ביים געבן אַ צייכן צום אָנהייבן, האָב איך געהערט אַ גערודער אין „זאַל". דורכן שפּאַלט פון „פאָרהאַנג" האָב איך דערזען דעם לאַגער־קאָמענדאַנט. לכתחילה איז מיר שלעכט געוואָרן, אָבער איך האָב זיך באַלד באַהערשט און בין אַרויס פאַרן פאָרהאַנג און אָנגעהויבן:

„קאַמעראַדן, אונדזער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט אונדז ערלאַובט צוויי שטונדען דאָס ווייַנאַכטס־פעסט צו פייערן, אונד דער יודענעלטסטער האַט דען לאַגער־קאָמענדאַנט פערשפּראָכן, דאָס קיינע בשוועררדן זיין ווערדען". איך האָב גערעדט און גערעדט... און אָט האָב איך באַמערקט ווי דער לאַגער־קאָמענדאַנט גייט אַרויס פון באַראַק. איך האָב לייכטער אָפּגעאָטעמט און מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער חנוכּה־יום־טוב.

צו ערשט איז אַרויס אַ חבר און האָט אָנגעצונדן חנוכּה־ליכט און מיר האָבן אַלע געזונגען צוזאַמען „מעוז צור" און די פאַרשטעלונג האָט זיך אָנגעהויבן.

אין מיין גאַנצער טעאַטער־קאַריערע, נישט ביי מיר און נישט אין קיין שום אַנדער טעאַטער, האָב איך געזען אַזאַ איבערגעגעבן און באַגייסטערט פּובליקום.

די מענטשן זענען געזעסן אָנגעשפּאַנט און זיך געפרייט ווי קליינע קינדער, געפּאַטשט מיט די הענט און געטופּעט מיט די פיס אַז איך האָב מורא געהאַט די וואַך־פּאָסטנס זאָלן נישט דערהערן דעם גרויסן גערודער און צעשטערן אונדזער גאַנצע טעאַטער־אויפפירונג.

פאַרן געבן זיי אין דער דאָזיקער ביטערער צייט אין לאַגער אַזאַ חנוכּה־יום־טוב און אַזאַ פאַרשטעלונג האָבן די קאַצעטלער אָוועקגעגעבן די „אַקטיאָרן" דאָס בעסטע און טייערסטע וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט — ציגאַ־רעטן, פּאַרציעס ברויט, קאַרטאָפל. צום סוף האָט דאָס דאַנקבאַרע פּאַטשן

מיט די הענט נישט געוואָלט אויפהערן, ווי מיט דעם וואָלטן זיי געוואָלט פאַרלענגערן דעם צוויי־שעהדיקן יום־טוב אויף נאָך אַ ווײַלע.

נאָך דער באַפרייונג האָב איך ספּעציעל געגעבן דעם ערשטן אַקט פון „גואל" אין בערגען־בעלזענער „קאַצעט־טעאַטער" צום אָנדענק פון דער פאַרשטעלונג אין היטלערס „צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגער". ווען דאָס „קאַצעט־טעאַטער" האָט געשפּילט אין פּאַריז אין דעם „סאַראַ בערנהאַרדט־טעאַטער", איז מאָריס שוואַרץ פונעם אַמעריקאַנער יידישן קונסט־טעאַטער געווען אויף דער פאַרשטעלונג. בעת דער פּויזע איז ער געקומען צו מיר אין גאַרדעראָב און געזאָגט: „אַ פיינע אויפפירונג, אָבער וואָס פאַר אַ כאַראַקטעריזאַציע איז עס, וואָס סאַראַ בערד? דאָס ערשט מאָל זע איך אַזאַ כאַראַקטעריזאַציע און אַזעלכע בערד".

איך האָב אים געענטפערט מיט איין וואָרט: „קאַצעטישע".

## בענקשאַפט

ביים האַרטן, געפּייניקטן לעבן אין קאַצעט, האָבן מיר געחלומט און געבענקט צו אונדזערע היימען, ווי זיי זענען געווען אין די שטעטלעך פאַר דער מלחמה. נאָך אַ טאָג פון עבודת־פרך אין דעם אומהיימלעכן באַראַק, האָבן מיר זיך צוזאַמענגעקליבן, און יעדער איינער האָט דערציילט וועגן זיין לעבן אין די פריערדיקע צייטן אין דער היים — אין דער היים, וואָס צווישן די באַראַק־ווענט האָט זי אויסגעזען ווי זי וואָלט אַמאָל געווען נישט קיין ווירקלעכקייט, דערוויטערט אויף אומענדלעכע מרחקים. און די בענקשאַפט צו דער היים האָט ווי געטאָן, פאַרקלעמט דאָס האַרץ און געשטיקט אין האַלדז אַזוי אַז ביי דעם און יענעם איז פאַרשטיקט געוואָרן דאָס לשון. אַנשטאָט צו רעדן האָט ער געביסן די ליפּן.

אין איינעם אַן אָוונט, ווען מיר האָבן צוגעגרייט אַ געהיימע פאַרשטעלונג לכבוד אַ יידישן יום־טוב, זענען מיר אַרויפגעקומען צו שמועסן וועגן דער היים. האָט זיך אָפּגערופן איינער פון דער גרופּע, בעניעק גיטלער:

„חבר פעדער, צי וועלן מיר נאָך אַ מאָל זוכה זיין אונטער אייער רעזשי צו שפּילן יידיש טעאַטער אויף דער פריי, ווי מיר האָבן געשפּילט אין דער בענדינער ,מוזע'?"

בעניעק גיטלער איז געווען אַן ערשטקלאַסיקער טראָמפּעט־שפּילער; אַ געוועזענער מיטגליד אינעם אָרקעסטער פון דער געזעלשאַפט „מוזע"

אין בענדין, ווו איך בין אַ צייט געווען דער רעזשיסער פונעם דאָרטיקן דראַמקרייז. אויף דער פראַגע פון בעניעקן האָב איך אים געענטפערט:

„אויב מען וועט אונדז נישט אויסהרגענען — יאָ, וועלן מיר נאָך שפּילן טעאַטער אויף דער פריי". די אויגן ביי דער חברה האָבן זיך צעפינקלט און איך האָב ממשיך געווען מיט באַגייסטערונג: „איר וועט זען, חברה, אין בענדין וועט נאָך שטיין אַ גרויסע געביידע, אַ יידיש טעאַטער. אויף דער געביידע וועט זיין אויפגעשריבן מיט גאָלדענע אותיות: „בענדינער יידיש טעאַטער ,מוזע' ". מיין אייגענע באַגייסטערונג איז געשטיגן פון רגע צו רגע און איך האָב אויסגערופן: „חברה, איך זאָג אייך צו, איך שווער אייך, אַז איך וועל אייך פירן איבער די גרעסטע שטעט אין דער וועלט, ווו נאָר עס געפינען זיך יידן און דאָרט וועלן מיר שפּילן יידיש טעאַטער".

פון מיין באַגייסטערונג האָט זיך אָנגעשטעקט יוסף שוואַרץ און ער האָט מיר געפרעגט:

„חבר פעדער, וועט איר אויך מיך מיטנעמען? איך בין נישט קיין מוזיקער און נישט קיין אַקטיאָר".

„אַוודאי וועל איך דיך מיטנעמען", האָב איך אים פאַרזיכערט, „איך וועל דיך מאַכן פאַר אַן אינספּיציענט".

„וואָס אַזעלכס איז אַן אינספּיציענט?" האָט שוואַרץ געפרעגט.

כ'האָב אים דערקלערט, אַז אינספּיציענט איז דער וואָס בעת דער פאָר־שטעלונג איז ער פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר, אַז טעכניש זאָל אַלץ צוגע־גרייט ווערן אויף דער בינע און יעדער פּרט פונעם רעקוויזיט וואָס איז נויטיק צו דער פאָרשטעלונג זאָל זיך געפינען אויף זיין פּלאַץ און ער היט אויך אַז דער שוישפּילער זאָל זיין גרייט אויפצוטרעטן אויף דער בינע. מיט איין וואָרט: דער אינספּיציענט איז דער אייגנטלעכער הערשער איבער דער בינע בעת דער פאָרשטעלונג.

בעת די מלחמה האָט אויסגעבראָכן איז יוסף שוואַרץ אַלט געווען זיבעצן יאָר. אין דער אויסזידלונג פון סאָסנאָוויץ האָט ער פאַרלוירן כמעט זיין גאַנצע משפּחה. נאָך דעם ווי איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז איך וועל פון אים מאַכן אַן אינספּיציענט, האָט ער זיך צו מיר צוגעבונדן ווי אַ יינגערער ברודער. שפּעטער איז אויך ער געגאַנגען אינעם „טויטנמאַרש" ביז בערגען־בעלזען, ווו מיר זענען באַפרייט געוואָרן דעם 15טן אַפּריל 1945.

איין מאָל, ס'איז געווען אַ צוויי־דריי טעג נאָך דער באַפרייונג — אין אָט דער צייט זענען טאָג־טעגלעך געשטאָרבן הונדערטער מענטשן פון הונגער, טיפוס און אויסגעפּייניקטקייט, און אַ סך זענען געשטאָרבן פון עסן קאָנסערוון, וואָס זיי האָבן „אָרגאַניזירט" פון די באַראַקן ווו פריִער זענען

געווען איינלאַקירט עס־עס — איז צו מיר אין צימער אַריינגעקומען יוסף שוואַרץ. ער האָט מיר געוויזן, אַז ס׳איז אים געלונגען צו „אָרגאַניזירן" אַ פּושקע מיט קאָנסערווירטע פלייש און חזיר־שמאַלץ. מיט אַ צעבראָכענעם מעסער האָט ער אויפגעשניטן דאָס בלעך פון דער פּושקע, מיט צוויי פינגער אַרויסגעשלעפּט אַ שטיקל פלייש באַלייגט מיט שמאַלץ און עס דערנענטערט צו זיין מויל. איך בין אויפגעשפּרונגען און אים אַ קלאַפּ געטאָן אין דער האַנט. דאָס אַראָפּגעפאַלענע פלייש אויף דער ערד האָב איך צעטראָטן מיט מיינע שיך, אַרויסגעכאַפּט פון זיין צווייטער האַנט די פּושקע מיט די פלייש־קאָנסערוון און זי אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער.

שוואַרץ איז דערשיטערט געוואָרן פון מיין האַנדלונג און איז אַרויס מיט אַ היסטעריש געשריי און מיך אָנגעכאַפּט ביים האַלדז. פּלוצעם האָט ער באַפרייט מיין האַלדז און ווי אַ ייִנגל זיך צעוויינט:

„חבר פעדער, פאַר וואָס האָט איר מיר דאָס געטאָן?"

„כ׳האָב עס געטאָן כדי דו זאָלסט לעבן און ביי מיר שפילן טעאַטער, ווי איך האָב דיר צוגעזאָגט", האָב איך אים געזאָגט.

אויך אויפן צווייטן טאָג זענען געווען פרישע צענדליקער טויטע דערפון וואָס פונקט ווי שוואַרץ האָט געטאָן, האָבן זיי פון די געוועזענע עס־עס־באַראַקן „אָרגאַניזירט" פּושקעס מיט חזיר־פלייש און שמאַלץ און להוטע זיי אויסגעליידיקט. זייערע אָפּגעשוואַכטע מאָגנס און געדערעם זענען נישט מסוגל געווען צו פאַרדייען די מענגעס פעטס און די אומגליקלעכע זענען אויסגעגאַנגען אין קראַמפן.

שפּעטער איז יוסף שוואַרץ אַריין אין אונדזער טעאַטער־סטודיע, מיט־געשפּילט און געווען טעכנישער מיטאַרבעטער. ער איז מיטגעפאָרן מיטן „קאַצעט־טעאַטער" אויפן טורנעע קיין בעלגיע און פאַריז, וווּ מיר האָבן געשפּילט מיט דערפאָלג אין די אָנגעזעענסטע טעאַטער־געביידעס. נישט מחמת אונדזער שולד, נאָר מחמת דער שווערער קאָמוניקאַציע און אויך צוליב פּאָליטישע סיבות, האָבן מיר נישט געקענט ממשיך זיין אונדזער טורנעע קיין אַמעריקע, ענגלאַנד און ארץ־ישׂראל.

צום באַדויערן האָב איך אין פאַריז געמוזט אויפלייזן דאָס טעאַטער. איייניקע האָבן באַקומען אַפידייוויטס צו עמיגרירן קיין אַמעריקע, אַנדערע האָבן באַקומען סערטיפיקאַטן קיין ארץ־ישׂראל און די מערהייט איז צוריק־געפאָרן קיין בערגען־בעלזען.

יוסף שוואַרץ איז אין פאַריז קראַנק געוואָרן און אויך ער איז צוריק־געפאָרן קיין דייטשלאַנד וווּ ער איז אַ צייט געלעגן אין שפּיטאָל. דער „העסישער רונדפונק" האָט פון צייט צו צייט געגעבן קאָנצערטן אין דעם

זעלבן שפּיטאָל. שוואַרץ האָט דערציילט דעם אָנפירער פון דער מאַנשאַפט, אַז ער איז אַ שוישפּילער און אינספּיציענט אין „קאַצעט־טעאַטער" אין בערגען־בעלזען. ער האָט אים געוויזן זיין מיטגליד־קאַרטע און אים דער־ציילט, אַז צוליב געוויסע סיבות האָט דאָס טעאַטער געמוזט זיך אויפלייזן. דער אָנפירער פון דער מאַנשאַפט האָט אים געפרעגט, צי ער וואָלט גרייט געווען מיטצואַרבעטן מיט דעם „העסישן רונדפונק". ער איז מסכים געווען. אין יענער צייט איז דער ראַדיאָ געשטאַנען אונטער דער אַמעריקאַנער מיליטערישער אויפזיכט און דירעקציע.

נאָך דעם ווי יוסף שוואַרץ איז געזונט געוואָרן, איז ער אַוועק קיין פראַנקפורט ביים מייַן און אַריין אין „העסישן רונדפונק" אַרבעטן ווי אַן אינספּיציענט. שפּעטער איז ער געשיקט געוואָרן צו וויטערדיקער אויס־בילדונג אין שולן פאַר קונסט און ראַדיאָ־טעכניק. היינט איז ער אָנפירער פון אויפנאַמעס און ער איז דער איינציקער ייִד אין „העסישן רונדפונק" אין פראַנקפורט. ער באַזוכט פון צייט צו צייט ישׂראל און האָט אויך פאַר־בינדונגען מיט דער ראַדיאָ פון ישׂראל.

פאַראַן אַ ייִדיש פאָלקס־מעשׂהלע:

געווען אַמאָל אַ ייִדישער אָרעמער שוסטער אַ מטופּל מיט קינדער. אָרעם, קיין ברויט אין שטוב איז נישטאָ, האָבן די קינדער געוויינט: „עסן!" האָט דער שוסטער געזאָגט צו די קינדער: „זעט, אָט פאַרריכט איך די שיך פון דעם שטעטלשן גביר. אַז איך וועל פאַרטיק ווערן מיט די שיך, וועל איך באַקומען אַ מטמון מיט געלט, וועט די מאַמע קויפן ברויט און נאַשוואַרג און איך וועל אייך קויפן אַ קאַטש. אַ שיינע קאַטש. אַ פריצישע קאַטש, אָט אַזאַ" — און ער האָט צוזאַמענגערוקט אַלע שוסטערשע בענקלעך אַרום זיין בידעריקן וואַרשטאַט און אויף זיי אויסגעזעצט זיינע קינדערלעך. „איר זעט, קינדערלעך, די שיינע קאַטש? דו, חנהלע, זעץ זיך דאָ, און דו, מאָטעלע, זעץ זיך דאָ, און דו, יענטעלע, זעץ זיך דאָ, וועסט זיצן נעבן דער מאַמעשי". האָט זיך דאָס עלטסטע ייִנגל אויסגעביטן ווו ער וויל זיצן אין דעם קאַטש. האָט דער טאַטע אויסגעשגצט דעם זון, הלמאי ער פּאָלגט נישט דעם טאַטן און צו אים אַ געשריי געטאָן: „אַראָפּ פון דער קאַטש, דו שגץ איינער!"

מיר, אין קאַצעט, האָבן אויפן שטייגער פון דעם אָרעמען ייִדישן שוס־טער אין דעם מעשׂהלע זיך אויסגעחלומט אַ טעאַטער־קאַטש אויף דער פריי, מיט אַקטיאָרן און אינסציפּיענטן, מיט דעקאָראַציעס און רעקוויזיט, און

יוסף שוואַרץ, אין זיינע קאַצעט־קליידער, האָט געפרעגט: „און מיך, חבר פעדער, וועט איר אויך מיטנעמען? כ׳בין נישט קיין מוזיקער און נישט קיין שוישפּילער...“

## אַ בריליאַנט פאַר אַ ביסל זופּ

עס האָט שוין געטונקלט ווען מיר האָבן צוריקמאַרשירט צום לאַגער. ס׳איז געווען נאָך אַ טאָג פון שווערער אַרבעט און פּייניקונגען. ס׳איז פּלוצעם אַראָפּ אַ גאָס רעגן, מיט בליצן און דונערן וואָס האָבן צעשניטן דעם הימל און פאַרטויבט. דער רעגן האָט געפּאַטשט, געשניטן און געשטאָכן אונדזערע פּנימער. די מענטשן האָבן זיך איינגעשרומפּן, זיך געטוליעט איינער צום אַנדערן. אונדזערע היטערס האָבן געוואָיעט און אונדז דערלאַנגט מיט זייערע שטעקנס. אונדזערע „פּאַשאַקעס“ האָבן געקלעפּט צו די לייבער און געווען דורכגעווייקט. אַזוי פּלוצעם ווי עס האָט אָנגעהויבן רעגענען, אַזוי האָט ער אויפגעהערט.

אין אונדזער שטוב זענען געווען צען דאָפּלטע קויקעס. איין קויקע אויף דער צווייטער — צוואַנציק מאָן אין דער שטוב — צוואַנציק קויקעס. עס זענען אויך געווען שטובן מיט פערציק, זעכציק און אַפילו הונדערט געלע־גערס. בעת מיר זענען אַריין אין אונדזער שטוב האָבן מיר געזען, אַז ס׳איז אָנגעקומען אַ נייער טראַנספּאָרט מענטשן.

אונדזער לאַגער וואָס איז מיט אַ צייט צוריק געווען אַן אַרבעטס־לאַגער פאַר ייִדן, איז לעצטנס געוואָרן אַ קאַצעט, אין וועלכן ס׳זענען אויך געווען נישט ייִדן: פּאָליאַקן, אוקראַיִנער, טשעכן און אַנדערע. דער נייער טראַנס־פּאָרט וואָס איז אָנגעקומען איז באַשטאַנען פון בלויז ייִדן.

די ניי־געקומענע האָבן אויסגעזען גוט — גרויסשטאָטיש. זיי זענען געזעסן צוזאַמען, דערשראָקענע און אומבאַהאָלפענע. ווען מיר זענען אַריינ־געקומען האָבן זיי זיך אויפגעשטעלט און יעדער פון זיי איז צוגעגאַנגען צו דער פריִער אָנגעוויזענער קויקע. אויך צו מיין טאָפּלטער קויקע איז איינער צוגעקומען און זיך אַוועקגעזעצט. ער איז געווען אין די מיטעלע יאָרן. מען האָט געזען, אַז ער האָט געהאַט גוטע צייטן; דער „פּאַשאַק“, די געשטרייפטע יאַקע, איז געווען אַ ביסל צו ענג אויף אים און די הויזן אַ ביסל צו קורץ. מיר האָבן זיך ביידע אָנגעקוקט און זיך באַגריסט. דער

ייִד האָט געוואָלט עפּעס פרעגן, נאָר ער האָט באַמערקט אַז איך אײַל זיך שטאַרק, איז ער געזעסן, געשוויגן און געקוקט וואָס איך טו. איך בין געלאָפן אין וואַש־באַראַק. צוריקגעקומען, איז דער ייִד נאָך אַלץ געזעסן אויף דער קויקע נישט רירנדיק זיך און געקוקט אויף מיר. אויך איך בין געווען נייגעריק און זיך געוואָלט דערוויסן ווער ער איז און פון וואַנען ער קומט. אָבער מען האָט גערופן: „עסן־האָלען!” האָב איך געכאַפּט מײַן בלעכענעם טעלער און בין אַרויס.

צוריקקומענדיק האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויף מײַן בעט און אָנגעהויבן עסן די וואַרעמע זופּ פון גרינער פּאָקשיווע. איך האָב געהאַט מזל — עס זענען געווען אין איר אייניקע שטיקלעך קאַרטאָפל.

דער ייִד, וואָס איז געוואָרן אַ שותף צום טאָפּל־געלעגער האָט געוואַרט כּדי מיט מיר צו שמועסן. פּלוצעם האָט מען געגומען רופן אַז אַלע נײַ־געקומענע זאָלן זיך שטעלן צו נעמען עסן. דער ייִד איז געזעסן און זיך נישט גערירט. האָב איך געזאָגט צו אים: „חבר, גייט אַרויס צו דער קיך, דאָרט וועט איר באַקומען אַ טעלער מיט אַ לעפל און נעמען זופּ, אַ פּאָרציע ברויט מיט מאַרגאַרין, איר זאָלט האָבן אויף מאָרגן מיטצונעמען צו דער אַרבעט”. דער ייִד האָט מיר געענטפערט אַז ער וויל נישט עסן, ער איז נישט הונגעריק, כאָטש ער האָט אַ גאַנצן טאָג גאָרנישט געגעסן.

האָב איך אים געזאָגט: „טוט נישט קיין נאַרישקייטן. דאָ איז אַ קאַצעט. גייט, גייט שנעלער אַרויס און שטעלט זיך אין דער ריי צו באַקומען אַ טעלער. דעם טעלער מיטן לעפל זאָלט איר גוט היטן, מען זאָל זיי אײַך נישט צוגנבֿענען, אַנדערש וועט איר נישט האָבן אין וואָס צו עסן. גייט, נעמט די זופּ מיטן שטיקל ברויט און מאַרגאַרין”. דער ייִד האָט מיט פּאַרטערערטע אויגן מיך אָנגעקוקט און איז אַרויס.

איך האָב אַראָפּגעצויגן מײַנע בגדים און זיי אויפגעהאָנגען צום טרײַקענען. דאָס זעלבע האָבן אויך געטאָן מײַנע מיטווױנער פון דער שטוב, וואָס האָט איצט אויסגעזען ווי אַ מרחץ. אַלע האָבן זיך אַרומגעדרייט נאַקעטע אָדער געלעגן אויף די קויקעס. דערווײַל זענען צוריקגעקומען די נײַע מיט זייערע טעלערס זופּ און מיט די פּאָרציעס ברויט.

דער ייִד האָט אַוועקגעשטעלט דעם טעלער זופּ, אַוועקגעלייגט דאָס שטיקל ברויט און צו מיר געווונקען, פרעגנדיק צי איך וויל עסן. אַ פראַגע, צי איך וויל? אַוודאי וואָלט איך געוואָלט אַ מאָל זיך אָנעסן צו דער זעט. אָבער איך האָב געקעמפט מיט זיך און געזאָגט: „ר׳ ייִד, וואָס טוט איר? איר וועט ביי דער שווערער אַרבעט, אָן עסן, לאַנג נישט אויסהאַלטן, עטלעכע טעג און איר וועט ווערן אַ מוזולמאַן”.

מיר ביידע, דער ייִד און איך, האָבן געהאַט די קויקעס נומער דריי און פיר. מיין קויקע איז געווען נומער דריי און פון דעם נייעם — נומער פיר. מיין שכן, קלמן, פון דער קויקע פינף, האָט זיך צוגעהערט צו אונדזער געשפּרעך. קלמן, וואָס מיר האָבן אים גערופן „קאַראַל", איז געווען אַ קליי־נער, אַ פלינקער, אַ קלוגער און פיפיקער חברה־מאַן. האָט זיך מיט אַלע אויסגעקאָכט, ליב געהאַט צו טאָן אַ חבר אַ טובה. אָט דער שכן מיינער, קאַראַל, האָט זיך אָפּגערופן צו דעם ניי־געקומענעם:

„חבר, איך פאַרשטיי, אַז איר ווילט נישט עסן די זופּ. אויך איך, ווען איך בין געקומען אין לאַגער, האָב איך אין די ערשטע טעג נישט געוואָלט און נישט געקאָנט עסן די זופּן. שפּעטער האָב איך זיך געבעטן נאָך אַ ביסעלע און נישט באַקומען".

דער ייִד איז געזעסן און מיט פאַרטרערטע אויגן געקוקט אויף אונדז און געזאָגט:

„וואָס איז איצט דאָס עסן וויכטיק אַז איך ווייס נישט וואָס מיט מיין פרוי און קינדער איז געשען און זיי ווייסן נישט וואָס מיט מיר איז געשען".

קאַראַל איז אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צום נייעם חבר, אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זיין אַקסל און געזאָגט:

„איך פאַרשטיי זייער גוט פאַר וואָס איר קאָנט איצט נישט עסן די זופּ, אָבער עסן מוזט איר. נעמט איך מיין ברויט און גיט מיר אייער זופּ". קאַראַל האָט אָוועקגעלייגט זיין פּאַרציע ברויט וואָס ער האָט דעם אָוונט באַקומען. דער ייִד האָט אויף אים געקוקט און געענטפערט:

„איך וויל נישט אָוועקנעמען אייער שטיקל ברויט".

„מיר", האָט קאַראַל געענטפערט, „נעמט איר גאַרנישט אָוועק, איר גיט מיר דערפאַר אייער זופּ. ברויט וועל איך מיר שוין ערגעץ ווי ,אָרגאַניזירן' און אויב נישט בין איך שוין צוגעוווינט צו דעם. מען וועט אויסהאַלטן".

קאַראַל האָט גענומען דעם טעלער זופּ, זיך אָוועקגעזעצט אויף מיין קויקע און געזאָגט:

„זאַמי, נעם דעם לעפל!" און מיר ביידע האָבן מיט הנאה בשותפות געלעפלט די זופּ. בעת מיר האָבן געגעסן האָט דער ייִד אָנגעהויבן צו דערציילן זיין געשיכטע:

„איך הייס זשאַק, אייגנטלעך, יעקב", האָט ער זיך פאַר אונדז פאָר־געשטעלט און אויך מיר האָבן אים געזאָגט אונדזערע נעמען. „בעכטן", האָט דער ייִד האַלב פריידיק און האַלב טרויעריק צוגעגעבן, „בין איך נאָך געווען אין אַנטווערפּן". ער האָט געביסן די ליפּן און געשוויגן. זיינע אויגן, פול מיט טרערן, האָבן געקוקט מיט צער. זעט אויס זיך דערמאָנט אָן עפּעס

טייערס, וואָס איז נעכטן נאָך געווען אַזוי נאָענט און היינט איז עס אַזוי ווייט. אויך מיר האָבן לאַנגזאַמער געגעסן די זופּ און קוים געקאָנט זי אַראָפּשלינגען.

דער ייִד האָט ווייטער דערציילט:

„שטאַמען שטאַם איך אייגנטלעך פון קראָקע, גאַליציע, פון פוילן. נאָך אַלס קינד בין איך מיט מיינע עלטערן געקומען קיין בעלגיע, דאָרט האָב איך באַזוכט אַ שולע און אַ ישיבה. ווען איך בין אַלט געוואָרן פופצן יאָר, בין איך אַריין צו אונדזער אַ שכן אין זיין בריליאַנטן־שלייפעריי און דאָרט זיך אויסגעלערנט דאָס פאַך. שפּעטער, ווען איך האָב חתונה געהאַט, בין איך געוואָרן זעלבשטענדיק. עס איז מיר נישט שלעכט געגאַנגען. איך האָב יעדעס יאָר פאַרגרעסערט מיין שלייפעריי און בין געוואָרן אַן אָנגעזעענער מיטגליד אין דער בעלגישער בריליאַנטן־בערזע. מיט דער צייט זענען מיר געבוירן געוואָרן צוויי קינדער — אַ זון און אַ טאָכטער, צוויי טייערע קינדערלעך". טרערן זענען אים גערונען פון די אויגן. ער האָט אַרויסגע־נומען אַ טאַשנטיכל און זיי אָפּגעווישט. „נעכטן אין דער פרי, ווי אַלע מאָל, בין איך געגאַנגען אין מיין שלייפעריי, דאָרט גענומען דאָס פּעקעלע מיט געשליפענע בריליאַנטן און געגאַנגען צו דער בערזע. אַרויסגייענדיק פונעם הויז, געמאַכט בלויז אַ פּאָר שריט, זענען מיר אַנטקעגנגעקומען צוויי דייטשע מיליטער־לייט. זיי האָבן געפאָדערט איך זאָל זיך לעגיטימירן. כ'האָב זיי געוויזן מיין פּאַס. די דייטשן האָבן מיר צוגענומען דעם פּאַס און געהייסן איך זאָל מיטגיין מיט זיי. מיר זענען אָפּגעגאַנגען אַ הונדערט שריט. און אין אַ נעבן־גאַס איז געשטאַנען אַ פולער אויטאָבוס מיט נאָך געכאַפּטע מענטשן, מערסטנס ייִדן. דאָרט האָבן זיי מיך אַריינגעשטופּט אין אויטאָבוס און מען האָט אונדז צוגעפירט צו דער באַן, אַריינגעפּאַקט אין אַ וואַגאָן און אים פאַרשלאָסן. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די באַן האָט אָנגעהויבן פאָרן. פריִער האָב איך געבעטןביים דייטש, וואָס האָט אונדז געהיטן ביזן אַריינגיין אין וואַגאָן, ער זאָל מיר דערלויבן טעלעפאָנירן צו מיין פרוי, כּדי זי זאָל וויסן וואָס מיט מיר איז געשען. ער האָט מיר אָפּגעזאָגט דער־מיט, אַז אויך מיין פרוי וועט קומען אַהין. דערווייל איז אָנגעקומען אַ צוג פול מיט געכאַפּטע מענטשן און מען האָט אונדזער וואַגאָן צוגעטשעפּעט צום צוג, און נאָך אַ קורצער צייט וואַרטן האָט דער צוג אָנגעהויבן פאָרן. מיר זענען געפאָרן אַ גאַנצן טאָג און אַ נאַכט, אָן עסן און אָן טרינקען. היינט נאָך מיטאָג זענען מיר דאָ אַהערגעקומען און וווהין מען האָט די אַנדערע געפירט ווייס איך נישט".

מיר האָבן נישט געוווסט מיט וואָס דעם ייִד צו טרייסטן. זאָל מען אים

טרייסטן מיט פוסטע רייד, וואָס מיר אַליין גלויבן נישט אין זיי? האָבן מיר געשוויגן. דערווייל איז געקומען דער באַפעל: „ליכט אויס, אַללעס אין דען בעטטען!" מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן און פאַרלאָשן די ליכט און לאַנג, לאַנג האָט מען געהערט דאָס שטילע קרעכצן אויף די קויקעס און דאָס נאָך שטילערע שלוכצנדיקע וויינען, וואָס האָט צעריסן דאָס האַרץ. אַ סך פון אונדז האָבן באַהאַלטן די קעפּ אונטער דער דעקע, פאַרשטאָפּט די אויערן און געלעכצט וואָס שנעלער איינצושלאָפן, כדי צו אַנטלויפן פון דעם אַלעם. אַזוי איז יעדער פון אונדז געווען מיט זיינע געדאַנקען ביי די גייע וואָס זענען ערשט אָנגעקומען און נאָך נעכטן געווען אין דער היים. די ווערטער „אין דער היים", זענען פאַר אונדז געווען כישוף־ווערטער, פול מיט בענק־שאַפט; אַ טרוים אַזאַ, וואָס נאָגט אין האַרצן, אין מוח און אין אַלע אברים — סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט, סיי אויף דער וואָר, סיי אין חלום.

עס זענען אַוועק טעג און וואָכן, אַפילו חדשים. מיין שכן זשאַק איז דורך דער צייט היפש מאָגער געוואָרן און זיין „פּאַשאַק" איז שוין מער נישט געווען צו ענג, די יאַקע זיינע איז אויף זיין קערפּער אַרומגעשווומען.

איין מאָל אַן אָוונט איז זשאַק אַריינגעקומען פון דער קיך מיטן טעלער זופּ און אין איר, פּונקט אַזוי ווי מיר, געזוכט שטיקלעך קאַרטאָפל. ווען ער האָט געפונען עטלעכע שטיקלעך קאַרטאָפל האָט ער זיך דערפרייט, ווי ער וואָלט געוווּנען „דאָס גרויסע געווינס". ווען מען האָט פאַרטיילט די פּאַר־ציעס ברויט האָט ער ציטערנדיק געקוקט אויף זיי און נישט אַראָפּגעלאָזט דעם בליק פון די „אוצרות" וואָס דער פאַרטיילער האָט פאַרטיילט. ער האָט זיך דערפרייט ווען ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער האָט היינט געהאַט מזל — די פּאַרציע ברויט זיינע איז אַ גרעסערע.

אָט איז קאַראַל, מיין שכן פון בעט נומער פינף, אָנגעקומען מיט זיין טעלער זופּ אין וועלכער ס'האָט זיך געפונען אַ היפש ביסל קאַרטאָפל. מירביידע, זשאַק און איך, האָבן געגאַפט און געטראַכט: — אַ מענטש האָט דאָס אַ מזל! ווען מיר האָבן מיט אַ שטוינענדיק בליק געקוקט אויף זיין טעלער, האָט קאַראַל זיך צעלאַכט און געזאָגט: „האַ, חברה, איר שטוינט און טראַכט סאַראַ מזל איך האָב? ס'איז נישט קיין מזל", האָט ער שטילער־הייט צו אונדז געזאָגט און סודותדיק צוגעגעבן: „עס האָט געקאָסט צען ציגאַרעטן. ווי איר ווייסט איז יאַנעק דער פּאַליאַק, דער זופּן־פאַרטיילער, נישט קיין קליינער אַנטיסעמיט: ווען עס קומט צו אים אַ ייִד, טוט ער אַ שעפּ מיטן לעפל פון אויבן און קוים עס פאַלט אַריין אַ קאַרטאָפל אין דער

זופּ און אַ מאָל טאַקע דאָס אויך נישט. קומט אָבער צו אים אַ נישט־ייִד, אַן אַריער, שטופּט ער דעם לעפל טיפער אין קעסל און דער לעפל נעמט זיך אָן מיט קאַרטאָפל. וועגן דעם רעדן הויך, אָדער עפּעס זאָגן, טאָר מען נישט. דו קאָנסט באַקומען מיטן לעפל איבערן קאָפּ. איין מאָל ווען דער הונגער האָט מיך געפּייניקט משוגע צו ווערן, האָב איך גענומען צען ציגאַ־רעטן, וואָס איך האָב מיר געהאַט אָנגעזאַמלט, און געגאַנגען צו יאַנעקן און אים געזאָגט: טייערער יאַנעק, איך האָב צען ציגאַרעטן, נאַ, איך גיב זיי דיר און איך בעט דיך, ווען דו וועסט מיר געבן זופּ, טונק אַ ביסעלע טיפער דעם שעפּלעפל׳. יאַנעק האָט גענומען די צען ציגאַרעטן, געגעבן אַ שאָקל מיטן קאָפּ און אַ קוועטש מיט אַן אויג און די ציגאַרעטן אַריינגע־לייגט אין דער קעשענע. פון צייט צו צייט האָט ער טיפער אַריינגעשטעקט דעם שעפּלעפל און איך האָב באַקומען עטלעכע קאַרטאָפל״. קאַראָל האָט געשוויגן, געמישט די זופּ מיט די געציילטע שטיקלעך קאַרטאָפל און דאַן טרויעריק צוגעגעבן: „היינט, ווי איר זעט, האָט ער טיפער אַריינגעשטעקט דעם לעפל אין קעסל, אָבער ווי נעמט מען ציגאַרעטן? ער האָט מיך היינט שוין שאַרף אָנגעקוקט״.

פלוצעם האָט זיך זשאַק צו אונדז צוגעבויגן און שטיל געזעדט אַז אַנדערע זאָלן נישט הערן:

„הערט זיך צו, ווען מען האָט מיך אין אַנטווערפּן געכאַפּט, איז מיר געלונגען צו באַהאַלטן אַ ביסל בריליאַנטן־שטיינדלעך און דווקא פון די גרויסע שטיינער״. זשאַק האָט זיך צוגעבויגן צו קאַראָלן און אים אַריינגע־רוימט: „דאַ האָסטו אַ בריליאַנט פון צוויי קאַראַט, זעסט אַ שטיין?״ זשאַק האָט אַריינגעלייגט אין דער האַנט פון קאַראָלן דעם צוויי־קאַראַטיקן שטיין.

קאַראָל און איך זענען געזעסן פאַרגאַפט און באַוווּנדערט דעם פינק־לענדיקן שטיין וואָס האָט געוואַנדערט פון האַנט צו האַנט און געוואָרפן זיין בלוי־בליצנדיק פייער.

דעם צווייטן טאָג זענען מיר געשטאַנען איינער הינטערן צווייטן אין דער ריי צו נעמען די זופּ. צו ערשט איז געגאַנגען זשאַק, דערנאָך קאַראָל און איך נאָך אים. זשאַק, דער ערשטער, איז צוגעגאַנגען צום קעסל, מיר ביידע באַלד נאָך אים, כדי צו פאַרשטעלן די עיסקא קעגן אַ בייז אויג. זשאַק האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו יאַנעקן. יאַנעק האָט געקוקט אויף זיין האַנטפּלאַך, פלוצעם האָט ער זיך כּעסנדיק רויט־אָנגעצונדן און מיט דער צווייטער האַנט האָט ער אַ כאַפּ געטאָן דעם שטיין פון זיין האַנטפּלאַך, מיט אַ רציחהדיקן אויסגעשריי: „וואָס גיסטו מיר? אַ גלעזל גיסטו מיר? דו הורן־זון!״ און טראַך!... דער שטיין איז געפלויגן איבער אַלעמענס קעפּ

ערגעץ ווי אַוועק, און דער שעפּלעפּל איז געפאַלן איבער זשאַקס קאָפּ. זשאַק איז אַ פּאַרבלוטיקטער אַנטלאָפן און מיר נאָך אים. דעם אָוונט האָבן מיר קיין זופּ שוין נישט געגעסן.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָבן מיר מאַרשירט אין לאַגער אַריין נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט. מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט אויפן אַפּעלפּלאַץ און ביים ציילן האָט איינער געפעלט. דאָס איז געווען זשאַק פון אונדזער שטוב. עס איז געוואָרן אַ טומל, דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט געשריגן: „וואָ איזט דיזער הונט?... זאָפאָרט אים זוכען אונד צוריקברינגען, לעבעדיג אָדער טאָט!"

עס איז אָנגעקומען אַ גרופּע עס־עס־לייט מיט גרויסע הינט און זענען אַוועק זוכן זשאַקן. נאָכן אָפּשטיין עטלעכע שעה אויפן אַפּעלפּלאַץ האָט מען זשאַקן געבראַכט אַ שווער צעהרגעטן, אַ פאַרבלוטיקן — אַ טויטן.

מיר האָבן זשאַקן קובר געווען אין דערבייאיקן וועלדל און דאָרט פאַר־גאָסן אַ טרער. זשאַק פון אונדזער שטוב איז מער נישט געווען.

די חברים פון דער אַרבעטס־קאָלאָנע ווו זשאַק איז געווען, און די חברים פון אונדזער שטוב זענען באַשטראָפט געוואָרן מיט שווערע אַרבעט במשך אַ חודש צייט.

## „דיערעוואָ נאַ דיערעוויע" — האַלץ אויף האָלץ

געווען איז עס אַרום 1944. מיר האָבן דעמאָלט אויסגעאַרבעט פאַלשע עראָפּלאַנען, „אַטראַפּען", גענוי נאָכקאָפּירט די דייטשע מעסערשמיד־עראָ־פּלאַנען. די דאָזיקע אַטראַפּען האָבן די דייטשן אויפגעשטעלט אויף סימו־לירטע פלי־פּלעצער, עטלעכע קילאָמעטער ווייט פון די ריכטיקע פלי־פּלעצער, כּדי דעם שׂונא אַריינצופירן אין אַ טעות.

ביי אונדז איז אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל, אַז די רוסן האָבן אַראָפּגע־וואָרפן אויפן סימולירטן פלי־פּלאַץ הילצערנע באָמבעס מיט דער אויפ־שריפט: „דיערעוואָ נאַ דיערעוויע" — „האָלץ אויף האָלץ".

מחמת מיין באַהערשן די דייטשע שפּראַך בין איך, מיט נאָך דרייסיק

חברים צוגעטיילט געוואָרן צו דער אַרבעט פון בויען עראָפּלאַנען־אַטראַפּען. אין דער זעלבער אָפּטיילונג האָבן אויך געאַרבעט דייטשע פרויען און אַלטע דייטשע מענער, וועלכע זענען געווען באַפרייט פון מיליטער־דינסט.

די אייגנטלעכע „מאַכט" אין דער דאָזיקער אָפּטיילונג האָבן געהאַט מיר, די ייִדישע קאַצעטלער, און נישט די דייטשע אַרבעטער. אין וואָס איז באַשטאַנען די דאָזיקע „מאַכט"? טשוועקעס, שרויפן, פאַרב, דיקטן און אַנדערע מאַטעריאַלן האָט מען אין דער דעמאָלטיקער צייט אין דייטשלאַנד נישט געקאָנט קויפן פאַר קיין געלט. אַלץ איז געגאַנגען פאַר דער מלחמה־אינדוסטריע. די פאַבריק־לייטונג האָט געוווּסט, ערשטנס, אַז מיר, קאַצעט־לער, ווערן געהיט ביי טאָג און ביי נאַכט און מיר האָבן נישט קיין מעג־לעכקייט עפּעס אַרויסצושמוגלען פון דער פאַבריק, כּדי צו פאַרקויפן עס, ווי דייטשן האָבן דאָס פריִער געטאָן — געגנבעט טשוועקעס און ביי די פויערים אין דאָרף אויסגעטוישט אויף לעבנסמיטל. צווייטנס, צו וואָס דאַרפן זיי אויפהענגען אַ דייטש פאַר „סאַבאָטאַזש", ווען אויף דעם אָרט קאָנען זיי אויפהענגען אַ ייִד. האָבן זיי אויסגעקליבן אַ חבר פון אונדז, ער זאָל זיין דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַרן מאַגאַזין.

אין דער פרי, ווען מיר זענען געקומען צו דער אַרבעט, האָט דער מאַגאַזינער באַקומען דעם שליסל און ער האָט אויסגעטיילט טשוועקעס, שרויפן, דיקטן — אַלץ וואָס האָט זיך געפאָדערט צו דער אַרבעט. יעדער איינער האָט געמוזט אונטערשרייבן: וויפל נעגל און שרויפן ער האָט באַקו־מען. אין אָוונט האָט ער געמוזט צוריקגעבן די איבערגעבליבענע און אויך די אויסגעבויגענע טשוועקעס און שרויפן. מען האָט גענוי געוווּסט וויפל שרויפן און טשוועקעס יעדער טייל באַדאַרף האָבן — אַלע דריי צענטי־מעטער אָפּגערוקט האָט מען געדאַרפט אַריינקלאַפּן אַ טשוואָק.

פון צייט צו צייט איז פון דער עס־אַ־לייטונג געוואָרן נאָכקאָנטראָלירט, צי מיר האָבן נישט געמאַכט קיין „סאַבאָטאַזש". און דאָך האָט זיך חברה געגעבן אַן עצה און געהאַנדלט מיט די דייטשן — טשוועקעס פאַר ברויט, שרויפן פאַר ווורשט און אַנדערע אויסטוישן.

איין מאָל האָט מיר אַ דייטשער אַרבעטער געוויזן, אַז ער האָט אַ סידורל, און ער וויל דערפאַר 25 טשוועקעס. מיר האָבן באַזאָרגט 25 טשוועקעס און ביי אים אָפּגענומען דאָס סידורל.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט אַ חבר, וועלכער האָט באַשפּריצט מיט פאַרב די סימולאַציע־עראָפּלאַנען זיי זאָלן אויסזען ווי עכטע, מיר דער־ציילט אַז ער האָט יאָרצייט. ער וואָלט געוואָלט דאַווענען מנחה מיט אַ מנין און זאָגן קדיש. האָט ער מיך געבעטן איך זאָל אים געבן דאָס סידורל.

איך האָב אים געענטפערט, אַז איך וועל אים געבן דאָס סידורל בעת דער צען־מינוטיקער פויזע; ער זאָל נעמען נאָך ניין חברים צו אים אין דער שפּריצעריי, דאָרט צו דאַווענען און זאָגן קדיש. ער זאָל אָבער נישט לאָזן זיך כאַפּן. טאָמער אַנטדעקן זיי דאָס סידורל וועט זיין ווי צו אונדז.

בעת דער פויזע זענען עטלעכע חברים אַריין אין דער שפּריצעריי צו דאַווענען מנחה. פּלוצעם — אַ טומל, אַן אויסגעשריי: „זאַכען־קאָנטראָלע! אַלעס בלייבט אויף דעם פּלעצער!" מיר זענען אַרומגערינגלט געוואָרן פון עס־אַ און עס־עס. ביי יעדן איינציקן איז געוואָרן געזוכט אין די טאַשן און אין זיינע זאַכן. בינו לבינו, צי ער האָט באַהאַלטן טשוועקעס אָדער שרויפן צי נישט — דערווייל כאַפּט מען פּעטש, קלעפּ און קאָפּעס.

אין דער שפּריצעריי איז געוואָרן געכאַפּט אויף „הייסן" די גאַנצע חברה; אברהמלען ביים זאָגן קדיש. די נאַציס האָבן געכאַפּט דאָס סידורל מיט אַן אויסגעשריי: „שאַוט מאַל הער! די יודען מאַכען איינע געהיימע פערזאַמ־לונג!" אַלס פאַראַנטוואָרטלעכן, האָבן זיי מיך גערופן איך זאָל דערקלערן וואָס פאַר אַ געהיימע פאַרזאַמלונג דאָרט איז פאָרגעקומען. מיט שווערער מי איז מיר געלונגען זיי צו איבערצייגן: אַז „די יודען מאַכען דאָס טאָטען־געבעט". אויב אַזוי — האָט דער פאַרשער געוואָלט וויסן פון וואַנען האָבן מיר דאָס סידורל? האָב איך אים געענטפערט, אַז איך האָב עס געפונען אויפן וועג פון לאַגער צו דער אַרבעט.

די קאָנטראָלערן האָבן געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל. דעם פּראָטאָקאָל צוזאַ־מען מיטן סידורל וועלן זיי אַוועקשיקן קיין בערלין און דאָרט וועט מען באַשטימען וואָס פאַר אַ שטראָף איך דאַרף באַקומען. דערווייל האָבן זיי דעם הויפּט־מייסטער געגעבן צו באַהאַלטן דעם קאָרפּוס־דעליקטי — דאָס סידורל.

איך האָב געזען ווי דער הויפּטמייסטער האָט גענומען דאָס סידורל, אַוועק אין זיין ביוראָ און עס איינגעשלאָסן אין זיין ביוראָ־טיש.

אין אָוונט, אין לאַגער ביים אַפּעל, האָט מען פאַר אונדז פאָרגעלייענט דעם „פאַרברעך", וואָס מיר זענען באַגאַנגען. ווי דעם פאַראַנטוואָרטלעכן האָט מען מיך גערופן צום הויפּט־קאָמענדאַנט פונעם לאַגער. ווי אַן אויסנאַם איז דער הויפּט־קאָמענדאַנט געווען אַן אָרנטלעכער מענטש; ער איז טאַקע געווען אַן עס־עס־האַופּטשטורמפירער, אָבער ער האָט נישט געוואָלט מען זאָל אים רופן מיט זיין עס־עסישן טיטל: „האַופּטשטורמפירער", נאָר אויף זיין מיליטערישן „ריטמייסטער".

דער ריטמייסטער האָט געפאָדערט איך זאָל אים זאָגן פון וואַנען איך

האָב דאָס סידורל? „מענטש, דאָס איזט איינע פערדאַמט דומע זאַכע!‟ האָט ער געזאָגט.

דער ריטמייסטער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אייניקע לאַגערן און צווישן זיי אויך פאַר אונדזער לאַגער. ער האָט נישט גוט געלעבט מיט דער עס־אַ, וואָס האָט אַנגעפירט מיט דער פאַבריק. אים איז געגאַנגען אין לעבן, אַז דער פּראָטאָקאָל, וואָס איז געווען מער אַ מסירה אויף זיין לאַגער־אָנפירונג, ווי אויף אונדז, זאָל נישט קאָנען אַוועקגעשיקט ווערן קיין בערלין. ער האָט מיר פאַרגעוואָרפן פאַר וואָס מיר האָבן געלאָזט זיך כאַפּן און געוואָלט וויסן פון וואַנען מיר האָבן דאָס סידורל. איך האָב אים דערציילט אַ האַלבן אמת און אַ גאַנצן ליגן אַז ווו איך אַרבעט האָב איך אין מיין שענקל געפונען דאָס סידורל מיט אַ בריוול. מתוך מורא אַז מען קען עס ביי מיר געפינען, האָב איך דאָס בריוול באַלד צעריסן. אין בריוול איז געווען געשריבן: אַזוי ווי אַ ייִד האָט ביי מיר געגנבעט 25 טשוועקעס, נעם איך מיר צוריק ביי דיר די 25 טשוועקעס און גיב דיר דערפאַר דאָס געבעט־בוך, וואָס ליגט שוין לאַנג ביי מיר.

דער ריטמייסטער האָט פאַרזשמורעט אַן אויג און געזאָגט: „זאָל איך איינעם דאָס גלאַובען?‟ און צוגעגעבן, אַז ער וועט מיר גלויבן ווען איך וועל אים ברענגען דאָס סידורל. איך האָב פאַרשטאַנען זיין כּוונה און איך האָב אים געענטפערט: „יאַוואָהל! הער ריטמייסטער‟.

ביי אונדז אין לאַגער איז געווען אַ לאַגערשרייבער, אַן עסטרייכישער „העפטלינג‟, נישט קיין ייִד. ער האָט געשטאַמט פון ווין. די זעלבע וואָך, ווען ער האָט געזאָלט חתונה האָבן, האָבן די דייטשן אים פאַרשיקט אין קאַצעט־לאַגער „בונצלאַו‟. זיין כּלה, וועלכע האָט געוואָלט זיין נאָענט צו אים, האָט זיך געמאָלדן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד און זי האָט אַזוי מאַנעווּרירט, אַז זי איז געקומען ווי אַ סעקרעטאַרין צו אונדזער הויפּט־מייסטער קיין בונצלאַו. קיינער האָט נישט געטאָרט וויסן, אַז זי האָט אַ שייכות צום לאַגערשרייבער. איין מאָל האָט זי מיך געבעטן, איך זאָל מיט־נעמען אַ בריוול פאַרן לאַגערשרייבער. איך האָב איר צוליב געטאָן. דער לאַגערשרייבער האָט מיר אָנפאַרטרויט, אַז דאָס איז זיין „וויבּ‟ און אַז קיינער טאָר דאָס נישט וויסן. מען קאָן אויך זי פאַרשיקן אין אַ לאַגער. אַזוי בין איך געוואָרן דער פאַרבינדונגס־מאַן צווישן דעם פּאָרל. ביים איבערגעבן אַ בריוול האָב איך איר קורץ דערציילט וועגן סידורל. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און זי האָט פון הויפּט־מייסטערס שופלאַד אַרויס־באַקומען פאַר מיר דאָס סידורל. איך האָב עס אַריינגעשמוגלט אין לאַגער

און עס איבערגעגעבן דעם ריטמייסטער. ער איז געוואָרן בייגעריק צו וויסן ווי אַזוי איך האָב עס געמאַכט, און איך האָב אים געענטפערט, אַז איך האָב גאָרנישט געמאַכט. פּלוצעם איז עס געלעגן ביי מיר אין שענקל.

מיר, די ייִדישע אַסירים, האָבן געמוזט צושטעלן יעדן טאָג אַרבעט אין ווערט פון צוואַנציק טויזנט מאַרק. דער עראָפּלאַן איז געווען צעטיילט אויף פראַגמענטן. ביי יעדן פראַגמענט האָבן געאַרבעט צוויי אָדער פיר מענטשן: צוויי האָבן אַלע מאָל געמאַכט בלויז לינקע פליגל, צוויי — בלויז רעכטע, פיר — דעם בויך, צוויי בלויז רעדער. אַזוי למשל, איז אַ פליגל געפּרייזט געוואָרן 200 מאַרק, אַ ראָד — 50 מאַרק, אַ בויך 500 מאַרק אאַז״וו. נישט געקוקט דערויף וואָס עס האָט יעדעס מאָל אויסגעפעלט אַן אַנדער מאַטעריאַל, האָבן מיר געמוזט צושטעלן צו דער צייט די נאָרמע, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר אונדז: די סומע פון 20,000 מאַרק.

די עס־עס־לייטונג האָט געדראָעט דעם מייסטער, אַז זיי וועלן אים שיקן אויפן „אָסט־פראָנט״ און אונדז צו שווערער אַרבעט: האַקן שטיינער און אויפלאָדן ליים. צו מאָל זענען מיר שטיין געבליבן און נישט געוווסט וואָס צו טאָן, ווי אַזוי צו מאַכן די נאָרמע און אויסמיידן די אָנגעזאָגטע שטראָף. טשוועקעס האָבן שטענדיק אויסגעפעלט. ס׳איז געווען אוממעגלעך צו מאַכן די נאָרמע. מיר איז איינגעפאַלן אַן אידיי. איך האָב פאָרגעלייגט דעם מייסטער, אַז היות מיר האָבן רעדער און פליגל מער ווי בייכער, לאָמיר אַלע דעם טאָג מאַכן בלויז בייכער. אַ בויך ווערט געשאַצט 500 מאַרק, וועלן מיר דערגרייכן די סומע פון 20,000 מאַרק. אַ רעזיגנירטער האָט דער מייסטער געזאָגט: „מאַכען זי וואס זי וואָלען, אונד ווען עס ניכט קלאַפּט, קאָם איך צום אָסט־פראָנט!״ פון דעם טאָג אָן האָב איך געפירט דאָס רעדל, און נישט דער מייסטער.

יעדן טאָג האָבן מיר צוגעשטעלט פּראָדוקציע אויף דער באַשטימטער סומע. ס׳וואָלט אָבער געווען ווייניק צו אונדז ווען מען וואָלט געמאַכט אַ קאָנטראָל וועגן דעם וויפל עראָפּלאַנען מ׳האָט געקענט צונויפשטעלן פון די פאַראַנענע טיילן. ס׳וואָלט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז מיר האָבן מער לינקע פליגל ווי רעכטע, מער בייכער ווי רעדער. אָבער אַזוי ווי עס האָט פון צייט צו צייט אויסגעפעלט אַ באַשטימטער מאַטעריאַל, איז עס געווען אַ גוטער „אויסרייד״ זיך „אַרויסצודרייען״ און דערווייל געליפערט אַ קלענערע צאָל עראָפּלאַנען. מיר האָבן געוואַרט אויף אַ נס וואָס זאָל אונדז אַרויספירן פונעם קלעם.

איין מאָל האָט דער מייסטער מיך אַריינגערופן אין זיין ביוראָ און מיר מבשׂר געווען, אַז „עס איז נישט גוט!" מאָרגן קומט צו אונדז דער אויס־שטאַטונג־ און אַמוניציע־מיניסטער, פּראָפעסאָר אַלבערט שפּעער. ער וויל אָנקוקן די עראָפּלאַנען־אַטראַפּעןn. דער מייסטער איז געווען פאַרצווייפלט. איצט דראָעט אים צו גיין אויפן פראָנט. גראָד האָבן דעמאָלט אויסגעפעלט טשוועקעס, האַקעס און שרויפן, און גראָד דעמאָלט האָט מען געהאַט געליפערט אַלע אויסגעפאַרטיקטע עראָפּלאַנען. ס'איז נישט געווען בנמצא קיין איין שרויף, קיין איין האַק, מען זאָל קאָנען צוזאַמענשטעלן כאָטש איין עראָפּלאַן. דער מייסטער האָט געקוקט אויף מיר ווי איך וואָלט געווען דער מיניסטער און בלויז איך קען אים ראַטעווען. איך האָב אים באַרויִקט, אַז מען וועט געפינען אַן עצה, נאָר וואָס פאַר אַן עצה, האָב איך אַליין נישט געוווסט. דאָס האַרץ האָט מיר געקלעמט פון צער, אַז אָט גייען מיר פאַרלירן אַ גוטע אַרבעט, ווינטער אונטער אַ דאַך און נישט אין דרויסן, אויף דעם פראָסט. מיט דעם מייסטער זענען מיר גוט אויפגעטראָגן: „ער איז אין אונדזערע הענט". די אַסירים האָבן פאַר טשוועקעס געקאָנט אָרגאַניזירן אַ ביסל עסן. וועגן סידורל האָט מען שוין פאַרגעסן. איצט שטייט דאָס אַלץ אין קאָן.

אין לאַגער, נאָכן אַפּעל, האָב איך דערציילט די באַטייליקטע אין בויען די אַטראַפּען וועגן דעם מאָרגנדיקן וויזיט פון דעם מיניסטער אַלבערט שפּעער. ער וויל זען אַ מעסערשמידט יו־52־עראָפּלאַן און מיר האָבן נישט קיין טשוועקעס, קיין שרויפן, קיין האַקנס, מיר קאָנען נישט אַפילו קיין איין עראָפּלאַן מאָנטירן און ס'דערוואַרט אונדז אַ קאַטאַסטראָפע.

מיר האָבן באַשלאָסן צו באַזאָרגן די אונטערנעמונג מיט טשוועקעס און שרויפן כדי ראַטעווען די לאַגע. אַ שאָד אַזאַ גוטער אַרבעט־פּלאַץ. אויף צומאָרגנס ווען מיר זענען געקומען צו דער אַרבעט, האָט יעדער פון אונדז אַרויסגענומען פון זיין באַהעלטעניש טשוועקעס און שרויפן און מיר האָבן געהאַט אַ 25 קילאָ טשוועקעס. יעדן איינעם איז צוגעטיילט געוואָרן אַ קילאָ טשוועקעס. אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר געקלאַפּט מיטן האַמער אינעם ליידיקן האָלץ, אָן טשוועקעס. אויף צו קלאַפּן מיט טשוועקעס האָבן מיר געוואַרט ביז דער מיניסטער וועט קומען...

מיר האָבן אויפגעשטעלט אַן עראָפּלאַן. נאָר אַזוי ווי מיר האָבן נישט געהאַט קיין שרויפן און האַקעס, האָב איך ביי די פליגל, ווו ס'האָבן געדאַרפט זיין האַקעס, געלאָזט אָנקלאַפּן צוויי לאַנגע שטאַנגען און אין בויך פון עראָפּלאַן אַריינגעזעצט צוויי יונגע בחורים, זיי זאָלן פון אינעווייניק האַלטן פעסט די פליגל. אַלע אַנדערע זאַכן, ווי עס האָט זיך נאָר געלאָזט,

האָט מען פאַרקלאַפּט מיט טשוועקעס אַנשטאָט האַקעס. דער עראָפּלאַן איז געשטאַנען, כאָטש הייב אים אויף צו פליִען...

פונקט צען אַ זייגער אין דער פרי איז דער הויפּטמייסטער אַריין אין אונדזער אַרבעט־זאַל מיט אַן אויסגעשריי: „אַכטונג, זעקס!" („זעקס" איז געווען אונדזער פּאַראָל, אַז עס דערנענטערט זיך אונדזער שומר אָדער מייסטער, מען זאָל אונדז נישט כאַפּן ביי אונטערהאַלטן זיך אָדער נישט אַרבעטנדיק. דער הויפּט־מייסטער האָט דעם פּאַראָל געהאַט דערשנאַפּט און נישט איין מאָל אונדז דערפאַר באַשטראָפט. דאָס מאָל איז ער אַריין צו אונדז מיט אונדזער פּאַראָל: „אַכטונג, זעקס!" ער קומט!

ס'האָט זיך ביי אונדז אָנגעהויבן די „פּאַרשטעלונג" וואָס איך האָב איינרעזשיסירט. ס'איז געוואָרן אַ געקלאַפּעריי און טאַקע מיט טשוועקעס, טויב צו ווערן. קיין מאָל ביז דעמאָלט האָט די חברה נישט געאַרבעט אַזוי פלייסיק ווי דאָס מאָל. די פּמליא איז אויפגעטראָטן: צום ערשט איז געגאַנגען דער שעף פון דער פאַבריק, אַן עס־אַ־מאַן אין ראַנג פון שטורמבאַנפירער. נאָך אים — דער מיניסטער אַלבערט שפּעער (אויב ס'איז באמת געווען אַלבערט שפּעער), נאָך אים אַ גרופּע פון עס־עס־מענער, אויך פון הויכן ראַנג. אונדזער מייסטער האָט מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט אויסגעשריגן: „הייל היטלער!" וואָס צוליב אונדזער געקלאַפּעריי האָט מען זיין אויסגעשריי נישט געהערט. דער מייסטער האָט אַרומגעפירט דעם מיניסטער און זיין סוויטע און געגעבן דערקלערונגען ווי אַזוי די עראָפּלאַנען ווערן געבויט. דער מיניסטער האָט געפרעגט דעם מייסטער צי אַלץ קלאַפּט אין אָרדענונג און צי דאָס רוי־מאַטעריאַל ווערט פּינקטלעך צוגעשטעלט. דער מייסטער האָט געענטפערט: זיכער, אויסער אַ מאָל נישט גענוגנדיק. די פּמליא איז אַרויס אין הויף אָנקוקן דעם עראָפּלאַן. די ייִדישע הערצער קלאַפּן שטאַרקער. אין דרויסן ברענט אַ פראָסט — צען גראַד אונטער נול. די צוויי יונגע חברה־לייט זיצן שוין זייט צוויי שעה אינעם עראָפּלאַן און ווערן געפרוירן. וועלן זיי אויסהאַלטן? צי וועט דער עראָפּלאַן ביים אויספּראָבירן זיין פעסטקייט נישט צוזאַמענפאַלן?

נאָך אַ צען מינוט איז די פּמליא צוריקגעקומען אין אַרבעט־זאַל. איך האָב בלויז געהערט ווי דער מיניסטער האָט געזאָגט: „זייער שיין!" דער מייסטער האָט געשיינט פון גליק. ער האָט זיך אויסגעצויגן נאָך שטייפער ווי פריִער, און האָפערדיק אויסגערופן: „דאַנקע הער מיניסטער, הייל היטלער!"

מיט דעם מאָמענט ווי די גאַנצע גרופּע מיטן מיניסטער זענען אַרויס פון אַרבעט־זאַל, זענען די רעשט טשוועקעס נעלם געוואָרן ווי אין וואַסער

אַריין. דער עולם האָט מיט די האַמערס געקלאַפּט אין די ליידיקע ברעטער אָן טשוועקעס, ווי אין פּויקן, ס'זאָל זיך הערן דער טומל אַז מען אַרבעט. אונדזער מייסטער איז געווען צופרידן; מיר אויך.

צומאָרגנס איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט טשוועקעס און שטרויפן. מיר האָבן ווייטער געמאַכט עראָפּלאַנען און חברה האָט ווייטער זיך אָרגאַניזירט פאַר טשוועקעס שפּייז. אויב מיר האָבן נישט געהאַט דאָס „פּענזום", די נאָרמע, האָבן מיר ווייטער זיך אַרויסגעהאָלפן מיט מאַכן בייכער. אָבי אין אָוונט האָט די פּראָדוקציע אויסגעמאַכט 20,000 מאַרק.

ס'האָט אונדז אָפּגעגליקט וואָס ס'איז נישט געקומען צו אַ פאַרגלייך־קאָנטראָל פון די באַזונדערע טיילן צוזאַמענצושטעלן עראָפּלאַנען. עס וואָלט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז עס זענען דאָ איבער הונדערט בייכער, דערקעגן נאָר 70 רעכטע פליגל, 50 — לינקע, 150 פּראָפּעלערס אאַז"וו. ווער ווייסט וויפל פון אונדז וואָלטן צוזאַמען מיטן מייסטער אויפגעהאָנגען געוואָרן פאַר „סאַבאָטאַזש". אונדזער מזל איז געווען וואָס דער רוסישער פראָנט האָט זיך דערנענטערט צו אונדז און די עס־עס איז געווען געצוווּנגען צו עוואַקויִרן אונדזער לאַגער. מען האָט אונדז געטריבן אויפן באַרימטן „טויטן־מאַרש" קיין בערגען־בעלזען.

מאַרשירנדיק האָבן מיר געזען צענדליקער פאַרלאָזטע לאַסט־אויטאָס מיט „אונדזערע" עראָפּלאַנען־אַטראַפּן.

## דער טויטנמאַרש

נאָך אַ ריי געהיימע און האַלב־לעגאַלע ייִדישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען אין קאָצעט־לאַגער בונצלאַו, האָבן מיר אָרגאַניזירט די לעצטע פאָרשטעלונג, ווייַנאַכט 1944. די רוסן האָבן דעמאָלט שוין געהאַט פאַרנומען פּוילן און זענען געשטאַנען פאַר די טויערן פון דייטשלאַנד. די דיסציפּלין אין די לאַגערן איז אַ ביסל לייכטער געוואָרן. דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט דערלויבט, צוליב די חגאות, צוויי שעה „זיך צו אַמוזירען". אָבער די דאָזיקע פאָרשטעלונג וואָס מיר האָבן דעמאָלט אָרגאַניזירט איז שוין נישט געווען קיין ריין־ייִדישע, ווייל פונעם „יודען־צוואַנגסאַרבייטס־לאַגער" איז דורך דער צייט געוואָרן אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, ווו עס זענען שוין געווען „העפטלינגע" (אַסירים) פון פאַרשיידענע אייראָפּעיִשע פעלקער.

די אַרויסטרעטונגען אויפֿן „פּייערלעכן אָונט״ זענען געווען אין דייטש. ווען איך האָב רעציטירט מיינס אַ ספּעציעל פֿאַרן דאָזיקן אָונט אָנגעשריבן ליד, האָט מיין האַרץ היפּש געקלאַפּט. איך האָב נישט געוווסט אַז אויפֿן אָונט וועלן אויך זיין עס־עס־לייט. מען האָט מיך אַרויסגערופֿן און איך האָב נישט געהאַט קיין ברירה, זיך נישט געטאָרט צוריקציִען.

אין דעם ליד וואָס איך האָב רעציטירט האָט זיך יעדע סטראָפע געענ־דיקט מיט די ווערטער:

...קאַמעראַדן, באַלד איסט דער גאַנצע נאַציטאַנץ פֿאַרביי,

דאָס נעכסטע יאָהר זינד וויר אַלע פֿריי!... פֿריי!...

פֿאַרשטייט זיך אַז איך האָב דאָס וואָרט „נאַצי״ אַרויסגעלאָזן, אָבער אַלע האָבן געוווסט וואָס איך מיין. ווען איך האָב רעציטירט די ווערטער:

קאַמעראַדען, באַלד איסט דער גאַנצע טאַנץ פֿאַרביי,

דאָס נעכסטע יאָהר זינד וויר אַלע פֿריי!... פֿריי!...

האָבן אַלע העפּטלינגע אין זאַל געשריִען מיט עקסטאַז: פֿריי!...

דער עס־עס־מאַן וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פֿון מיר האָט גע־שריגן נאָר איין וואָרט: „דענקסטע!״ אָבער מען האָט מיר גאָרנישט נישט געטאָן. מיר זענען טאַקע דאָס אַנדערע יאָר באַפֿרייט געוואָרן.

עס זענען אַוועק עטלעכע וואָכן פֿון זינט מיר האָבן אָרגאַניזירט דעם „פּייערלעכן אָונט״. עס איז געווען דער 10טער פֿעברואַר 1945. אין בונצ־לאַוער קאַצעט־לאַגער איז מען די דאָזיקע נאַכט נישט געשלאָפֿן. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געהערט דאָס שיסן פֿון שווערער אַרטילעריע. ווען מיר האָבן אַרויסגעקוקט דורך די באַראַקן־פֿענצטער האָבן מיר געזען אַז אין די באַראַקן ווו עס ווינען אונדזערע היטערס ברענט ליכט און עס רודערט זיך.

צומאָרגנס זענען מיר נישט אַרויס צו דער אַרבעט. ביים אַפּעל האָט מען אונדז דערקלערט, אַז די הויפּטאַרבעט אין בונצלאַו האָט זיך געענדיקט און דער לאַגער ווערט פֿאַרמאַכט. די געזונטע אַסירים גייען איצט אין אַן אַנדער לאַגער און די קראַנקע וועלן שפּעטער אַריבערגעפֿירט ווערן.

אַ סך פֿון אונדז האָבן נישט געוווסט וואָס צו טאָן. צי זאָל מען ווערן „קראַנק״ און אַזוי אַרום בלייבן דאָ, צי זאָל מען מיטגיין מיט די געזונטע.

ס׳איז אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז די רוסן זענען נישט ווייט פֿון אונדזער לאַגער און עס וואָלט געווען כּדאַי צו בלייבן, כּדי באַלד באַפֿרייט צו ווערן. אַזוי האָבן געטראַכט אַ צאָל געזונטע. אַ טייל פֿון די קראַנקע, ווידער, האָבן

געוואַלט זיין „געזונטע" און מיטגיין, ווייל מען האָט אויך געהערט קלאַנגען, אַז די קראַנקע וועט מען פאַרסמען און דעם גאַנצן לאַגער מיט די טויטע אין איינעם פאַרברענען. קאָן מען זיך פאָרשטעלן דאָס צעמישעניש און די מורא וואָס האָט געהערשט צווישן אונדז. די נערוועזיטעט און דערשלאָגנקייט האָבן זיך אויסגעמישט מיט אַ שטילער פרייד, וואָס מען הערט אַזוי נאָענט דאָס שווערע דונערן פון דער רוסישער אַרטילעריע. געווען אַ האָפענונג, אַז אפשר וועלן מיר נישט דאַרפן גיין אין ערגעץ. אפשר וועלן די רוסן אונדז באַלד באַפרייען. די דאָזיקע שפּאַנונג האָט צעריסן די נערוון. אַזוי איז אַוועק דער טאָג. ביי נאַכט איז ווידער קיינער נישט געשלאָפן. מען האָט זיך געשושקעט, געפּלאָנט און... געוואַרט אויף דער סעלעקציע: מי יחיה ומי ימות — ווער עס גייט מיט און ווער עס בלייבט, וואַרטנדיק מיט בויך־גרימעניש אויף דער באַשערטקייט.

איינס אַ זייגער ביי נאַכט. אין לאַגער — אַן אימהדיקע שטילקייט, אַלע האָבן געוואַרט געשפּאַנט אויף דעם אומבאַקאַנטן, אומבאַשטימטן, גרויליקן. די פּנימער זענען געווען פאַרשוואַרצט פון נישט־שלאָפן. אייניקע זענען געזעסן ביים טיש און גערעדט צווישן זיך אין דער שטיל. אַנדערע, ווידער, זענען געלעגן אויף די קויקעס אַנגעטאָן אין קאַצעט־מלבושים און גע־דרעמלט. עס האָט זיך געהערט פון צייט צו צייט אַ טיף קרעכצן און זיפצן. עטלעכע פרומע ייִדן האָבן אויסגעווייניק געזאָגט תהילים. אַנדערע, וועלכע האָבן אָנגענומען אַ באַשלוס מיטצוגיין, האָבן דורכגעשמועסט, ווי זיי וואָלטן זיך מיט עמעצן שואל־עצה געווען. מען האָט אויך זייערע פּנימער געזען דעם אויסדרוק פון אומאַנטשלאָסנקייט.

דער 11טער פעברואַר 1945, איינס מיט דרייסיק נאָך האַלבער נאַכט. אין באַראַק איז געווען שטיל. מען האָט געוואַרט ווי אויף אַ וואָקזאַל. מען האָט געוואַרט אויף עפּעס, וואָס דאַרף יעדע מינוט געשען. פּלוצעם האָט זיך דערהערט פון הילכער: „אַכטונג!... אַכטונג!... אין צען מינוטן אַלע געזונטע העפטלינגע צום אָפּמאַרש אָנטרעטען! האָבט איר פערשטאַנדען?!"

פון אַלע באַראַקן האָט זיך דערהערט דער ענטפער, ווי אַ דונער, אין איין וואָרט: „יאַוואָהל!"

אין באַראַק איז געוואָרן טומלדיק. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ יאָגעניש מיטן אָנטאָן זיך און פאַרפּאַקן די קלייניקייטן, וואָס מען האָט פאַרמאָגט. די וואָס האָבן זיך אַריענטירט האָבן מיטגענומען דעקן, אַפילו קישעלעך אָנגעפילט מיט שטרוי. אין גרויס איילעניש און מיט האַרצקלאַפּעניש זענען מיר אַרויס צום אַפּעל.

די נאַכט איז געווען אַ שטילע. פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט

אַ ווייט דונערן — דאָס שיסן פֿון אַרטילעריע. ס׳איז געווען אַ פֿראָסט, דער שניי האָט געקנאַקט און געסקריפּעט אונטער די פֿיס. די לבֿנה האָט געשיינט און אָפּט זיך באַהאַלטן אונטער פֿינצטערע וואָלקנס. מיר האָבן זיך אויף גיך אויסגעשטעלט צו אַכט אין אַ ריי. אַ טייל פֿון אונדז האָט מען איינגעשפּאַנט, ווי פֿערד, צו די פֿריִער צוגעגרייטע וועגענער. אויף די וועגענער האָט מען אַרויפֿגעלייגט פּראָוויאַנט און דאָס געפּעק מיט אַמוני־ציע פֿון די עס־עס־לייט. אַ טייל פֿון זיי האָבן זיך אַרויפֿגעזעצט אויף די וועגענער און אויפֿן באַפֿעל פֿון לאַגער־קאָמענדאַנט: „דאָס גאַנצע, מאַרש!" — האָבן די קאָלאָנעס, איינע נאָך דער אַנדערער אָנגעהויבן אַרויסצו־מאַרשירן פֿון לאַגער, ציִענדיק נאָך זיך די וועגענער.

קיין סעלעקציע איז נישט געווען. ווער עס איז מיטגעגאַנגען — איז מיטגעגאַנגען און ווער עס איז געבליבן, דעם האָט מען נישט געזוכט. דאָס איז געשען, ווי מיר האָבן שפּעטער באַמערקט, ווייל ס׳איז קיין צייט נישט געווען. די רוסן האָבן זיך געשווינד דערנענטערט צום לאַגער. האָבן זיך טאַקע אַ צאָל געזונטע אויסבאַהאַלטן און פֿאַרבליבן אין לאַגער; און פֿאַר־קערט, אַ צאָל קראַנקע זענען מיט אונדז מיטגעגאַנגען. עס זענען אויך מיטגעגאַנגען אַ גרעסערע צאָל חבֿרים, וואָס האָבן אונטער מיין רעזשי אין לאַגער געשפּילט ייִדיש טעאַטער: שלמה גוטמאַן, בעניעק גיטלער, מענדל בוטניק, אליעזר וואָלקאָוויטש, יצחק זילבערניק, יצחק כּץ, יוסף שוואַרץ, יוסף דאַטנער. עס זענען אויך מיטגעגאַנגען עטלעכע מיטאַרבעטערס פֿון אונדזער אין געהיים געשריבענעם „לאַגער־זשורנאַל" אין ייִדיש, וואָס מיר האָבן אַרויסגעגעבן אין בונצלאַו: שפּיגל, צווייגעל, ליפּשיץ און אַנדערע, וואָס זענען שפּעטער אומגעקומען און איך געדענק נישט זייערע נעמען. דערקעגן איז איינער פֿון דער גרופּע געבליבן מיט די קראַנקע — דער סאַניטאַר חיים וואָלנערמאַן.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער באַרימטער טויטנמאַרש.

די וועגענער זענען מחמת דעם שניי אַ סך מאָל געבליבן שטעקן. דעמאָלט האָבן קיין קלעפּ נישט געפֿעלט. זיי האָבן אונדז געקאָפּעט מיט זייערע זעלנערישע שטיוול און מיט שיכּורע, הייזעריקע קולות געשריגן: „פֿערפֿלוכטע זאַובאַנדע, וואָלט איר ציִען אָדער פֿערעקען!" — וואָס דאָס האָט געהייסן: איר פֿאַרשאָלטענע חזירישע באַנדע, ווילט איר ציִען אָדער פּגרן. מיר האָבן מיט שווייס און מיט שטיקער אייז אויף אונדזערע געפֿרוי־רענע פּנימער, פֿון וועלכע עס איז געגאַנגען אַ פּאַרע ווי פֿון אַ הייסן קעסל,

געשלעפּט מיט די לעצטע כּוחות די שווער באַלאַדענע וועגענער אויף די פּאַרשנייטע וועגן. יעדע פּאָר שעה האָבן זיך די מענטשן־פּערד געביטן און אונטער די געשרייען: „נאַ, לאָס, שנעלער! וויאָ! וואָלט איר ציִען!״ — זענען קלעפּ ווי האָגל געפאַלן אויף די פּלייצעס. און די קאַלאַנעס האָבן ווייטער מאַרשירט. נישט איינער איז אָוועקגעפאַלן און אַן אויסגעמאַטער־טער געבליבן ליגן אויפן וועג.

צום סוף פון די קאַלאַנעס זענען געגאַנגען אין אַ שורה, אין דער ברייט, עס־עס־לייט מיט מאַשין־געווער אין די הענט. מיר האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן: די אויפרוים־קאָמאַנדע. טאָמער איז עמעצער אָפּגעשטאַנען, ווייל ער איז געוואָרן צו שוואַך, נישט געקאָנט ווייטער מאַרשירן, האָבן חברים, מיט דער דערלויבעניש פון דער עס־עס־וואַך, אים אַרויפגעזעצט אויף אַ וואָגן און אים געשלעפּט. וואָס ווייטער איז קיין פּלאַץ אויף די וועגענער מער נישט געווען, האָבן חברים זיי געטראָגן און נישט איינער איז אויס־געגאַנגען, אָדער געבליבן ליגן אויפן וועג אָן כּוחות, אַ גוססדיקער. אַ סך מאָל — דער טרעגער מיטן געטראָגענעם אין איינעם. נישט איין געבלי־בענער האָט באַקומען פון דער אויפרוים־קאָמאַנדע דעם ביי זיי אַזוי געררו־פענעם „גנאַדעשוס״, דאָס מיינט זיי האָבן אים דערשאָסן. אַזוי האָבן זיך אַנגעזאַמלט אויף די וועגן אין דייטשלאַנד, ווו די קאַצעטלער האָבן אַדורכ־מאַרשירט, טויזנטער קברים. דערפאַר האָט מען דעם מאַרש גערופן: טויטנמאַרש.

פאַמעלעך האָט אָנגעהויבן שנייען. דער פראָסט איז געוואָרן גרינגער. מיר — אַ ביסל פריילעכער. אויף די גאַסן פון דער שטאָט בונצלאַו, ווו מיר האָבן דורכמאַרשירט, האָבן מיר געזען אונטער דיביימער קאַנאָנען פון טיפּ „טיגער״. דאָרט איז אויך געווען באַהאַלטן דייטשיש מיליטער. טייל זעלנערס זענען טאַנצנדיק אונטערגעשפּרונגען, זיך קלאַפּנדיק מיט די הענט אין די אַקסלען, כּדי זיך צו דערוואַרעמען.

מיר האָבן נישט געוווסט אויף וואָס צו בעטן: די רוסן זאָלן אונדז אַרומרינגלען צוזאַמען מיט די דייטשן און אונדז באַפרייען, צי זיך דער־ווייטערן פונעם פראָנט. מיט די דאָזיקע געדאַנקען האָבן מיר ווייטער מאַרשירט, מיט פרייד וואָס מיר דערווייטערן זיך פון שלאַכטפעלד און מיט באַדויער וואָס מיר דערווייטערן זיך פון אונדזער באַפרייונג.

בעתן מאַרשירן האָבן מיר אויך געטראַכט וועגן אונדזערע חברים וואָס זענען געבליבן אין בונצלאַוער לאַגער. פון דער ווייטנס האָבן מיר געזען ווי דער לאַגער ווערט באָמבאַרדירט. ווער ווייס צי עמעצער איז לעבן

געבליבן? מיר האָבן מאַרשירט אַ האַלבע נאַכט און אַ גאַנצן טאָג, אין פראָסט און שניי, שלעפנדיק די וועגענער. מיר זענען געווען אַזוי מיד, אַז מיר זענען געגאַנגען ווי שיכּורים, קוים געשלעפּט די פיס. די עס־עס־לייט האָבן אונדז אונטערגעיאָגט מיט קלעפּ און געשרייען. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז די רוסן וועלן אונדז דעריאָגן. זיי זענען ממש ווילד געוואָרן: „וואָלט איר לאָופען, איר גאָטפערדאַמטעס פאַלק!" — האָבן זיי געשריגן און מיר, שלעפנדיק נאָך זיך די וועגענער, זענען אַריבער אַ בריק איבערן טייך באָבער; קוים וואָס מיר זענען אַריבער די בריק, איז זי מיט אַ גרויסן טראַסק און געדונער געפלויגן אין דער לופטן. דער לופטדרוק האָט אונדז אַלעמען אַנידערגעוואָרפן אויף דער ציטערנדיקער ערד און אונדז פאַרדעקט מיט שטויב און שטיינער. ס'איז געווען אַ נס וואָס מיר האָבן נישט געהאַט קיין פאַרווונדיקטע. טויט־דערשראָקענע האָבן מיר זיך אָפּגערייניקט פונעם שטויב און זיך אַרומגעקוקט. מיר האָבן געזען אַז מיר געפינען זיך אין מיטן מאַרק פון אַ קליין שטעטל און אונדזערע עס־עס־היטערס זענען פאַרשווונדן.

מיר זענען געבליבן צעטומלט און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. אייניקע האָבן געוואָלט אַנטלויפן, אַנדערע האָבן נישט געלאָזט. מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז די עס־עס־וואַך ליגט ערגעץ ווו אין דער נאָענט באַהאַלטן און ווען מיר וועלן אַנטלויפן, וועלן זיי אונדז אויסשיסן און פּטור אַן עסק. וואָס דאַרפן זיי זיך מיט אונדז אַרומשלעפּן?

עטלעכע איז דאָך געלונגען צו אַנטלויפן. קיינער פון זיי איז נישט געבליבן לעבן. זיי האָבן נישט געהאַט ווו זיך צו באַהאַלטן אין אַזאַ קליינער שטאָט, ווו איינער האָט געקענט דעם צווייטן. מען האָט זיי געמסרט און דער „פאָלקסשטורעם" האָט זיי דערשאָסן אויפן אָרט. (פאַרן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אויף היטלערס באַפעל געשאַפן געוואָרן דער „פאָלקסשטורעם" — מענער פון 16 ביז 60 יאָר, וואָס זענען, מחמת פאַרשיידענע סיבות, נישט געווען אין רעגולערן מיליטער. זיי זענען געגאַנגען אין ציוויל, מערסטנס געהיט די שטעט, אָבער צו מאָל זיך אויך באַטייליקט אין די שלאַכטן).

שטייענדיק אויפן מאַרק, האָבן מיר פּלוצעם דערזען ווי עס קומען צו רייטן רוסישע קאָזאַקן. פון וואַנען נעמען זיך דאָ רוסן? — האָבן מיר זיך געוווּנדערט. חברה האָט זיי געוואָלט אַנטקעגנלויפן און מיט פרייד זיי באַגריסן. דערווייל זענען די קאָזאַקן צוגעריטן נענטער און דאָ האָבן מיר באַמערקט אויף זייערע מיליטערישע היטלען, אַנשטאָט דעם רוסישן סערפּ־און־האַמער, אַ טויטנקאָפּ מיט אַ האָקנקרייץ. זיי זענען עטלעכע מאָל אַרומגעריטן דעם מאַרק און אַוועק.

מיט ווייטיק אין האַרצן זענען מיר געבליבן שטיין. וואָס וועט מיט אונדז געשען? נאָך אַ קורצער צייט זענען פּלוצעם אָנגעפאָרן מיט רעש קליינע טאַנקעטקעס און אין זיי זענען געזעסן דייטשן. אויף זייערע דייטשי־שע מיליטערישע היטלען האָבן מיר דערזען דעם רוסישן סערפּ־און־האַמער. איצט זענען מיר געווען אין גאַנצן צעמישט און נישט געוווּסט וואָס דאָ קומט פאָר. קאָזאַקן מיט האַקנקרייצן און דייטשן מיט סאָוויעטישע אָפּ־צייכנס... (נאָך דער מלחמה זענען מיר געוווּיר געוואָרן, אַז די רוסן, וואָס מיר האָבן דעמאָלט געזען, האָבן געהערט צו דעם גענעראַל וולאַסאָווס אַרמיי, וואָס איז אַריבער צו היטלערן און געקעמפט קעגן ראַטן־פאַרבאַנד. דערקעגן די דייטשן מיט די סערפּ־און־האַמערס האָבן געהערט צו דעם פעלדמאַרשאַל פרידריך פּאַולוסעס אַרמיי, וואָס איז ביים קאַמף אין סטאַלינ־גראַד אַריבער צו די רוסן און האָט ווי די „דייטשע באַפרייונגס־אַרמיי" געקעמפט קעגן היטלערן).

ווען די דייטשן מיט די טאַנקעטקעס זענען אַוועק, האָט נישט לאַנג געדויערט און אונדזערע שומרים זענען ווי פון אונטער דער ערד אויסגע־וואַקסן מיט געשרייען: „לאָס, לאָס, ווייטער מאַרשירען!"

דערווייל איז געוואָרן נאַכט. מיר זענען אַריין אין הילצערנע באַראַקן פון אַ פאַרלאָזענעם קאַצעט־לאַגער, טויט־מידע, אַנידערגעפאַלן אויף די דילן און איינגעשלאָפן.

צומאָרגנס, פאַר טאָג — זענען מיר געוועקט געוואָרן צום אַפּעל. עטלעכע האָבן געפעלט. מען האָט אונדז נאָך אַ מאָל געוואָרנט: ווער עס אַנטלויפט און מען כאַפּט אים, ווערט אויפן אָרט דערשאָסן און אויב מען כאַפּט אים נישט — ווערט יעדער צענטער פון אונדז דערשאָסן. דערפאַר — האָט דער קאָמענדאַנט צוגעגעבן — ווייל איר האָט נישט גענוג גוט אַכטונג געגעבן אַז אייערע חברים זאָלן נישט טאָן אַזעלכע „שווינערייען". נישט געקוקט אויף דער וואָרענונג, האָבן צומאָרגנס, ביים אַוועקמאַרשירן, געפעלט צענדליקער חברים. זיי האָבן אויפגעריסן די ברעטער פון דיל און פון בוידעם און זיך דאָרטן באַהאַלטן. אַ קאַצעטלער, אַ פּאָליאַק, האָט זיי געמסרט, פאַר מורא אַז די עס־עס־לייט וועלן יעדן צענטן דערשיסן, ווי זיי האָבן געוואָרנט. אַזוי ווי ס'איז אָבער געווען אַ באַפעל תיכף אָפּצומאַרשירן און די עס־עס־לייט האָבן נישט געהאַט קיין צייט צו זוכן די באַהאַלטענע, האָבן זיי גענומען קאַנען מיט בענזין, באַגאָסן די הילצערנע באַראַקן און זיי אונטערגעצונדן.

ווי מיר האָבן זיך נאָך דער באַפרייונג דערוווּסט, איז עטלעכע פון די באַהאַלטענע געלונגען זיך צו ראַטעווען. אַ טייל פאַרווונדיקטע האָבן די רוסן

באַפרייט און זיי גענומען אין שפּיטאָל. וויפל עס זענען אומגעקומען — ווייסט מען נישט.

מיר האָבן ווייטער מאַרשירט און געשלעפּט די וועגענער. ביי נאַכט זענען מיר געלעגן אין די וועלדער און געשלאָפן אין שניי, צוגעדריקט איינער צום צווייטן, עס זאָל זיין וואַרעמער. פּלוצעם האָט די ערד אָנגעהויבן צו ציטערן. מיר האָבן זיך אויפגעוועקט און געזען אַז דער הימל איז פול מיט ריזנלאַמפּן, וואָס האָבן באַשיינט די גאַנצע געגנט. ס׳האָבן זיך דער־הערט פּאַרטויבנדיקע שיסערייען פון די דייטשישע אַנטיאַוויאַציע־פּאָסטנס און אַ גוואַלדיקער גערויש פון הונדערטער עראָפּלאַנען.

צומאָרגנס האָבן מיר ווייטער מאַרשירט און געזען אָפּגעמעקטע פאַבריקן און גאַנצע שטעט. גרויסע בערג פון אייזן און שטיינער. איינציקע הייזער האָבן נאָך געברענט. אונדזער עס־עס־וואַך איז געווען נערוועז. פאַר דער קלענסטער זאַך וואָס איז זיי נישט געפעלן, האָבן זיי געשאָסן. אַנטקעגן אָוונט זענען מיר אַריין אין אַ האַלב־פאַרלאָזן דאָרף. מיר האָבן אין די סטאַדאָלעס צעשיט שטרוי און זיך געלייגט שלאָפן.

דער הונגער האָט גענאָגט — האָט מען נישט געקאָנט שלאָפן. אָבער צום סוף האָט די מידקייט גובר געווען. געפּייניקטע פון שווידערלעכע חלומות, איז אַדורך די נאַכט.

אין דער פרי האָט זיך דערהערט דאָס באַקאַנטע פייפן און אויסגעשריי: „אַלעס אַנטרעטען! אַפּעל! אַפּעל!" די פאַרשלאָפענע לויפן זיך צוזאַמען. מ׳האָט אונדז געציילט, איין מאָל, צוויי מאָל — עס האָט געפעלט אַ צאָל חברים. צווישן זיי אויך מיין ברודער. איך בין געלאָפן צום עס־עס־קאָמענ־דאַנט און אים געזאָגט, אַז די חברים ליגן ערגעץ אין אַ ווינקל פון אַ סטאַדאָלע צווישן שטרוי און שלאָפן. האָבן זיי אַוודאי נישט געהערט דאָס פייפן צום אַפּעל. דאַרף איך זיי גיין וועקן.

דער עס־עס־קאָמענדאַנט האָט מיך אָנגעקוקט פון אונטן אַרויף, געקריצט מיט די ציין און צו מיר געריטשעט: „דו האָסט צען מינוטען צייט. ווען דיינע קאַמעראַדן ביז דאַן ניכט אַנגעטרעטען זינד, ווירד יעדער צענטע פאָן אויך ערשאָסן, אָבער דו ווירסט דער ערסטע אומגעלעגט! לאָס, זוך זי!" — דאָס האָט געהייסן, אַז ער גיט מיר צען מינוט צייט די חברים צו ברענגען, אויב נישט, וועט יעדער צענטער פון אונדז דערשאָסן ווערן און איך דער ערשטער.

איך בין געלאָפן, נישט־טויט, נישט־לעבעדיק, צו די סטאַדאָלעס און געשריגן: „חברה, קומט אַרויס! מען ווייסט אַז איר פעלט". — איך האָב גערופן מיין ברודער ביים נאָמען: „סרולעק, קום אַרויס, עס איז אַפּעל".

דערווײלע איז געקומען צו לויפן אַ קלײן דײַטש ייִנגל און געשריגן צו די עס־עס־היטערס: „די יודען האָבען זיך אין אונדזער שוינע פּער־שטעקט. היר, היר!" — האָט ער געוויזן צו דער סטאָדאָלע מיטן פינגער. מיט די לעצטע כּוחות בין איך געלאָפן אַהין ווו דאָס ייִנגל האָט אָנגעוויזן און כ'האָב באַמערקט ווי די עס־עס־לײַט גײען מיר נאָך אין דער זעלביקער ריכטונג מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן, גרייט צו שיסן. איך שריי: „חברה, לויפט אַרויס פון דער סטאָדאָלע, מען האָט אײַך געמסרט, די שומרים גייען אַהער, זיי וועלן יעדן אײנציקן דערשיסן, לויפט אַרויס, גיכער!..."

אָט זע איך ווי מײַן ברודער לויפט אַרויס און נאָך אים אַנדערע. דער־ווײלע איז די עס־עס־וואַך אָנגעקומען און אַרײַנגעשאָסן אין דער סטאָדאָלע. עס זענען אַרויסגעקומען עטלעכע פּאַרבלוטיקטע. אַנדערע זענען אַנטלאָפן אין אַ צווייטער זײַט. מ'האָט זיי נאָכגעשאָסן און אַ טייל איז געלונגען אָנצו־קומען צום אַפּעלפּלאַץ און זיך אויסמישן. אַ טייל זענען געפאַלן אויפן וועג דערשאָסענע, אָדער שווער פאַרווונדיקטע. אײן חבר, זײַן נאָמען איז געווען ליפשיץ, האָט מען געשטעלט צו דער וואַנט און דער קאָמענדאַנט האָט באַפוילן אַ צווייטן עס־עס־מאַן ער זאָל אים דערשיסן. די האַנט ביים אַלטן זעלנער האָט געציטערט; ער האָט נישט געקענט ציִען דאָס צינגל פון דער ביקס. דער קאָמענדאַנט האָט אַרויסגעריסן פון אים די ביקס און ליפשיצן דערשאָסן. עס איז אַרויסגעלאָפן אליעזר וואָלקאָוויטש. דער קאָמענדאַנט שרייט צו אים: „האַלט! שטיין בלייבן!" וואָלקאָוויטש, אַ טויט־דערשראָקע־נער, בלייבט שטיין. דער קאָמענדאַנט שטופּט אים צו צו דער וואַנט און שרייט: „איר פאַרדאַמטע קערלע, אויסרייסען וואָלט איר? טאָט שיסען ווערדע איך אויך!" — איר פאַרשאָלטענע יונגאַטשעס, אַנטלויפן ווילט איר, כ'וועל אײַך צום טויט דערשיסן. ער האָט אויסגעצויגן די האַנט מיטן רעוואָלווער און געשאָסן, אָבער אין רעוואָלווער זענען נישט געווען קיין קוילן. דער קאָמענדאַנט האָט אַרויסגעכאַפּט די ביקס פון אַ צווייטן עס־עס־מאַן און געצילט...

אין דער רגע איז אָנגעקומען דער הויפּטקאָמענדאַנט, ריטמייסטער דעגענהאַרדט, וועלכער איז געווען קאָמענדאַנט איבער עטלעכע לאַגערן (ווי איך האָב שוין באַמערקט אינעם פריִערדיקן קאַפּיטל איז ער צווישן די עס־עס־פאַרברעכערס געווען אַן אָרנטלעכער מענטש. ער האָט נישט ליב געהאַט אַז מען האָט אים גערופן מיטן עס־עס־טיטל: האָופּטשטורמפירער, נאָר מיט זײַן מיליטערישן טיטל: ריטמייסטער).

ער איז אָנגעקומען אויף זײַן מאָטאָציקל און אַזוי ווי ער האָט געהערט די שיסערייען, געזען די טויטע און די שווער פאַרווונדיקטע, האָט ער אַראָפּ־

שפּרינגענדיק פונעם מאַטאָציקל אויסגעשריגן: „אַלעס, אָבער אַלעס שטיל־שטאַנד!!"

די עס־עס־לייט און די אַסירים זענען געבליבן שטיין פּאַרגליווערטע. מען האָט בלויז געהערט דאָס קרעכצן פון די פאַרוווּנדיקטע.

דער עס־עס־קאָמענדאַנט איז צוגעלאָפן צום ריטמייסטער און אים געמאָלדן: „אייניגע יודען וואָלטען אַבהאַוען, האַבען וויר זי אומגעלעגט" (אייניקע ייִדן האָבן געוואָלט אַנטלויפן, האָבן מיר זיי דערשאָסן). ער האָט זיך אויסגעדרייט און צוגעגאַנגען צו וואָלקאָוויטשן, וועלכער איז אַ האַלב־טויטער נאָך געשטאַנען ביי דער וואַנט, ציט אויס די ביקס און געוואָלט שיסן. דער ריטמייסטער שרייט: „שטילשטאַנד האַבע איך בעפאָלען, פער־שטאַנדען?" דער עס־עס־קאָמענדאַנט האָט געמאַכט זיך נישט־הערנדיק און געוואָלט שיסן, אָבער דער ריטמייסטער האָט אַרויסגעכאַפּט זיין רע־וואָלווער און אויסגעשריגן: „שטילשטאַנד האַבע איך בעפאָלען, דאָס גילט אַוך פיר זי!... היר גיבט עס קיינע מויטעריי (ווידערשפּעניקן), פערשטאַנ־דען?..."

דער עס־עס־קאָמענדאַנט האָט קריצנדיק מיט די ציין אַראָפּגעלאָזט די ביקס און שטיל צו זיך געזאָגט: „פערדאַמט נאָך איין מאַל!" ער האָט זיך אויסגעדרייט צום ריטמייסטער, סאַלוטירט און איז אַוועק.

אַזוי ווי איך בין געשטאַנען נאָענט צום ריטמייסטער, האָט ער מיך געפרעגט: „וואַס פיר דומהייטען מאַכט איר? מאַכט דאָך קיינע דומהייטען פינף מינוטען קורץ פאַר טאַרשלוס". דאָס מיינט: מאַכט נישט קיין נאַריש־קייטן קורץ פאַרן סוף. איך האָב זיך אויסגעגלייכט און געזאָגט: „הער ריט־מייסטער, מעלדע געהאָרכזאַם, די קאַמעראַדען זינד צום אַפּעל פערשלאַפען". און דערנאָך האָב איך געשריגן צו וואָלקאָוויטשן: „אליעזר, גיי צו צום ריטמייסטער און באַדאַנק אים". וואָלקאָוויטש איז צוגעלאָפן צום ריטמייס־טער, זיך אויסגעגלייכט און אָנגעהויבן בילן ווי אַ הונט. ווייל רעדן האָט ער נישט געקענט.

דער ריטמייסטער האָט געענטפערט: „שאָן גוט, בעגראַבט אויערע טאָטע קאַמעראַדען אונד מאַכט דאַס טאָטען־געבעט. די פערוווּנדעטע לעגט אַוף דען וואַגען, וויר מיסען באַלד ווייטער מאַרשירען".

מיר האָבן אויסגעגראָבן גריבער, מקבר געווען די טויטע חברים און געזאָגט קדיש. דערנאָך האָבן מיר זיך אויסגעשטעלט אין רייען און ווייטער מאַרשירט.

*

נאָך דער באַפרייונג, אין בערגען־בעלזענער טעאַטער־סטודיע „קאַצעט־טעאַטער", האָט דער זעלביקער אליעזר וואָלקאָוויטש געדאַרפט שפילן די ראָלע וואָס ער אַליין האָט איבערגעלעבט און װעלכער איך בין געװען אַן עדות. ס'איז מיר נישט אָנגעקומען גרינג איינצושטודירן מיט אים די ראָל...

# דער בלאָנדער „גוי"

נאָך אַ זעקסוואָכיקן „טויטן־מאַרש" פון הונדערט און הונדערטער קילאָ־מעטער צופוס דורך רעגן, שניי און פראָסט, בעת וועלכן דער גרעסטער טייל פון אונדזערע חברים זענען אומגעקומען פון הונגער, קעלט, אָדער דערשאָסן געוואָרן פון דער עס־עס־באַוואַכונג, זענען מיר, אַ קליינע צאָל האַלב־פאַרפרוירענע, קראַנקע אָנגעקומען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „דאַ־ראַ" און פון דאָרט האָט מען אונדז געשיקט אין אונטערלאַגער „עלריך".

אין קאַצעט „עלריך" האָט מען געאַרבעט פאַר דער „וו־1" און „וו־2"־ראַקעטעס, מיט וועלכע די דייטשן האָבן געשאָסן אויף לאָנדאָן.

פינף יאָר פון מיין זיין אין פאַרשידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָב איך נישט איבערגעלעבט דאָס, וואָס אין מיין קורצן אויפהאַלט אין לאַגער „עלריך", וועלכער איז מיט אכזריותדיקייט איבערגעשטיגן אַלע די לאַגערן, וווּ איך בין פריִער געווען.

אין „עלריך", אויב אַ העפטלינג איז קראַנק געוואָרן, האָט מען אים אויפגעשריבן אַ נומער אויפן שטערן און דאַן אים אַריינגעלייגט אין דער אַזוי גערופענער „שאָנונגס־באַראַקע" צוזאַמען מיט אַלע מתים, וואָס זענען דאָרט געלעגן צום פאַרברענען. אַזוי זענען טעגלעך צענדליקער מענטשן געשטאָרבן.

צי אין „עלריך" איז געווען אַ קרעמאַטאָריע, ווייס איך נישט. איך האָב נישט געזען. וואָס איך האָב יאָ געזען, איז געווען ריזן־בערג אויפגעשטאַפּלט מיט מתים — אַ שיכט האָלץ, דאַן אַ שיכט מתים; אַ שיכט האָלץ, אַ שיכט מתים, וואָס העכער אַלץ שמעלער דער באַרג — אַ פּיראַמידע.

די דאָזיקע „פּיראַמידעס" מיט מתים זענען באַגאָסן געוואָרן מיט נאַפט אָדער בענזין, מען האָט זיי אונטערגעצונדן און אַזוי האָבן זיי געברענט און געטליִעט. אַן עקל־גערוך האָט זיך צעשפּרייט איבערן לאַגער. דער גערוך האָט געדרייט די געדערעם אין בויך, צום חלשן. יעדן טאָג האָט מען צוגעלייגט האָלץ און מתים — דער באַרג האָט כסדר געטליִעט און געברענט.

ווער עס האָט זיך נישט געקאָנט אָרגאַניזירן אַ בלעכענע פּושקע, דער האָט דאָס ביסל זופּ נישט באַקומען. ביי נאַכט, אַז מען האָט נישט גוט געהיטן די שיך, האָבן די אוקראַיִנער אָדער פּאָליאַקן זיי צוגעגנבעט, און צומאַרגנס, אויב מען האָט נישט געהאַט קיין מזל צו געפינען עפּעס אַ שמאַטע אַרומצווויקלען די באָרוועסע פיס, איז מען געגאַנגען באָרוועס אין די גרעסטע שנייען און פראָסט עטלעכע קילאָמעטער צו דער אַרבעט און

צוריק. ביי אַ טייל זענען די פיס אָפּגעפרוירן, אָדער ער איז אין גאַנצן פאַר־פרוירן געוואָרן, דעמאָלט האָט מען אים געבראַכט אויף דער „שאָנוגגס־באַראַקע", באַקומען אַ נומער אויפן שטערן און אין אַ טאָג, צי שפּעטער איז ער געקומען אויף דער „פּיראַמידע".

געאַרבעט האָט מען אין דריי שיכטע. אין דריי שיכטן האָבן מיר אַרויס־מאַרשירט צו דער אַרבעט. אין דריי שיכטן זענען מיר געשלאָפן אויף די זעלבע קויקעס. ווען איין שיכט האָט אַרויסמאַרשירט האָט אַ צווייטער — אַריינמאַרשירט.

געשלאָפן איז מען ווייניק. מען האָט טאַקע געאַרבעט נישט מער ווי אַכט שעה אין טאָג, אָבער צוזאַמען מיט מאַכן די בעטן (געוואַשן האָט מען זיך זעלטן, ווייל עס האָט שטענדיק אויסגעפעלט וואַסער), נעמען דאָס ביסל קאַרגע עסן, דאָן דער אַפּעל, דאָס גיין עטלעכע קילאָמעטער צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט און ווידער אַן אַפּעל, איז פאַקטיש דער אַרבעטסטאָג געווען 14 ביז 16 שעה און מער.

אינעם דאָזיקן לאַגער זענען געווען „העפטלינגע" פון פאַרשידענע פעלקער אין אייראָפּע. די ייִדן האָבן געליטן דאָפּלט: פון דער דייטשער באַוואַכונג און פון די אַנטיסעמיטישע אוקראַיִנער און פּאָליאַקן. עס זענען דאָרט אויך געווען ווייסרוסן און ציגיינער, מיט זיי האָט מען אַ ביסל בעסער „געלעבט" — זיי האָבן זיך צו אונדז באַצויגן ווי צו אייגענע חברים קאַצעטלער. דערקעגן אַ גרויסע צאָל אוקראַיִנער און פּאָליאַקן זענען געווען פאַרביסענע אַנטיסעמיטן. זיי פלעגן שטאַרק פייניקן ייִדן, אַפילו זיי אַליין זענען אויך געווען, פונקט ווי מיר, אויף געהאַקטע צרות. זעט אויס, אַז דערמיט האָבן זיי זיך איינגערעדט, אַז זיי זענען „בעסערע", זיי זענען „אַריער".

געאַרבעט האָט מען ביי טאָג און ביי נאַכט, אַפילו זונטיק. מיין „קאַפּאָ" איז געווען, צו מיין מזל, אַ ציגיינער — אַ ווילער יאַט. גערופן האָט מען אים פעטער און אַזוי ווי ער האָט געהערט, אַז מיינע חברים רופן מיך פעדער, האָט ער געמיינט, אַז איך הייס אויך פעטער, און דערפאַר מיך אַ ביסל געשוינט.

איך האָב געאַרבעט שותפות מיט אַ ווייסרוסישן סטודענט, וועלכער האָט גוט געקאָנט רעדן דייטש, ווייל זיין מוטער איז געווען פון ריגע. עס איז מיר געווען זייער אָנגענעם מיט אים צוזאַמען צו אַרבעטן. מיר האָבן שטיל געשמועסט וועגן ליטעראַטור און באַזונדערס וועגן קונסט: מאָלעריי, טעאַטער אאַז"וו. ער האָט זיך געפרייט, וואָס איך בין באַהאַוונט אין דער רוסישער קונסט און באַזונדערס אין טעאַטער. מיר האָבן גערעדט וועגן

סטאַניסלאַװסקי, טאַירָאָװ, מײַערכאָלד, גראַנאָװסקי, הבימה, דאָס אַלץ איז געשען ביים לאָדן די װעגעלעך מיט ליים אָדער שטיינער.

נישט װייט פון אונדז האָט געאַרבעט אַ פּאָליאַק, ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן, װאָס דער װייסרוס האָט זיך אונטערהאַלטן מיט אַ „זשיד". איז ער יעדע האַלבע שעה געלאָפן מיט אַ מסירה, אַז מיר אַרבעטן נישט, נאָר שמועסן און אונטערהאַלטן זיך און אָפט האָבן מיר באַקומען קלעפּ צוליב זיינע מסירות. מיר האָבן אים פאַרשאָלטן.

איין מאָל אין אַ זונטיק, װען מיר זענען אַרויס צו דער אַרבעט, האָב איך געזען, װי עס גייט אַ גרעסערע גרופּע „העפטלינגע" און דער „שגץ", װאָס האָט אונדז אָנגעטאָן צרות, איז צװישן זיי און נעבן אים גייט אַ הויכער בלאָנדער גוי און גיט אים אויף פּויליש אין זיין טאַטנס־מאַמען אַריין... די גאַנצע „תוכחה" פון דער פּוילישער אונטערװעלט־שפּראַך, האָט דער שגץ באַקומען.

איך מיטן װייסרוס האָבן פּונקט געשטופּט אַ װעגעלע מיט ליים און עס האָט זיך מיר אַזוי געװאָלט צוגיין צו דעם הויכן, בלאָנדן גוי און אים אַ קוש געבן, נאָר װער װייסט, אפשר איז ער אויך אַן אַנטיסעמיט. אָבער איך האָב מיר אַ ביסל געקילט מיין פאַרװייטיקט האַרץ און איך האָב דעם בלאָנדן גוי ליב באַקומען. עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז ער נעמט זיך אָן מיין יידישע קריװדע.

שפּעטער בין איך געװויר געװאָרן, אַז ער הייסט פּאַװול קאָלאָזייטשיק און נאָכן װאַרשעװער אויפשטאַנד האָט מען אים צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע פּוילישע יונגעלייט אַהער פאַרשיקט.

איין מאָל זענען מיר אַ גרופּע אַרויס צו דער אַרבעט. באַגלייט האָט אונדז אַ דייטשער מייסטער. מיר האָבן באַדאַרפט אויסלאָדן אַ װאַגאָן פאַר־שיידענע טיילן צו די באָמבעס, װאָס מען האָט דאָרט פאַבריצירט. דער װאַגאָן איז געשטאַנען אין אַ קליין װעלדל. פּלוצעם האָבן מיר געהערט עראָפּלאַנען רוישן. עס איז געװאָרן אַ געלויף פון מענטשן צו באַהאַלטן זיך אין די בונקערס. אויך אונדזער מייסטער שרייט: „פערפלוכט, דאָס זינד ענגלענדער, קאָמט שנעל, לאָס!... צום בונקער!!!..." מיר לויפן צוזאַמען מיטן דייטשן מייסטער צו צום ערשטן בונקער, און װילן אַריינגיין. שרייען די דאָרטיקע דייטשן און אַנדערע אין בונקער:

„יודען ראַוס!... יודען רררראַוססס!..."

מיר זענען צוריק אַרויס. דער דייטשער מייסטער, װעלכער איז געװען פאַר אונדז פאַראַנטװאָרטלעך, ער האָט געזען, אַז מיר זענען אַרויס, איז ער אויך אַרויס. מיר זענען צוריק אַריין אין װעלדל, װאָס איז געװען אַ פּאָר

הונדערט מעטער אָפּגערוקט, און זיך אַנידערגעוואָרפן אויפן באָדן. און שוין האָט מען געהערט דאָס באָמבאַרדירן. די ערד האָט געציטערט, ווו מיר זענען געלעגן.

נאָך אַ צען מינוטן איז עס ווידער שטיל געוואָרן. די עראָפּלאַנען זענען אַוועק. דער מייסטער באַפעלט אונדז: „אַללעס צוריק אינס לאַגער!"

אויפן וועג צוריק מאַרשירנדיק אין לאַגער, זעען מיר ווי דער בונקער, אַוווּ מיר האָבן געוואָלט אַריין און מען האָט אונדז דאָרט, ווייל מיר זענען ייִדן, נישט אַריינגעלאָזט, איז אַריין אַ באָמבע. דער בונקער איז פולשטענדיק פאַרניכט און פאַרשיט געוואָרן.

ווען אונדזער מייסטער האָט דאָס דערזען, איז ער אַנידערגעפאַלן אויף זיינע קני און אויסגעשריגן: „אָך, דו ליבער הער!... דער יודענגאָט האָט מיך גערעטעט! (געראַטעוועט!).

אין איינעם אַ מאָרגן, זענען מיר אַרויס צום אַפּעל, האָבן מיר באַמערקט ווי דער גאַנצער לאַגער מיט „העפטלינגע" זענען אויסגעשטעלט און קיינער מאַרשירט נישט אַרויס צו דער אַרבעט, נאָר מען הייסט אונדז: „פערטיק מאַכן צום אָפּמאַרש!", דער לאַגער ווערט פאַרמאַכט.

ביים אַרויסמאַרשירן פון לאַגער האָבן מיר געהערט דאָס שיסן פון האַרמאַטן, וואָס איז געוואָרן נענטער און שטאַרקער. מען האָט אונדז אַריינגעשטופּט אין בהמה־וואַגאָנען און אָפּגעפירט קיין האַמבורג. אין האַמבורג איז דער צוג שטיין געבליבן, ווייל אין דער זעלבער צייט האָבן די ענגלענדער באָמבאַרדירט האַמבורג און די באַן־רעלסן זענען געוואָרן צעריסן. שפּעטער האָט מען אונדז געפירט פון האַמבורג קיין בערגען־בעלזען. נאָך דער באַפרייונג האָב איך געהערט, אַז מען האָט אונדז געזאָלט אַרויפזעצן אויף אַ שיף און אַלע „העפטלינגע" צוזאַמען מיט דער שיף דערטרינקען אין דער עלבע, פונקט, ווי זיי האָבן עס געטאָן איניקע טעג פריִער מיט אַ טראַנספּאָרט אַנדערע „העפטלינגע".

סוף מערץ זענען מיר אָנגעקומען קיין בערגען־בעלזען. דער לאַגער איז געווען איבערפולט מיט טויט־קראַנקע — ס'האָט דאָרט געפּאַנעוועט דער טיפוס און אַזוי ווי עס איז נישט געווען קיין פּלאַץ פאַר די טויזנטער, וואָס זענען אָנגעקומען פון פאַרשידענע לאַגערן, האָט מען אונדז אַריינגעשטופּט אין די דאָרטיקע מיליטערישע קאַזאַרמעס, ווו מיר זענען דעם 15טן אַפּריל 1945 באַפרייט געוואָרן דורך די ענגלענדער.

באַלד נאָך דער באַפרייונג האָבן גרופּעס ייִדישע יונגעלייט פאַרכאַפּט פוסטע הייזער און אַהין אַריינגעלאָזט נאָר ייִדן כדי אַ ביסל אָפּצוּטעמען פון די אַנטיסעמיטן. אויך איך בין אַריין אין אַזאַ שטוב מיט נאָך אַ צאָל

ייִדישע יונגעלייט. פּלוצעם האָב איך באַמערקט דעם הויכן בלאָנדן גוי פון „עלריך" ווי אויך ער שטופּט זיך אַרייַן אין דער זעלבער שטוב און ער ווענדט זיך צו מיר אויף ייִדיש:

„חבר, נאָך דאָ אַ פּלאַץ פאַר מיר?"

מיר איז דאָס לשון אַפּגענומען געוואָרן. אַזוי ווי אין שטוב איז שוין נישט מער געווען קיין פּלאַץ, איז ער אַוועק.

אַ צייט האָב איך אים נישט געזען. אַ צוויי חדשים שפּעטער נאָך דער באַפרייונג, ביים אָנהויב פון אָרגאַניזירן אַ ייִדישע טעאַטער־סטודיע אין בערגען־בעלזען, איז צו אונדז געקומען און געוואָרן אַ מיטגלידערין די קלאַוויר־שפּילערין בעבקאַ ווידוטשינסקי פון שאַוול, ליטע. אויף אַ פּראָבע האָט זי מיטגעבראַכט אירס אַ חבר. דאָס איז געווען דער בלאָנדער „גוי" פון לאַגער „עלריך", פּאַוול קאַלעזייטשיק... ער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט און זיך פאָרגעשטעלט פאַר מיר: פּאַול טרעפּמאַן, אָדער בעסער געזאָגט, פּנחס טרעפּמאַן! איך האָב אים דערמאָנט די געשיכטע אין קאַצעט־לאַגער „עלריך".

ער האָט מיר דערציילט, אַז ער איז געווען אַ סטודענט אין ראַבינער־סעמינאַר „תחכמוני" אין וואַרשע און אַ סטודענט פון ווילנער אוניווערסי־טעט. געווען אין אונטערגרונט אויף דער אַרישער זייט. נאָכן וואַרשעווער אויפשטאַנד פאַרשיקט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. מיר זענען געוואָרן האַרציקע פריינד.

## „יונהלע"

(אַ בילד פון לאַגער־לעבן נאָך דער באַפרייונג)

געווען איז עס אין בערגען־בעלזען, קורץ נאָך דער באַפרייונג. דער טיפוס האָט געבושעוועט. מענטשן, אויסגעמאַטערטע דורך לאַנגע יאָרן הונגער און פּיין, זענען געפאַלן ווי פליגן, און אַ סך דערשאָסן געוואָרן דורך די אונגאַרישע עס־עס־באַוואַכער שוין נאָך דעם ווי דעם לאַגער האָבן איבערגענומען די ענגלענדער.

די מאַסן־קברים מיט אויפשריפטן — דאָ ליגן אַזוי פיל און אַזוי פיל טויזנטער טויטע — האָבן זיך געמערט פון טאָג צו טאָג.

דעמאָלט האָט די צייטווייליקע ענגלישע מיליטער־פאַרוואַלטונג באַ־

שלאָסן צו מאַכן פון גאַנצן לאַגער בערגען־בעלזען איין גרויסן שפּיטאָל און די „געזונטע" האָט מען אַרויפגעזעצט אויף מיליטערישע לאַסט־אויטאָס און זיי אַרויסגעפירט אין אַ נייעם לאַגער קיין צעללע, צוואַנציק קילאָ־מעטער פון בערגען־בעלזען.

די מלחמה האָט זיך נאָך נישט געהאַט פאַרענדיקט און דער הונגער אין נייעם לאַגער איז געווען שטאַרק, האָט מען געזוכט וועגן זיך אַרויס־צוגנבענען פון לאַגער, כּדי ערגעץ ווו „אָרגאַניזירן" עסנוואַרג: אַ שטיקל ברויט, אַ פּאָר קאַרטאָפל אָדער אַ ביסל ריבן. אַ סך מאָל איז מען אַוועק צו די ענגלישע און אַמעריקאַנישע מיליטער־באַראַקן, דער צוגאַנג פאַר ציווילע מענטשן איז געווען פאַרבאָטן. עס זענען געהאַנגען טאָוולען מיט אויפשריפטן: „דאָ ווערט שאַרף געשאָסן!" דאָך פלעגט מען זיך אַהין אַריינ־גנבענען און אויסבעטן ביי די סאָלדאַטן אַ שטיקל ברויט, אַ פּושקע קאָנ־סערוון, אָדער אַפילו אַ טאָוול שאָקאָלאַד און נישט איינער האָט דערביי אויך זיין לעבן פאַרלוירן.

אויב ס'האָט ווער געהאַט גענוג ציגאַרעטן און וויניק צום עסן, איז ער מיט די ציגאַרעטן אַוועק אין אַ דאָרף און ביי פּויערים אויסגעטוישט די ציגאַרעטן אויף ברויט, קאַרטאָפל, בעבלעך, בוראַקעס. אָט אַזוי האָט מען זיך געהאָלפן אויף וויפל עס איז געווען מעגלעך צו שטילן דעם נאָגנ־דיקן הונגער.

ביי אונדז אין שטוב האָט מען זיך געפירט „קיבוץ־מעסיק", ווער עס האָט אָרגאַניזירט לעבנסמיטל, האָט עס געגעבן אין שותפות. מען האָט די קאַרטאָפל, בעבלעך און בוראַקעס אַריינגעטאָן אין אַ גרויסן עמער און פאַר אַלעמען צוזאַמען געקאָכט אַ זופּ. מיר האָבן עס גערופן „יוּשקע", אָבער נישט שטענדיק האָט מען געקאָנט „אָרגאַניזירן". האָט מען גוט געהונגערט.

אין איינעם אַזאַ שווערן טאָג — דער הונגער האָט גענאָגט ביז האַרצ־ווייטיק, חוץ אַ פּאָר קאַרטאָפל איז גאָרנישט געווען, האָט אַ חבר געבראַכט פון דאָרף אַ קרוליק, אַ לעבעדיקן קרוליק! די שמחה ביי דער חברה איז געווען גאָר גרויס: „איצט וועט מען עס מאַכן די אמתע יושקע מיט אַלע גוטע זאַכן מיט פליש פאַרבראָקט".

אַ חבר, דער „קוכער", האָט זיך גענומען פאַרען. חברה האָבן אים געגעבן עצות, ווי אַזוי און ווי אַמבעסטן צו קאָכן די יושקע. איינער, אַן אונגאַרישער חבר, האָט אים אויף דייטשמעריש געעצהט: „אָבער מיין הערר, איך ביט זי, איינען האָזען־בראָטען, מיסען זי מאַכען, דאָס שמעקט גוט, איך זאָגע אינען, דאָס שמעקט פאַרציגליך!"

האָט געשריגן אַ צווייטער: „וואָס פּאַראַ ,ההאָזען־בראָטען', צו אַלדע רוחות! אַ יושקע מיט פלייש!"

דער אונגאַרישער חבר איז געוואָרן רויט פון אויפרעגונג און געשריגן אויך שוין אַ ביסל העכער: „אָבער ביטע שעהן מיין הערר, וואָס וויסען זי פאָן האָזען־בראָטען?"

דאָ האָט זיך אַ דריטער חבר אַריינגעמישט: „וואָס? פאַר צוואַנציק מאַן ווילסטו פון אַזאַ קליינעם קרוליק מאַכן אַ האאאָזען־בראאָטען?! אַ יושקע, נאָר אַ יושקע דאַרף מען מאַכן".

הין־אַהער, מ'האָט באַשלאָסן: אַ יושקע, ס'זאָל סטייען פאַר אַלעמען, ווייל וואָסער, ברוך־השם, האָט נישט געפעלט.

דער עולם האָט זיך געגרייט צו דער סעודה.

דער „קוכער" האָט אָנגעהויבן קאָמאַנדעווען. איייניקע פון דער חברה האָבן זיך גענומען שיילן קאַרטאָפל, אַנדערע זענען געגאַנגען „אָרגאַניזירן" האָלץ צום ברענען.

דערווייל האָבן זיך אַ טייל חברה געשפּילט מיטן קרוליק, וועלכער האָט זיך גאָר גיך צוגעוויינט צו אונדז, אַרומגעשפּרונגען און צו יעדן געלאָפן און געפרעסן גלייך פון דער האַנט: ביי איינעם אַ בלעטל, ביי אַ צווייטן אַ ביסל גראָז — איך ווייס נישט ווער און ווי אַזוי, פּלוצעם האָט מען דעם קרוליק גערופן „יונהלע", און גערעדט צו אים אויף פאַרשיידענע לשונות — יידיש, פּויליש, אונגאַריש, דייטשמעריש: „נאַ־נאַ־נאַ!... יונהלע, אַ בלע־טעלע!..." „יונהלע, כאָדזש טוטיי!... „יונהלשען, קאָם מיין טויבשען, נאַ, פריס דאָך שאָן!" און יונהלע איז געשפּרונגען ווי ס'פּאַסט פאַר אַ יונג העזעלע פון איינעם צום צווייטן.

די קאַרטאָפל זענען שוין אָפּגעשיילט, אַן עמער, אין וואָס צו קאָכן די זופּ, איז שוין אויך פאַראַן און אָט האָבן חברה שוין צעצונדן אין אויוון אַ פייער, פשוט — אַ מחיה.

יונהלע שפּרינגט דערווייל אַרום מיט גרויס שמחה און חברה האָבן שטאַרק הנאה פון אים, ביז... דער „קוכער" גיט אַ קאָמאַנדע צו חיימען, וועלכער האָט זיך גראָד געשפּילט מיט יונהלען:

„חיים, נעם יונהלען און מאַך אַ „ברכה" על השחיטה, ווי אין פּסוק שטייט, מאַך אים פאַרטיק, שינד אים אָפּ די פעל און ברענג אים צו מיר. צעפערטלען וועל איך אים שוין אַליין".

חיים קוקט אויפן „קוכער" אַ דערשטוינטער: „וואָס עפּעס איך?... דו ביסט דאָך דער „קוכער", באַדאַרפסט דו אים פאַרטיק מאַכן".

דער „קוכער" ענטפערט אים באַלד אָפּ: „איך קאָן נישט אַלץ מאַכן אַליין. עסן ווילט איר אַלע, נאָר מיט עפּעס אַרויסהעלפן וויל מען נישט". און ער רופט אַ צווייטן.

„משה, זיי מוחל, נעם יונהלען, מאַך אים פּאַרטיק, שינד אים אָפּ די פעל און ברענג אים צו מיר".

משה, וועלכער זיצט אין אַ ווינקל און פאַריכט זיינע צעריסענע הויזן, שווייגט ווי נישט אים מיינט מען.

דער „קוכער", שוין אַן אויפגערעגטער, שרייט:

„משה, האָסט נישט געהערט? דו האָסט דאָך נאָך היינט גאָרנישט געטאָן, עסן ווילסטו! נעם יונהלען, מאַך אים פּאַרטיק און שינד אים אָפּ".

משה הערט אויף צו לאַטען זיינע צעריסענע הויזן, גלייכט אויס די ברילן און קוקט מיט חידוש אויפן „קוכער":

„וו־אָ־ס? איך זאָל פּאַרטיק מאַכן יונהלען? וואָס בין איך, אַ שוחט? אַ קצב? איך זאָל הרגענען יונהלען? איך קאָן קיין בלוט נישט זען, אַז איך זע בלוט, חלש איך. ווילסט איך זאָל חלשן?" און ער האָט זיך גענומען ווייטער צו די אַלטע הויזן.

דער „קוכער" האָט זיך אַרומגעקוקט פאַרצווייפלט און געשריגן:

„אויב קיינער וויל נישט צורעכט מאַכן יונהלען, קאָכט איך אַליין די יושקע".

באַמערקנדיק אין אַ זייט בערעלען, האָט ער זיך צו אים געוואָנדן בעטנדיק:

„בערעלע, טייערער, איך בעט דיך, נעם יונהלען און מאַך אים פּאַרטיק".

בערל האָט אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט פאַמעלעך, געלאַסן, האַרט־בייוואָרט:

„דו דאַרפסט גאָרנישט בעטן, מאַך דו פּאַרטיק יונהלען און איך וועל קאָכן די יושקע".

אַז ס'האָט זיך פאַרצויגן דער וויכוח ווער עס זאָל פּאַרטיק מאַכן יונהלען, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מען דאַרף „ציִען קניפּלעך". קיין קניפּלעך האָט מען נישט געצויגן, נאָר גענומען אַ בויגן פּאַפּיר, צעשניטן אויף צוואַנציק קליינע צעטעלעך און אויף איין צעטעלע אויפגעשריבן דאָס וואָרט „יונהלע". ווער עס וועט אַרויסציִען דאָס צעטעלע מיטן וואָרט „יונהלע", דער וועט אים פּאַרטיק מאַכן.

די שפּאַנונג ביים אַרויסציִען דאָס צעטעלע איז געווען גוואַלדיק־גרויס.

האָט אַ חבר אַרויסגעצויגן אַ ריין צעטעלע, איז ער געשפּרונגען און גע־טאַנצט פֿאַר פֿרייד.

דערווייל זענען די צעטעלעך געוואָרן אַלץ ווייניקער און די שפּאַנונג גרעסער. אָט האָט יצחק אַרויסגעצויגן אַ צעטעלע — יצחק איז געווען דער, וואָס האָט זיך מער ווי אַלע געשפּילט מיטן קרוליק און אפֿשר אים אויך געגעבן דעם נאָמען „יונהלע". מן הסתם דערפֿאַר, ווייל יונהלע איז געווען ווייס, און גוט ווי אַ טויב. יצחק האָט לאַנגזאַם צעוויקלט דאָס צעטעלע און דאָ האָבן אַלע דערזען דאָס אויפֿגעשריבענע „וואָרט" און צוזאַמען אַ געשריי געטאָן: „יונהלע!" יצחק איז געוואָרן בלאַס און מיט אַן אויסגעשריי: „איך וויל נישט קיין יושקע!" איז ער אַרויס פֿון שטוב איבערלאָזנדיק אָפֿן די טיר.

עס איז געוואָרן אַ טומל און אַ געשריי: „אַ שאָד, דאָס האָלץ ברענט אויס!..." „מען דאַרף שעכטן דעם קרוליק!..." „קרוליקעס אויף אונדזערע קעפּ, ס'איז דען כשר?!..." „האָזען־בראַטען, דאָס איזט גוט!..." „פּרעסן ווילן זיי אַלע, אָבער עפּעס טאָן — דאָס נישט!..." האָט זיך דער „קוכער" געבייזערט. פּלוצעם האָט ער, זוכנדיק, זיך אומגעדרייט און אַ געשריי געטאָן:

„ווו איז יונהלע?!"

„ווו איז טאַקע יונהלע?!" האָבן אַלע מיטגעפֿרעגט.

ביים גרויסן גערודער האָט, ווייזט אויס, יונהלע זיך דערשראָקן. די טיר איז געווען אָפֿן האָט ער געמאַכט ויברח. זוך היינט, זוך מאָרגן, יונהלע איז מער נישט געווען.

האָט מען פֿון די שוין אָפּגעשיילטע קאַרטאָפֿל געמאַכט אַ גרויסע יושקע און ביים עסן זענען אַלע געווען צופֿרידן וואָס יונהלע איז אַנטלאָפֿן. בלויז דער אונגאַרישער חבר האָט פֿון צייט צו צייט זיך דערמאָנט: „אַך, מיינע העררען, וואָס ווייסען זי פֿאָן האָזען־בראַטען?"

## אַ ווינטער־אָוונט אין בערגען־בעלזען

געווען איז עס אין בערגען־בעלזען, אָוונט־צייט, אין ערשטן ווינטער נאָך דער באַפֿרייונג. דאָס מאָל האָט זיך דער ווינטער געשטעלט אַ שאַרפֿער. ווינטן האָבן געבלאָזן, געפּייפֿט אין די קוימענס. די פֿענצטער האָבן זיך

אָנגעטאָן אין אַ בלישטשענדיקן פאַנצער, מיט איז האָבן זיך באַדעקט די ביימער. איז ליב געווען צו זיצן אין שטוב. דער אויוון האָט רויט געגליט. ס׳האָט געקנאַקט דאָס טרוקענע האָלץ. ס׳איז היימלעך געווען אין דעם קליינעם שטיבל, וווּ איך האָב געוווינט.

כ׳בין געזעסן ביים אויוון, זיך געוואַרעמט, געלייענט אַ בוך, געהאַט יענע הנאה פון מנוחה וואָס נאָר אַ קאַצעטלער קען זי פילן נאָך פינף קאַצעט־יאָרן.

אַ לייכט קלאַפּן אין דער טיר האָט איבערגעריסן מיין לייענען. די טיר האָט זיך געעפנט און ס׳איז אַריינגעקומען אַ פרוי. איר עלטער איז שווער געווען צו באַשטימען. אָט האָט זי אויסגעזען יונג און אָט האָט זיך דאָס פּנים אירס געענדערט. אַ מידקייט און טרויער איז געלעגן אין אירע אויגן. זי איז שטיין געבליבן ביי דער טיר אַ ביסל פאַרלעגן, געקוקט אויף מיר און געזאָגט:

„זייט מוחל... כ׳שטער אייך אפשר?״

מער האָט זי נישט געקענט רעדן. אירע ליפּן האָבן געציטערט. טרערן זענען איר געשטאַנען אין די אויגן.

„זיצט״, האָב איך איבערגעריסן איר שווייגן. „באַרויִקט זיך. אפשר קען איך אייך מיט עפּעס העלפן?״

זי האָט זיך לאַנגזאַם אַוועקגעזעצט און באַלד האַסטיק צוריק אויפגעשפּרונגען. זי האָט פאַרדעקט איר צעפלאַמט פּנים מיט די הענט און האָט ווי צו זיך אַליין גערעדט:

„ניין! מיר קען קיינער נישט העלפן״.

זי האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט אויפן שטול און שטיל דערציילט:

„איך שטאַם פון אונגאַרן. מיינע עלטערן זענען געווען חסידישע מענטשן, רייכע סוחרים. איך, די איינציקע טאָכטער, האָב שטודירט מעדיצין, געאַרבעט. דאַן זענען געקומען די דייטשן. לאַגער... ווי פאַר אַ פרויען־דאָקטער האָט מען מיך צוגעטיילט אויפן קראַנקן־רעוויר פאַר פרויען. מיין גאָט! צו וואָס בין איך געוואָרן אַ פרויען־דאָקטער?״

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, אומגעקוקט זיך, געזוכט די טיר און געמאַכט אַ באַוועגונג אַוועקצוגיין.

„אפשר וועט איר עפּעס טרינקען?״ האָב איך געפּרוווט זי פאַרהאַלטן.

זי האָט אויף מיר אַ בליק געטאָן, געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין און צוגעגעבן:

„איך ווייס נישט צי אייך איז באַקאַנט, אַז שוואַנגערע פרויען האָט מען באַלד געשיקט אין גאַז־קאַמער. אַ סך פון זיי איז געלונגען אויסצובאַהאַלטן

זייער צושטאַנד. זיי זענען געפאַלן אין חלשות אויפן אַרבעטס־פּלאַץ. ווען די עס־עס־לייט האָבן זיך געכאַפּט, האָט מען זי באַלד געשיקט אין גאַז־קאַמער. איניקע האָבן חברטעס געבראַכט צו מיר אויפן קראַנקן־רעוויר. זיי האָבן געבעטן, געקושט מיר די הענט כ׳זאָל זיי ראַטעווען. אָבער ווי אַזוי? קיין קינדער טאָרן דאָ נישט געבוירן ווערן. יעדע פון זיי האָט מיך געבעטן: ראַטעוועט מיך, כ׳בין דאָך נאָך אַזוי יונג. העלפט מיר! ס׳האָט געשניטן ביים האַרץ. מיין גאָט!״

נאָך אַ פּאָר מינוט האָט זי, מיט פאַרבראַכענע הענט, געזאָגט:

„צי איז דען איבערהויפּט פאַראַן אַ גאָט? ווו איז ער? ווו זענען מיינע זיידעס די רבנים? ווו זענען אונדזערע נביאים? ווו איז משיח? אויב קיין יידישער משיח איז נישטאָ, ווו איז דער גוייִשער משיח? ער האָט דאָך געפּרעדיקט ליבע פון מענטש צו מענטש. ווו איז דער מענטש? צי עקזיס־טירט מענטשלעכקייט?״

„ווי אַזוי זאָל איך אייך העלפן?״ האָב איך געפרעגט „אויב איר ווילט לעבן, טאָר אייער קינד נישט לעבן״.

„איין פרוי האָט אויף מיר מוראדיק אַ קוק געטאָן. קרעכצן אַפילו האָט מען נישט געטאָרט, האָט זי שטיל, ווי אַ פאַרווונדעטע חיה, געוואָיעט, געהעשעט, פון וויטיק זיך געביסן די ליפּן ביז בלוט. און אַז אירע קרעכצן און העשערייען זענען געוואָרן העכער, האָב איך איר מיט כּוח דאָס מויל פאַרבונדן, די עס־עס־לייט הינטערן פענצטער זאָלן נישט דערהערן.

„אָט די צוויי הענט״, האָט זי מיר געוויזן, קוקנדיק מיט עקל אויף אירע צוויי אויסגעשטרעקטע ציטערנדיקע הענט, „מיט די הענט האָב איך דאָס קינד אָפּגענומען און עס דערשטיקט. פּלוצעם האָט די מוטער אַראָפּגעריסן דאָס טוך פון איר מויל און געשריִען: ,מערדערין! גיט מיר צוריק מיין קינד!׳ אַ שוויס האָט מיך באַגאָסן. מיט די לעצטע כּוחות האָב איך זי צוגע־האַלטן דאָס מויל. זי האָט זיך ביז בלוט איינגעביסן אין מיינע הענט, איז צוריקגעפאַלן און זיך צעוויינט. איך האָב איר געמאַכט אַן איינשפּריצונג און זי איז איינגעשלאָפן. דאָס עופהלע האָב איך פאַרפּאַקט אין פּאַפּיר און עס פאַרשאַרט הינטערן באַראַק.״

נאָך אַ ווײַלע האָט זי ממשיך געווען:

„די מוטער איז געווען געראַטעוועט. אָבער אויף ווי לאַנג?״

„אַזוי האָב איך צענדליקער יידישע קינדער דערשטיקט. איך, נישט קיין נאַצי! מיט מיינע יידישע הענט. גאָט, פאַר וואָס האָסטו מיך גראָד אויסגעקליבן, כ׳זאָל זיין דער מערדער פון יידישע עופהלעך? איצט זענען זיי אַלע טויט. פאַר וואָס האָסטו מיך געלאָזן לעבן? ניין, זיי זענען נישט

טויט. איך זע זיי אומעטום. ווו איך גיי און ווו איך שטיי זע איך זיי, סיי ביי טאָג און סיי ביי נאַכט. נישט איך קען שלאָפן און נישט איך קען וואַך זיין. איך האָב זיי דעם ערשט־געבוירענעם געשריי נישט געלאָזט געבן. איך, איך", האָט זי געיאָמערט.

„און איצט הער איך זיי אַלע שרייען, אַלע די, וואָס איך האָב דער־שטיקט. עס טרייבט מיך און עס יאָגט מיך. איך קען מער נישט זיין קיין דאָקטערין. מיין חלום איז דאָך געווען צו העלפן מענטשן, דעם ערשטן געשריי פון ניי־געבוירענעם צו הערן, דעם גליקלעכן שמייכל פון דער מוטער צו זען. און איצט האָב איך מורא. איך האָב מורא, אַז מיינע הענט, וואָס וועלן באַרירן אַ ניי־געבוירן עופהלע, זאָלן עס נישט דערשטיקן. כדי צו ראַטעווען, האָב איך געמוזט טויטן".

די פרוי האָט אָפּגעהעשעט:

„זייט מיר מוחל וואָס איך האָב אייך דאָס אַלץ דערציילט. אפשר וועט מיר אַ ביסעלע לייכטער ווערן". זי האָט זיך שטיל צעוויינט. איך האָב געשוויגן. איך האָב געפילט, ווי מיינע אויגן ווערן פייכט. גראָד האָט זיך פון הינטער דער וואַנט צעוויינט אַ ניי־געבוירן קינד. די פרוי איז אויפ־געשפרונגען, אָנגעכאַפּט זיך ביים קאָפּ, פאַרשטאָפּט זיך די אויערן און איז אַרויסגעלאָפן. די טיר איז געבליבן אָפן.

אַ שניידיקער ווינט האָט זיך אַריינגעריסן אין מיין שטוב. איך האָב די פרוי געוואָלט פאַרהאַלטן. זי איז מער נישט געווען.

# ר׳ בעריש

ר׳ בעריש שוחט, אַ דאַר ייִדעלע מיט אַ הדרת־פּנים, אַרומגערעמט מיט אַ שיינער באָרד און לאַנגע געקרייזלטע פּיאות פון וועלכע ס׳האָבן געטריפט טראָפּנס מקווה־וואַסער, איז אויף זיין שטייגער ערב שבת געגאַנגען אַהיים פונעם מרחץ מיט געמאָסטענע טריט און ברומענדיק אַ ניגון. ער איז געגאַנגען מיטן שמאָלן געסל פונעם שטעטל, אויף וועלכן עס ציִען אַוועק צוויי לאַנגע שורות הייזלעך, איינע אַנטקעגן דער צווייטער, ווי מצבות אויף אַ בית־עלמין.

ר׳ בעריש איז געגאַנגען און די קראָמען האָבן זיך פאַרמאַכט ביז ער איז פּלוצעם געבליבן שטיין פאַר אַ קראָם, וואָס האָט נאָך נישט באַוויזן זיך צו פאַרמאַכן. און פּונקט אַזוי פּלוצעם, האָט ער אויפגעהערט ברומען דעם ניגון. מיט דער רעכטער האַנט האָט ער זיך געגעבן אַ וויש איבערן הדרתדיקן פּנים, אַ כאַפּ די באָרד און פּיאות און מיט אַ „נו, עהההּ, נו, שבת" האָט ער אויסגעצויגן די האַנט, צעשפּרייט אַלע פינף פינגער, געשאָקלט מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט אַ שווערע זאַך געוווּיגן און שטיל, ווי ער וואָלט איצט די שטילע „שמונה־עשׂרה" געזאָגט, האָט ער גערעדט צו דער קראָם: „איי, איי־איי, עהההּ, נו, שבת!" ער האָט געוואַרט וועגנדיק די אויסגעצויגענע האַנט מיט די צעשפּרייטע פינגער, ביז דער בעל־הבית, אַ פאַרשעמטער, האָט אויף גיך פאַרמאַכט די קראָם.

דעמאָלט ערשט האָט ר׳ בעריש געמאַכט אַ ביסעלע שנעלערע טריט און אַ ביסל שנעלער אונטערגעברומט דעם ניגון.

אַ ביסל שפּעטער האָט מען ר׳ בערישן געזען מיט נאָך צוויי בחורים, וואָס האָבן געטראָגן אַ גרויסן קויש, צוריק גיין די לאַנגע גאַס. אַזוי איז ער געגאַנגען יעדן ערב שבת צוזאַמענעמען פאַר אָרעמע ישיבה־בחורים, אָדער גלאַט פאַר בכּבודיקע אָרעמעלייט, וואָס האָבן נישט אויף שבת. ביי יעדן הייזל זענען זיי געבליבן שטיין, אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, וואָס האָט זיך צעעפנט מיט אַ ברייטן „גוט שבת!"

די באַלעבאָסטע האָט אָפּגעענטפערט: „אַ גוט יאָר, קומט, קומט אַריין,

קומט ווייטער!״ און זי האָט אַראָפּגענומען פון טיש אַ שוין פון פריַער צוגע־גרייטע חלה אָדער קוכן און אַריינגעלייגט אין קויש.

ר׳ בעריש מיט די בחורים זענען מיט אַ נאָך ברייטערן „גוטן שבת״ אַרויס פון שטוב צווינטשנדיק. „איר זאָלט האָבן אַל דאָס גוטס״, וואָס איז באַגלייט געוואָרן פון דער באַלעבאָסטעס זאָפטיקן „אָמן! גייט געזונט און קומט געזונטערהייט, מירצעשעם איפדערוואָך, ערב שבת, ווידער״.

אַ שבתדיקע מנוחהדיקייט האָט זיך אויסגעשפּרייט איבערן שטעטל. פון די פענצטער האָבן אָנגעהויבן אַרויספינקלען די פריש־אָנגעצונדענע שבת־ליכט. ייִדן זענען געגאַנגען, זיך געאײַלט, ווער אין שול אַריין, ווער אין בית־המדרש צו אין אַ חסידים־שטיבל.

אויך ר׳ בעריש איז אין איילעניש געגאַנגען אין גערער שטיבל אַריין דאַווענען, די זיידענע זשיפּעצע פאַרגאַרטלט, דאָס שטריימל אַ ביסעלע שיף־זיצנדיק אויפן קאָפּ.

אַהיים איז שוין ר׳ בעריש געגאַנגען פאַוואָלינקער, אַרומגערינגלט מיט חסידים און ישיבה־בחורים, שמועסנדיק, ווער עס איז אויף שבת געפאָרן קיין גער צום רבין, זאָל לעבן, און ווער עס וועט פאָרן די אַנדערע וואָך און נאָך אַזעלכע שטיבלשע זאַכן און מיט „אַ גוטן שבת, ר׳ בעריש!״ איז דער עולם געוואָרן וויניקער און וויניקער ביז אויך ר׳ בעריש איז אַריינגעגאַנגען אין זיין שטוב און דורך די פענצטער האָבן זיך דערהערט די „שלום־עליכמס״ און די שבתדיקע „קידושס״.

שבת נאָך מיטאָג זענען בחורים געגאַנגען צו ר׳ בערישן אויף פאַרהער.

נאָכן פאַרהער, מיט אַ קניפּ אין בעקל און צוזאָגנדיק: „אַ ווילער בחור!״ האָט ר׳ בעריש געגעבן שבת־אויבס, ווען אַן עפּל, אַ באַרנע, אָדער צוקערלעך. אַז עס איז אַ יום־טוב, גיט ער לעקעך מיט מעד.

האָט אַ ייִנגל געהאַט אַ פייערדיקן קאָפּ און ער האָט געדאַרפט אַ בעסערן מלמד, נאָר טאַטע־מאַמע זענען געווען אָרעם, אָדער אַ יתום, די מאַמע אַ וויסטע אַלמנה, האָט ר׳ בעריש אַליין מיט דעם בחור געלערנט, אָדער געשאַפן געלט אויף שׂכר־לימוד.

אַזוי שטיל ווי ס׳איז געפלאָסן דאָס שמאָלע טייכל אין שטעטל, אַזוי שטיל זענען געגאַנגען די יאָרן, איין יאָר ווי דאָס אַנדערע ביז... ביז די מלחמה איז אויסגעבראָכן און די דייטשן זענען אַריין אין שטעטל.

אַ גרויסן טייל איינוווינער פון שטעטל האָט אָפּגעגליקט צו אַנטלויפן, געבליבן זענען אַלטע, קראַנקע און די, וואָס האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן.

אַן אימהדיקע נידערגעשלאָגנקייט איז געלעגן איבערן שטעטל, אַ שרעק און אַ גרויל, האָט אָנגעכאַפּט, ווען מען האָט דערהערט, אַז אין אַ נעבן־

שטעטל האָט מען פאַרברענט די שול פול מיט מתפללים. ווער עס האָט געוואָלט אַרויס זיך ראַטעווען, האָט מען דערשאָסן.

אין אַ צווייט שטעטל האָבן דייטשן געהייסן ייִדן אויסגראָבן אַ גרוב, דערנאָך האָט מען זיי געצוווּנגען אַראָפּצוגיין אין גרוב און די דייטשן האָבן דאָרט אַלעמען דערשאָסן. פאַרגוואַלדיקט יונגע מיידלעך, דערנאָך זיי דער־הרגעט.

אין איינעם אַ טאָג, ווען ר׳ בעריש איז געשטאַנען אין טלית־און־תּפֿילין און געדאַוונט שחרית פֿאַרן אָרון־הקודש פֿון זיין קליין ספר־תורהלע, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך אין שטוב — אַ ירושה פֿון זיין טאַטן ע״ה — האָט ער פּלוצים דערהערט אַ טומל, געשרייען און אַ שיסעריי. אַ שטאַרקער קלאַפּ אין דער טיר פֿון זיין קיך, דערנאָך איניקע שאָסן, דערנאָך אַן אויסגעשריי פֿון זיין ווייב גנענדל: „שמע ישׂראל!״ און ער האָט דערזען ווי זי פֿאַלט און בלייבט ליגן אין אַ קאַלוזשע בלוט.

די טיר האָט זיך אויפֿגעפּראַלט, עס זענען אַריינגעקומען דייטשן באַ־וואָפֿנטע מיט ביקסן און באַגלייט פֿון פּוילישע שקצים. די הפֿקרדיקע האָבן אויפֿגעריסן דעם אָרון און אַרויסגענומען דאָס ספר־תורהלע. צוויי דייטשן האָבן אָנגעכאַפּט ר׳ בערישן ביי די רצועות פֿון די תּפֿילין, אַרומגעוויקלט זיי אַרום זיין האַלדז און אים אַרויסגעשלעפּט אויף דער גאַס. דאָרט זענען געשטאַנען נאָך דייטשן און נאָך שקצים, וואָס זענען מיטגעגאַנגען מיט די דייטשן צו ווייזן זיי ווו ייִדן וווינען.

ווען זיי האָבן ר׳ בערישן דערזען, אָנגעטאָן אין טלית־און־תּפֿילין, האָבן זיי מיט חוזק־געלעכטער געשריגן „זשיד!... יודע!... יודע!... איי־וויי! איי־וויי!״ און ר׳ בערישן געשטופּט און געשטויסן.

איינער פֿון די שקצים, האַלטנדיק דאָס ספר־תורהלע, האָט אָנגעכאַפּט די רעכטע פּיאה פֿון ר׳ בערישן און נאָכקרימענדיק דאָס זינגען און טאַנצן פֿון ייִדן, וואָס ער האָט אַ מאָל געזען — ווען ייִדן האָבן געפֿירט אַ ספר אין שול אַריין — האָט געהאָפּקעט, געחוזקט, געלאַכט און געשריגן: „האָפּ! האָפּ! זשידקעלע!״ און ר׳ בערישן געשלעפּט ביי דער פּיאה און זי אויס־געריסן. די באַק און באָרד פֿון ר׳ בערישן זענען געוואָרן רויט פֿון בלוט.

דאָ האָט אַ דייטש, לאַכנדיק, אַרויסגעכאַפּט אַ מעסער פֿון זיין טאַש און צו צו ר׳ בערישן, אָנגעכאַפּט די לינקע העלפֿט פֿון זיין באָרד און צוזאַמען מיט אַ שטיק באַק זי אָפּגעשניטן. האַלטנדיק די האַלבע פֿאַרבלוטיקטע באָרד אין דער האַנט, האָט ער גענומען דאָס ספר־תורהלע פֿונעם שגצס האַנט און עס געגעבן ר׳ בערישן. ער האָט אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער פֿונעם טעשל און אָנגעהויבן שיסן אין דער לופֿט און שרייען: „האָפּסאַ! נאַ, לאָס,

זאַי־יוד, טאַנצן! טאַנצן! האָפּסאַ! האָפּסאַ־טראַלאַלאַ!״ און געשטופּט מיטן רעוואָלווער ר׳ בערישן.

ר׳ בעריש איז געשטאַנען צעטומלט, פעסט האַלטנדיק דאָס ספר־תורהלע, ווי ער וואָלט זיך אָנגעהאַלטן אין אַ פעסטער זאַך, ער זאָל נישט אומפאַלן, און לאַנגזאַם האָט ער אָנגעהויבן צו ריטשן מיט די פיס.

גוייִשע באַלעבאַטים פונעם שטעטל, וועלכע האָבן גוט געקענט ר׳ בערישן, זענען אַדורכגעגאַנגען די גאַס, נייגעריק זיך פאַרהאַלטן און מיט־געכיכקעט און מיטגעלאַכט. אַנדערע, ווידער, האָבן פאַרשעמט אַוועקגעדרייט די קעפּ, נישט געוואָלט זיך אָנטרעפן מיטן בליק פון ר׳ בערישן, און זענען אַוועק.

די דייטשן מיט די שקצים און צוקוקערס האָבן זיך נאָך מער צעהיצט און געשריגן:

„זשיד! פערדאַמטער יודע! טאַנצן! ט־אַ־נ־צ־ן!״

אויך אַ צווייטער דייטש האָט מיט כּעס אַרויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער, געשאָסן אין דער לופט און געשריגן: „טאַנצן! דו שטינק־לודער, ווירדס באַלד ?! לאָס, טאַנצן!״ און ר׳ בעריש האָט מיט זיינע לעצטע כּוחות אָנגע־הויבן אַ ביסל שטאַרקער צו ריטשן מיט די פיס, זיינע ליפּן האָבן ציטער־דיק זיך באַוועגט און ס׳האָט זיך דערהערט אַ האַרץ־וויינענדיק געברום. דאָס האָט ר׳ בעריש געזאָגט ווידוי.

פּלוצים האָבן זיינע אויגן גענומען לייכטן, ווי זיי וואָלטן מיט פייער־פונקען געשפּריצט און ער האָט אָנגעהויבן זינגען און טאַנצן, וואָס אַ מאָל שטאַרקער און פריילעכער: „אוי, שׂישׂו ושׂמחו בשׂמחת תורה! אוי־אוי־אוי־אוי!״ און נאָך הילכיקער זינגענדיק „ותנו כּבוד לתורה!״

די שקצים און די דייטשן האָבן נאָכגעקרימט ר׳ בערישן, קאָמיש מיט־געשפּרונגען און חוזקדיק געלאַכט: „אייוויי־אייוויי! האָפּסאַ! האָפּסאַ! האָפּסאַ!״

ר׳ בעריש האָט נאָך העכער געזונגען און נאָך שטאַרקער געטאַנצט: „אוי, אוי אוי! כּי טוב תורה מכּל סחורה ומפּנינים יקרה!״ ער האָט געטאַנצט מיט אַלץ גרעסערער התלהבות.

פּלוצעם האָט דער דייטש מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט אָנגעהויבן שרייען:

„אָופּהערען! אָופּהערען! פערדאַמיש נאָך איינמאַל, אָופּהערען!״

אָבער ר׳ בעריש האָט נאָך פלאַמיקער געטאַנצט און געזונגען: „אוי־אוי־אוי!!! שׂישׂו ושׂמחו בשׂמחת תורה!״

דער דייטש מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט איז געוואָרן ווילד:

„אָופּ־העָ־רען! האָב איך געזאָגט. דאָס דרעקשווייַן לאַכט יאָ פֿאַן אונדז! דו, זאָר־יוד!״ און האָט דריי מאָל אויסגעשאָסן צו ר׳ בעריש׳ן.

ר׳ בעריש האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, דאָס ספר־תורהלע האָט זיך אים אַרויסגעגליטשט פֿון דער האַנט און זיך צעוויקלט אויף דער גאַס. זיך וואַקלענדיק איז ר׳ בעריש צוגעגאַנגען צום דייטש מיטן רעוואָלווער און האָט אים אַ שפּיי געטאָן אין זיין פּרצוף אַ בלוטיקע מאַסע שפּייעכץ און אַנידערגעפֿאַלן אויף דער אויסגעשפּרייטער ספר־תורה.

צוויי שנירלעך בלוט פֿון ר׳ בערישס ביידע מוילווינקלען זענען גערונען און האָבן זיך געשלענגלט אויף דער ספר־תורה.

די זון האָט געשיינט און אַנגענעם געוואַרעמט. די ביימער האָבן געבליט מיט אַ פֿרעכטיק בליִעכץ. די פֿייגעלעך האָבן געטשוויטשערט, ווי ווען זיי וואָלטן שירה געזונגען צום רבונו־של־עולם.

# קינדער אין געטאָ

חנהלע און משהלע האָבן שוין געוווּסט, אַז אויב מ׳הערט שווערע, זעלנערישע טריט אויף די טרעפּ און קלאַפּן אין די טירן, מוז מען זיך באַהאַלטן.

די זעקס־יאָריקע חנהלע האָט געדענקט, אַז פֿאַראַיאָרן האָבן זעלנע־רישע שטיוול שווער געטראָטן אויף די טרעפּ. דערנאָך האָט עס אַ זעץ געטאָן אין דער טיר, אַז דאָס גאַנצע הויז האָט געציטערט און די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט. חנהלע האָט זיך אויפגעכאַפּט פֿון שלאָף און דערהערט אַ געשריי: „הערויס, פֿערפֿלוכטער יודע!״ דאַן האָט זי, באַהאַלטנדיק זיך אין איר בעטל אין גרויס שרעק, געזען ווי קאָלבעס פֿון ביקסן האָבן אַרויסגעשטויסן איר פֿאָטער. זייט דעמאָלט האָט זי אים נישט געזען.

דער פֿיר־יאָריקער משהלע האָט נישט פֿאַרשטאַנען פֿאַר וואָס מען דאַרף זיך באַהאַלטן. לכתחילה איז אים דאָס באַהאַלטן זיך געפֿעלן געוואָרן, אָבער שפּעטער האָט ער בעסער געוואָלט בלייבן ביי דער מאַמען. ער האָט אָבער געוווּסט, אַז ווען זעלנערישע שווערע שטיוול קלאַפּן אויף די טרעפּ, און מען קלאַפּט אין די טירן, מוז מען זיך באַהאַלטן. דאָך האָט ער זיך צעוויינט: „איך וויל בלייבן ביי די מאַמעסי!״ און וויינענדיק מיטגעגאַנגען

מיט חנהלען, וואָס האָט אים געפירט ביים הענטעלע. מיטן צווייטן הענטעלע האָט ער זיך געשטופּט אין מויל אַריין דעם אַרומגעוויקלטן שאַל, ווייל הויך וויינען, האָט די מאַמע געזאָגט, טאָר מען נישט. איז ער אַזוי, שטיקנדיק זיך, מיטגעגאַנגען מיט חנהלען זיך באַהאַלטן.

ווייט אַוועקגיין זיך באַהאַלטן האָבן זיי נישט געקענט, ווייל זיי האָבן די זעלנערישע טריט גאַנץ נאָענט געהערט. זענען זיי אַראָפּ אין הויף און צווישן דער בודע פון הונט און דעם גרויסן מיסטקאַסטן, אין שמאָלן ווינקעלע, האָבן זיי זיך אַריינגעקוועטשט און דאָרט שטיל געזעסן.

לאַנג אַזוי זיצן האָט משהלע נישט געוואָלט.

„ווען וועט מען אַהיימגיין ?״ האָט ער געפרעגט.

„שאַ, משהלע !״ האָט זיך חנהלע געבעטן, „רעד נישט אַזוי הויך, זיי קענען נאָך דערהערן. אַז זיי וועלן אונדז דאָ געפינען, וועלן זיי אונדז שיסן״.

משהלע האָט אַ צייט געשוויגן, דאַן האָט ער שטיל געפרעגט :

„חנהלע, אַז מען סיסט, טוט וויי ?...

„כ׳ווייס נישט״, האָט אים חנהלע געענטפערט.

משהלע שטופּט דעם שאַל אין מויל און וויינט שטיל.

חנהלע בעט זיך : „וויין נישט, משהלע, זיי קענען נאָך הערן״.

„טום אַהיים !״ בעט זיך משהלע, „איך וויל צו די מאַמעסי״.

חנהלע ווישט אים די טרערן און דאָס נעזעלע : „שווייג משהלע !״ בעט זיך חנהלע, זי קושט אים, „שוויג, זיי שטיל״.

„איך האָב מורא !״ צעוויינט זיך משהלע שטאַרקער און שטופּט נאָך פעסטער אין מויל אַריין דעם שאַל.

„באַרעלע, וואָס האָסטו מורא ?״ פרעגט אים חנהלע.

„אַז מען וועט אונדז דאָ דעפינען, וועט מען אונדז סיסן און ס׳וועט וויי טאָן״, ענטפערט משהלע און שטיקט זיך אין געוויין.

„ווי איז מיר, וויין נישט, דערבאַרעם זיך און וויין נישט״, בעט זיך חנהלע, אַליין זיך שטיקנדיק אין טרערן. „מען וועט דאָך אונדז הערן״.

„נאַרעלע״, זאָגט ווייטער חנהלע, „אַז מען שיסט אויף טויט טוט נישט וויי״.

„אויב עס טוט ניסט וויי״, בעט זיך משהלע, „זאָל מען סוין סיסן און לאָמיר אַהיים דיין צו די מאַמעסי. איך בין הונגעריק״.

„נאַ, דאָ האָסטו אַ מערעלע, עס איז זיס, עס און וויין נישט״, בעט זיך חנהלע.

פון אַ ווינקל פון דער בודע קומט אַרויס אַ קליינטשיק הינטעלע. משהלע קוקט און צעשמייכלט זיך.

„חנהלע, טוט, טוט! אַ סיין הינטעלע! איך דיי נעמען דאָס הינטעלע”.
„משהלע זיץ, דערבאַרעם זיך און זיץ”.
עס דערהערן זיך פון נישט זייער ווייט שטאַרקע שאָסן.
משהלע בלייבט אַ ווײַלע זיצן דערשראָקן, דאַן זאָגט ער שטיל צו חנהלען און ווײַזט מיטן פינגער:
„איך וויל נעמען דאָס הינטעלע, מען וועט עס נאָך סיסן”.
„האָב נישט קיין מורא, משהלע, אַ הינטעלע שיסט מען נישט”.
„פאַר וואָס?” פרעגט זיך משהלע.
„ווייל ער איז נישט קיין ייד”, ענטפערט חנהלע.
„און פאַר וואָס איז ער ניסט טיין ייד?...” פרעגט זיך משהלע.
„כ׳ווייס נישט, ווייל... עס איז אַ הינטעלע”, ענטפערט חנהלע.
„אַ רחמנות, אוי אַ דרויס רחמנות אויפן הינטעלע”, און טרערן שטעלן זיך משהלען אין די אויגן.
פון דער ווייטנס הערן זיך קולות, שיסערייען. עס ווערט שטיל.
„חנהלע”, רופט זיך אָן משהלע, „טום אַהיים, מען האָט סוין דעסאָסן, אַז ניסט וועל איך ווידער וויינען”, צעהעשעט זיך משהלע שטיל.
אַ שטאַרקער שאָס האָט אָפּגעציטערט אין גאַנצן הויף. דאָס קליינע הינטעלע איז זיך פאַרקראָכן אין אַ ווינקל פון דער הינטישער בודקע. משהלע מיט חנהלען האָבן זיך צוזאַמען געטוליעט, איינגעהאַלטנדיק דעם אָטעם.
„זינד היר יודען דאָ?... ראַוס!!! איר פאַרפלוכטעס זאַופאַק!!!” האָט זיך געהערט אַ גראָבע הייזעריקע, פאַרשיכּורטע שטימע.
און אַ פּאָר שאָסן פון אַ מיטראַיעט אין ווינקל צווישן דער בודקע און גרויסן מיסט־קאַסטן האָט אַלץ שטיל געמאַכט. בלויז דאָס קליינע הינטעלע איז פאַרוווּנדעט און פאַרבלוטיקט, וויינענדיק־וואָיענדיק, אַרומגעלאָפן ווילד אויפן הויף.

# שׂרהלע

**געווידמעט דעם אָנדענק פון מיין טייערן פריינד און קאַצעט־חבר, דעם געוו. פּרעזידענט פון וועלט־פאַר־באַנד פון די בערגען־בעלזענער יוסף ראָזענזאַפט.**

די קליינע שׂרהלע האָט זיך אַלץ שטאַרקער און פעסטער צוגעטוליעט צום קעלבל אין שטאַל, זיך באַהאַלטנדיק, מען זאָל זי נישט זען. דער אָטעם האָט זיך ביי איר אויף אַ ווייל אָפּגעשטעלט, און אירע אויגן, מורא האָבנדיק צו קוקן, האָבן זיך פאַרמאַכט. אַ ליכט־שטראַל האָט זיך אַדורכגעשניטן דורך דער פּלוצעם־געעפנטער טיר. שׂרהלע האָט גאָרנישט באַמערקט, אַז די בהמה אין שטאַל האָט זיך דערשראָקן און שׂרהלען צוגעדריקט צו דער שטרוי־וואַנט. זי האָט בלויז געהערט, ווי עס איז עמעצער אַריין אין שטאַל און מיט אַ באַפעלערישער שטים זיך הויך צעשריגן:

„ווען איך וועל בלויז איין ייִד געפינען, ברענט די גאַנצע כאַטע און דו ווערסט דערשאָסן".

„יעזוס מאַריאַ!" האָט דער אַלטער פּויער וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר אָפּגעענטפערט דעם באַוואָפנטן פאַרשוין מיטן עלעקטרישן לאָמפּ ביי דער זייט: „ביי מיר, הער פּולקאָווניק, זענען נישטאָ קיין ייִדן. מען האָט זיי שוין לאַנג אַרויסגעטריבן פון דאָרף".

„זאָגסט דעם אמת? איר פאַרשאָלטענע!" האָט זיך דער פאַרשוין געבייזערט, „אפשר ביסטו גאָר אַליין אויך אַ ייִד?..."

„איך!... איך, אַ ייִד?! יעזוס־מאַריאַ! איך בין נישט קיין ייִד", האָט דער פּויער עטלעכע מאָל איבערגעחזרט. ער האָט אַנידערגעקניט און זיך געצלמט.

„ווו איז דער בוידעם?"

„איך האָב נישט קיין בוידעם, האַר!"

„און אַ קעלער האָסטו?"

„אַ קעלער האָב איך, האַר, אויף קאַרטאָפליעס".

„ווייז ווו ער געפינט זיך!" זיי זענען אַוועק, די טיר האָט זיך פאַרמאַכט. ס'איז צוריק פינצטער געוואָרן.

שׂרהלע איז נאָך אַלץ געלעגן און נישט גערירט זיך. דריי טעג ליגט זי באַהאַלטן אין שטאַל און לעבט פון דעם וואָס די בהמות עסן. מערסטנס פילט זי נישט קיין הונגער, נאָר איצט האָט איר דאָס הערצעלע שטאַרק וויי געטאָן, זי וואָלט וועלן וויינען, נאָר מען טאָר נישט... מען וועט הערן...

דער פּאַרשוין האָט נאָך אַ מאָל אויפגעריסן די טיר, איז אַריין אין שטאַל און אָנגעהויבן אַרויסטרייבן די בהמות. ער האָט דערביי אויפגערעגט געשריגן:

„איר פאַרשאָלטן פאָלק, מיר וועלן אייך שוין געפינען".

שׂרהלע האָט זיך מיטן גאַנצן כּוח איינגעגראָבן אין שטרוי און פאַר שרעק, ווי אין חלום, זיך נישט געקענט אַ ריר טאָן. אַזוי איז זי געלעגן אַ האַלב־איינגעגראָבענע און געוואַרט.

דער פּאַרשוין, ווען ער האָט שׂרהלען דערזען, איז געבליבן שטיין ווי דערשראָקן.

דער פּויער איז געפאַלן אויף דער ערד, זיך געצלמט און מיט אַ יאָמער־לעך קול געהעשעט: „אוי, יעזוס מאַריאַ, יעזוס־מאַריאַ! איך האָב נישט געוווּסט, אַז דאָ איז אַ יידישקע באַהאַלטן! שיסט מיך נישט, האַר!... איך האָב פינף קליינע קינדער, האַר! אָ, דערבאַרעם זיך, האַר, אָ, יעזוס־מאַריאַ!..."

דער פּאַרשוין, וואָס איז געבליבן שטיין אַ ווײַלע, ווי פאַרגליווערט, האָט אַוועקגעשטויסן פון זיך דעם פּויער און אָנגענומען שׂרהלען ביי דער האַנט, זי אַרויסגעצויגן פון שטרוי און צו איר גוטמוטיק גערעדט: „האָב נישט קיין מורא, איך וועל דיר גאָרנישט טאָן..."

שׂרהלע האָט דערשטוינט געקוקט אויפן פּאַרשוין, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין אַ דייטשן עס־עס־מונדיר און געהאַלטן אַ רעוואָלווער אין דער האַנט. זי האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. ווי אַ פאַרכּישופטע איז זי מיטגעגאַנגען מיטן דייטש, וועלכער האָט זי פעסט געהאַלטן ביי דער האַנט. ער איז אַרויס מיט איר פון שטאַל און אַוועק צום נאָענטן וואַלד.

דער פּויער איז געבליבן שטיין פאַרגאַפט. ער האָט זיך נאָך אַ מאָל איבערגעצלמט, אויסגעשפּיגן און געברומט צו זיך:

„האָסט געזען? יעזוס־מאַריאַ, וואָס די יידן קענען!... זיך אויסבאַהאַלטן ביי מיר אין שטאַל און איך האָב גאָר נישט געוווּסט". זיינע אויגן האָבן געזוכט אין אַלע עקן פון דער שטאַל. טאָמער געפינט ער אַ ייד. אָ, ער וועט אים אַליין איבערגעבן די דייטשן.

ער האָט קיינעם נישט געפונען.

ער איז אַרויס פון דער שטאַל, צוריק אַריינגעטריבן די בהמות און מיט קללות האָט ער די שטאַל פאַרשלאָסן, נערוועז איבערגעפּרוּווט דעם שלאָס און דאַן ערשט אַריין אין דער כאַטע.

דער דייטש איז געגאַנגען מיט שנעלע טריט, כּמעט לויפנדיק, נאָכציִענ־דיק שׂרהלען.

ס׳איז געווען אַ טריבער טאָג. די לעצטע געלע בלעטער זענען געפאַלן פון דיביימער. פון ערגעץ ווו האָט זיך געהערט פון צייט צו צייט אַ געוואַלד, דערנאָך איניקע שאָסן און ס׳איז ווידער שטיל געוואָרן, ביז אַ קנאַל פון אַ ביקס אָדער מאַשין־פּיסטאַלעט האָט ווידער איבערגעריסן די שטילקייט. פּלוצעם האָט דער דייטש פאַרלאַנגזאַמט זיינע טריט און שׂרהלע האָט נישט באַמערקט ווי עס זענען פונקט אַזוי פּלוצעם, ווי פון דער ערד, אַרויסגע־וואַקסן נאָך צוויי דייטשן.

„הייל היטלער!״ האָבן די צוויי דייטשן זיך אויסגעצויגן ווי סטרונעס, מיט די הענט אין דער הויך, און נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, האָבן זיי ווייטער גערעדט:

„וווהין גייסטו, קאַמעראַד? אײן יודענמעדל, וואָס?...״

„הייל היטלער!״ האָט אָפּגעענטפערט דער דייטש, וואָס האָט געפירט שׂרהלען, „איך האָב דאָס קינד געפונען״. מיטן אויג ווינקנדיק צום וואַלד, האָט ער צוגעגעבן: „אָבער זי וועט באַלד דערליידיקט ווערן״.

„קאַמעראַד״, האָבן די דייטשן זיך אָפּגעשטעלט, „אַ שאָד דער וועג, מאַך זי דאָ פערטיק!״

„איך טאָר נישט, איך האָב אַ באַפעל״.

„אַך זאָ!״ האָבן די דייטשן אויסגערופן ווי זיי וואָלטן שוין אַלץ פאַרשטאַנען. „דו האָסט אַ באַפעל, דאַן פיל גליק, און דו, קליינע, גריס דעם ליבן מאָזעס אין הימל, הייל היטלער!״

„הייל היטלער!״ האָט דער דייטש, וואָס האָט געפירט שׂרהלען, אָפּגע־ענטפערט און נאָך פעסטער צוגעדריקט שׂרהלעס קליין, דאַר הענטעלע, ווי ער וואָלט מורא געהאַט אַז זי וועט אַנטלויפן.

ביידע דייטשן האָבן געקוקט אין דער ריכטונג ווו דער עס־עס־מאַן מיט שׂרהלען זענען געגאַנגען, אָבער זיי האָבן קיינעם נישט מער געזען. אַ שאָס האָט איבערגעריסן די שטילקייט און אָפּגעקלונגען ווייט, ווייט...

„נאַ, די קליינע איז דערליידיקט״, האָט זיך איינער אָפּגערופן און די צוויי דייטשן זענען מיט לאַנגזאַמע שריט אַוועקגעגאַנגען.

דער עס־עס־מאַן האָט נאָך אַלץ געפירט שׂרהלען און זי פעסט געהאַלטן ביי דער האַנט. אין וואַלד, צווישן די ביימער און שטיינער איז ער שטיין געבליבן, זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן און אָנגעהויבן רעדן:

„שׂרהלע, דו דערקענסט מיך נישט״, און ביי די ווערטער האָט ער אַראָפּגענומען דעם דייטשן העלם פון קאָפּ. שׂרהלע איז געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט און געקוקט, איז דאָס אַ חלום?... מיט טרערן אין די אויגן האָט זי אויסגערופן: „פעטער יאַנקל!״

„שווייג, שׂרהלע!" האָט זיך דער פאַרשטעלטער דייטש אָנגערופן, „שריי נישט, מען קען אונדז נאָך דערהערן", און דאַן שטיל צוגעגעבן: „דו ווייסט, שׂרהלע, מיר האָבן די גאַנצע צייט נאָכשפּיאָנירט וווהין מען פירט אייך און לאַנג געזוכט ביז איך האָב דיך געפונען. איצט קום, באַהאַלט זיך דאָ אין דער הייל. דאָ האָסטו ברויט און אַ שטיק ווורשט און איך וועל גיין זען אויב דער וועג איז פריי. איך וועל באַלד צוריקקומען און דיך מיטנעמען אויף אַ זיכער אָרט, דאַן וועל איך דיר אַלץ דערציילן". ער האָט אַ גלעט געטאָן שׂרהלעס קאָפּ און איז אַוועק. שׂרהלע איז אַ צייט געזעסן פאַרטראַכט און נישט געקענט באַנעמען, וואָס דאָ איז געשען. טראָץ דעם וואָס זי האָט שוין דריי טעג כּמעט נישט געגעסן, האָט זי קיין הונגער נישט געשפּירט. זי האָט אָנגעהויבן זיך דערמאָנען וואָס דורך די פּאָר טעג איז געשען.

דעם טאַטן האָט מען שוין מיט אַ יאָר פריִער פאַרשיקט אין אַ לאַגער אויף שווערע אַרבעט. טרויעריק איז דאַן געוואָרן אין שטוב, ווען דער טאַטע איז אַוועק, די מאַמע האָט געוויינט און די באָבע האָט געטענהט:

„רחל, האָב רחמנות אויף די קינדער, זע וואָס דו מאַכסט פון זיך. הער אויף וויינען, וועסט זען, בעזרל וועט מיטן אויבערשטנס הילף צוריקקומען", און דאַן האָט די באָבע אָנגעהויבן ווישן די אויגן...

איז די מאַמע אַוועק אַרבעטן אין שאָפּ, און שׂרהלע האָט געמוזט אַכטונג געבן אויף די צוויי קליינע ברידערלעך, משהלע און שלמהלע, און באַדינען די אַלטע באָבע, וועלכע האָט שוין נישט געקענט גיין, נאָר געמוזט זיצן אָדער ליגן. דאַן איז געקומען די אויסזידלונג. מען האָט געוואָלט די באָבען נעמען, אָבער זי איז געשטאָרבן ווען די דייטשן זענען געשטאַנען ביי דער טיר. די מאַמע האָט געזאָגט „ברוך דיין אמת", אפשר איז בעסער אַזוי איידער אין זייערע הענט.

פון דעמאָלט אָן, דערמאָנט זיך שׂרהלע, האָט זי שטענדיק מורא געהאַט, ביינאַכט האָט זי געהאַט שרעקלעכע חלומות. אַ מאָל האָט זיך איר געחלומט, אַז די באָבע שטייט לעבן איר, ברעכט די הענט און רופט: „שׂרהלע, שׂרהלע! דערבאַרעם זיך, אַנטלויף, ראַטעווע דיין יונג לעבן! אַנטלויף! אַנטלויף!..."

דערנאָך האָט זי געזען ווי זיי קומען אָן, שיסן און לאַכן... שיסן און ברענען... אַלץ ווערט פאַרברענט, דאָס גאַנצע הויז מיטן טאַטן, מיט דער מאַמען, מיט די ברידערלעך, אַלץ, אַלץ און זי שרייט מיט אירע לעצטע כּוחות. אין אַ טייך שווייס איז זי געלעגן, ווען די מאַמע האָט זי אויפגעוועקט און געפרעגט וואָס זי האָט אַזוי געשריגן פון שלאָף.

אײן מאָל ווען מען איז געקומען זי נעמען אויף דער „אויסזידלונג" מיט אירע צוויי קליינע ברידערלעך און די מאַמע איז נישט געווען אין דער

היים, האָט זיך שׂרהלע מיט אירע צוויי קליינע ברידערלעך באַהאַלטן אין קעלער, צווישן אַלטע שמאַטעס און גראַטעס. די דייטשן האָבן געזוכט, געשטאָכן מיט אייזערנע שפּיזן און געטראָפן דאָס ייִנגסטע ברידערל, קוים דריי יאָר אַלט, ער האָט זיך שטאַרק צעוויינט. האָט מען זיי אַלע געפונען און אַוועקגעפירט אין אַ פאַרמאַכטן וואָגן. דער וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ הויז, ווו עס זענען געווען נאָך אַ סך געכאַפּטע קינדער. שׂרהלען האָט מען אַריינגעלאָזט אין אַ שטוב פון בלויז מיידלעך; די ברידערלעך האָט זי מער נישט געזען. עס איז אַריינגעקומען אַ דייטש און האָט אַלעמען פאַרשריבן. די עלטערע מיידלעך פון פופצן יאָר אָן האָבן זיך געמוזט אויסטאָן און אַריינגיין אין אַ צווייט צימער — צום דאָקטער, די וואָס זענען אַריין צום דאָקטער האָט מען מער נישט געזען. אַזוי זענען זיי געבליבן, די ייִנגערע, אַ טאָג און אַ נאַכט, גאָרנישט געגעסן און אָן וואַסער, געשלאָפן אויף דער ערד. אין דער פרי איז אַריינגעקומען אַ דייטש און געהייסן מיט־גיין פיר מיידלעך. שׂרהלע איז געווען צווישן די פיר מיידלעך. דער דייטש האָט זיי געפירט אין אַ מיליטערישער קאַזאַרמע אויסצורייניקן די צימערן. שׂרהלען איז אויסגעקומען ריין צו מאַכן דעם הויף. ביים אַרבעטן האָט זי זיך דערמאָנט אָן אירע חלומות, ווי די באָבע שרייט צו איר: „ראַטעווע זיך שׂרהלע, אַנטלויף... אַנטלויף..." זי האָט ביי זיך באַשלאָסן צו אַנטלויפן, אָבער ווי אַזוי? ביים טויער שטייט אַ דייטשער סאָלדאַט. דאָרט ווו די פערד־שטאַלן זענען, שטייט אַ פויערישער וואָגן, אַ פויער האָט געבראַכט פריש שטרוי און היי. ער האָט אַריינגעטראָגן דאָס פרישע שטרוי, אַרויסגענומען דאָס אַלטע און צוריק אַרויפגעלייגט אויפן וואָגן.

שׂרהלע האָט זיך אַרומגעקוקט, ווער עס געפינט זיך אויפן הויף. אַחוץ דעם פויער, וואָס איז געווען פאַרטאָן, איז קיינער נישט געווען. די סאָלדאַטן וואָס זענען אַדורכגעגאַנגען האָבן זיך ווייניק געקימערט וועגן דעם יודעג־מיידל, וואָס רייניקט דעם הויף. דאָס האַרץ האָט ביי איר אַ שטאַרקן קלאַפּ געטאָן, זי איז אַרויף אויפן וואָגן און זיך באַהאַלטן אין שטרוי. ווען דער פויער איז פאַרטיק געוואָרן, איז ער צוגעגאַנגען צו דער קאָמענדאַנטור און גענומען אַ צעטל און אין אַ געבראָכענעם דייטש האָט ער קוים אַרויסגע־רעדט: „אַלץ פערטיק, כייל היטלער!" ער איז דאַן צוריקגעגאַנגען צום וואָגן, גענומען די לייצן, אַ שמיץ געטאָן דאָס פערד און מיט אַ שטאַרקן געשריי „וויאָ!" איז ער אַרויסגעפאָרן פון הויף, ווייזנדיק דעם דייטש ביים טויער דעם צעטל, וואָס ער האָט באַקומען אין דער קאָמענדאַנטור. דער דייטש האָט אים צוגעוווּנקען: „אין אָרדנונג", ער זאָל פאָרן.

אַ גאָס רעגן איז פּלוצעם געפאַלן פון הימל, דער דייטש איז אַריין

אין דער בודקע, און דער פויער איז מיט נאָך אַ שטאַרקערן וויאָ! אַרויף אויפֿן וואָגן און אַוועק אין דאָרף אַריין.

אין זיין הויף ביי דער שטאַל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אַריין אין זיין באַטע שעלטנדיק: „אָך, יעזוס־מאַריאַ, אַזאַ רעגן!...״ שׂרהלע איז דאַן לאַנג־זאַם אַראָפּ פון וואָגן, אַריין אין שטאַל און זיך דאָרט באַהאַלטן. זי איז דאָרט געלעגן אַ צייט, ביז די דייטשן זענען געקומען. זי האָט געהערט קולות, קללות, געשרייען, הינט בילן, ביז עס איז ווידער שטיל געוואָרן. זיי זענען אַוועק. דאָס צווייטע מאָל, אַ פּאָר טעג שפּעטער, האָט דער פּעטער, ווי אַ פאַרשטעלטער עס־עס־מאַן זי דאָרט געפונען און זי געבראַכט אין וואַלד. דאָס אַלץ האָט זיך שׂרהלע איצט דערמאָנט און ערשט איצט דערשפּירט אַ וויטיק. זי האָט זיך שטילערהייט צעוויינט און צו זיך גערעדט: „ווער ווייסט ווו עס זענען איצט די צוויי ברידערלעך״. זי האָט זיי באַדאַרפט אויפזוכן, אָבער ווי אַזוי? ווי אַזוי? זי איז איינגעשלאָפן.

ווי לאַנג זי איז געשלאָפן, האָט זי נישט געוווּסט. נאָר ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז דער פּעטער יאַנקל שוין געווען איבערגעטאָן ווי אַ פויער פון דאָרף מיט אַ ביקס אויף דער פּלייצע און האָט שטיל צו איר גערעדט: „אויסגעשלאָפן? נו, איצט קום, שׂרהלע, מיר מוזן אַוועק, איידער עס ווערט טאָג״. שׂרהלע האָט געציטערט פון קעלט. זי האָט אָנגעטאָן אַ פויעריש טוך וואָס דער פּעטער האָט איר געבראַכט, אוןביידע זענען אַרויס פון דער הייל.

אין דרויסן האָט גערעגנט. אַ ווינט האָט געבלאָזן צווישן דיביימער און געמאַכט אַ גערויש אַז מען האָט די אייגענע טריט נישט געהערט. אין דער זייט אויף אַ שמאָלן וועג איז געשטאַנען אַ פויערישער וואָגן, אויף וועלכן עס זענען געזעסן נאָך יִדן און נישט־יִדן אָנגעטאָן אין פויערישע און אין זעלנערישע קליידער מיט ביקסן אויף די פּלייצעס. אַלע האָבן זיך מיט שׂרהלען געפרייט, ווען מען האָט זי אַרויפגעזעצט אויפן וואָגן.

שׂרהלע האָט נישט מער געוויינט, נאָר שטיל געפרעגט דעם פּעטער:

„וווּהין פאָרן מיר, פּעטער יאַנקל?״

„נקמה נעמען, שׂרהלע, פאַר דיין טאַטע־מאַמע, פאַר דיינע ברידערלעך, פאַר אַלע״.



מיין זיידע אפרים פישל אימערגליק ז״ל און באָבע בלומע ז״ל
אין פראַנקפורטביים מאַין, 1924

איך בין געבוירן דעם 5טן דעצעמבער 1909 אין זאַוויערציע (פוילן) און באַקומען דעם נאָמען נאָך מיין עלטער־זיידע ז״ל — שמואל־זיינוול. שפּעטער, ווען איך בין געקומען קיין דייטשלאַנד און געגאַנגען אין דער דאָרטיקער שולע, איז פון שמואל־זיינוול געוואָרן זאַמועל און פון זאַמועל — זאַמי. אַזוי איז מיין נאָמען פאַרבליבן.

מיין פאָטער, אלעזר־בער ז״ל (על־פּי טעות איז אין מיינע אָפיציעלע פּאַפּירן דער נאָמען געשריבן — אליעזר), איז געווען אַ מוסטער־שטעלער אין אַ טוך־פאַבריק. מיין מוטער, גאָלדע־רבקה ז״ל, געבוירן אימערגליק, איז געווען אַ קונסט־שטיקערין.

ווען איך בין אַלט געווען דריי יאָר, איז מיין פאָטער, אין עלטער פון 29 יאָר, געשטאָרבן. מיין מוטער איז דעמאָלט אַלט געווען 27 יאָר און געהאַט פינף קינדער — דריי מיידלעך און צוויי יינגלעך. איך בין געווען דער עלטערער, מיין ברודער איז דעמאָלט אַלט געווען צוויי וואָכן. כּדי איך זאָל קאָנען קדיש זאָגן, האָט מיין זיידע, אפרים־פישל אימערגליק ז״ל, דער פאָטער פון מיין מוטער, וועלכער איז געווען אַ זייגערמאַכער און געוווינט אין ניווקע ביי סאָסנאָוויץ, מיך גענומען צו זיך. דאָרט בין איך געגאַנגען אין אַ חדר, און אין אַ פוילישער פאָלקס־שולע.

אָנהויב 1918 האָט זיך מיין זיידע איבערגעקליבן צו זיין זון אהרן אימערגליק קיין פראַנקפורט ביים מאַין און איך בין אַוועק צו מיין מוטער, וואָס האָט געוווינט אין סטשעמיעשיץ (זאַגלעמביע).

סוף 1918 איז מיין זיידע געקומען קיין פוילן און מיך מיטגענומען צו זיך קיין פראַנקפורט. אין פראַנקפורט האָב איך געענדיקט אַ מיטל־שולע.

אין די יאָרן 26־1925, גייענדיק טאָג־טעגלעך אַהיים פון דער קונסט־געווערבע־שולע, האָב איך געמוזט פאַרבייגיין אַ געשעפט, וואָס אין זיינע וויטרינעס זענען געווען אויסגעשטעלט פאַרשידענע ביכער, אַנטיסעמיטישע קאַריקאַטורן פון האָלץ־שניט, פאַרשיידענע בילדער און אַ גרויסע אויפשריפט איבער דער גאַנצער לענג פון פענצטער:

„די יודען זינד אונדזער אונגליק!“

אין פענצטער איז אויך געלעגן די אַנטיסעמיטישע און פּאָרנאָגראַפישע

צייטונג „דער שטירמער".* די אַנטיסעמיטישע בילדער און אויפשריפטן צו פאַרניכטן ייִדן, האָבן אין מיר אַרויסגערופן אַן אינערלעכע אויפטרייסלונג, פאַרביטערונג און וואַכזאַמקייט. פון דעמאָלט אָן האָב איך געזוכט אַ וועג ווי אַזוי צו העלפן קעמפן קעגן דעם דאָזיקן שמוץ.

איך בין געווען אַ מיטגליד אין דער ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „בלוי־ווייס" און שפּעטער אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי „פּועלי־ציון".

אונטערן איינפלוס פון ייִדישע פּאָליטישע און קולטור־טוער, ווי בערל לאָקער, מלך נוישטאַדט, דניאל טשאַרני, דוד בערגעלסאָן א"אַ, וועלכע האָבן זייערע רעפעראַטן אין פראַנקפורט געהאַלטן אין ייִדיש, האָב איך זיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט דער ייִדישער שפּראַך און מיט דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור.

אין פראַנקפורט האָב איך געהאָלפן שאַפן אַ וואָכן־צייטונג אין ייִדיש — „די נייע צייט". צוליב דעם געלערנט שריפט־זעצערײַ און מעטר־ען־פּאַזש (זאַץ־שטעלערײַ).

ביים פראַנקפורטער שלום־עליכם־קלוב האָב איך מיטגעהאָלפן שאַפן אַ דראַמקרייז, וווּ מען האָט געשפּילט ייִדישע קלאַסיקער. איך האָב מיטגעשפּילט און באַזוכט צוליב דעם אַ טעאַטער־שולע.

אין יאָר 1927, בין איך פון צבי פרידלאַנד און פון דעם שרייבער משה ליווישיץ איינגעלאַדן געוואָרן קיין בערלין אין דער „בערלינער ייִדישער טעאַטער־סטודיע", ווו צבי פרידלאַנד (ביז זיין אָפּפאָרן מיט דער „הבימה" קיין ארץ־ישׂראל) איז געווען דער קינסטלערישער לייטער און רעזשיסער.

---

* „דער שטירמער", אַרויסגעגעבן פונעם נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן פּאָליטיקער און אַנטיסעמיטישן שרייבער, שפּעטער גאַולייטער — יוליוס שטרייכער ימ"ש. אויפן נירנבערגער פּראָצעס איז ער ווי נאַצי־פאַרברעכער פאַרמשפּט און אויפגעהאַנגען געוואָרן.

דעם 5טן דעצעמבער 1984 איז זאַמי פעדער געוואָרן אַ בן־שבעים וחמש, עד מאה ועשרים. דערציילן וועגן לעבן פון זאַמי פעדער דאַרף מען אָדער גאַנצע נעכט, און ערשט נישט פאַרענדיקן, אָדער זאָגן וועגן דעם מיט איין וואָרט — זיין יוגנט איז איינציייטיק אומענדלעכע פיין און אומגעהייערע התלהבות פאַרן יידישן גייסט און פאַר דעם נשמה־יתירהדיקן. זיין ביאָגראַפיע איז געשיכטע פון ייִדישער מאַרטיראָלאָגיע אין דער סאַמע שוידערלעכסטער תקופה פאַרן לעבן פון אונדזער פאָלק.

אונדזער וווּנדערלעכער דיכטער ה. לייוויק האָט אַ מאָל אַרויסגעגעבן אין פאַרלאַג „עמעס" אַ בוך לידער אונטערן נאָמען „דורך זיבן טויטן" — אַזאַ האָט זיך אים געמאָלט דאָס בילד פון זיין סיבירער קאַטאָרגע. ווייזט אויס, אַז צו מענטשלעכע ליידן בכלל און צו ייִדישע בפרט איז נישטאָ קיין גרענעץ. דורך צוועלף טויט־לאַגערן איז דורכגעגאַנגען זאַמי פעדער. מען דערציילט, אַז ווען דאַנטע אַליגיערי — דער שאַפער פון „דער געטלעכער קאָמעדיע" — פלעגט זיך באַווייזן אויף די גאַסן פון פלאָרענץ, האָט מען אים נאָכגעטייטלט מיטן פינגער: „אָט דער מענטש האָט זיך אומגעקערט פון גיהנום". די פאָלקס־פאַרשטעלונג וועגן גיהנום איז נישט מער ווי אַ פאַנטאַזיע, און אויב איר ווילט — אַ גוט, גאָלדן מעשׂהלע — און אַזוי איז עס טאַקע. ביי דאַנטען אין גיהנום געפינען זיך, ווי ס'פּירט זיך, זינדיקע נשמות, וואָס גייען דורך ווייטאָגן צו לייטערונג און דערהויבן זיך, שוין ריינע פון זינד, צום גן־עדן און צו גאָט.

אין היטלערישן גיהנום האָבן זיך געפונען נאָר אומשולדיקע. און איבער זיי האָבן געהערשט נישט דער שׂטן, און נישט לוציפער, נישט דער אַשמדאי, זיי האָבן געפּייניקט נישט מלאכי־חבלה, נישט קיין פאַנטאַסטישע געשפּענסטער, נישט קיין רוחות און שדים, נאָר שרעקלעכערס — עס־עס־לייט, נאַציס, געסטאַפּאָווצעס, היטלעראָווצעס — מיט איין וואָרט: דער ציוויליזירטער דייטש; דאָס האָבן זיך די דייטשן, מיט דער הילף פון דער היינטצייטיקער טעכניק, אויף די יסודות פון די דערגרייכונגען פון דער וויסנשאַפט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, געשאַפן דעם אמתן גיהנום אויף דער ערד — אַ גיהנום, וווּ דער טויט איז אויסגערעכנט מאַטעמאַטיש, מיט דייטשישער פּינקטלעכקייט, אַ טויט אַ לאַנגזאַמער דורך הונגער, קנעכטשאַפט, קלעפּ, פּייניקונגען, דערנידעריקונגען, אויסמאַטערונגען דורך שווערער

אוממענטשלעכער אַרבעט, דורך קרענק, פּאַרסמונגען, דורך פּאַרגאַזונג, דורך פאַרברענען אין ספּעציעלע קרעמאַטאָריעס. פאַרן ייִדן איז געשאַפן געוואָרן נאָר אַן אומדערהערטער גענאָציד, אַן אויסראָטונג ביזן שורש.

זאַמי פעדער דערציילט אונדז וועגן אַזאַ פאַקט, אַז ווען די עס־עס־לייט האָבן נאָך אַ פאַרגאַזונג געפונען ביי דער ברוסט פון דער טויטער מוטער אַ קינד, וואָס איז געבליבן לעבן אַ דאַנק דער מילך, וואָס עס האָט געזויגן, האָבן זיי עס לעבעדיקערהייט אַריינגעוואָרפן אין קרעמאַטאָריע־אויוון און פאַרברענט. אַ פאָלק, וואָס האָט אויסגעראָטן אַ פאָלק, דאַרף געמשפּט ווערן מיט מידת־הדין, וויניקסטנס באַצאָלן. די דייטשן האָבן נישט באַצאָלט.

דער לעצטער סאַמע שרעקלעכסטער קאָנצענטראַציע־לאַגער וווהין עס איז אַריינגעפאַלן זאַמי פעדער, איז געווען בערגען־בעלזען. ער האָט אַהער דורכגעמאַכט מיט פיל אַנדערע דעם „טויטמאַרש". דאָס איז געווען נישט פּראָסט קיין וועג, אַן אויסגעפּלאַסטערטער מיט מתים. ניין — אָט דער הונדערטער קילאָמעטער לאַנגער וועג איז געווען אויסגעמאָסטעט מיט פאַלנדיקע, אויסגעפּייניקטע, פאַרהונגערטע, אויסגעשעפּטע מענטשן־קערפּערס — פאַלנדיקע אָפּט פון עס־עס־קוילן, דערשאָסענע, אָדער דערשלאָגענע ביז טויט אַזוי, אַז אָט דער בלאָטיקער שטח איז געווען דורכגעווייקט מיט בלוט, און מענטש איז אויף מענטש געפאַלן אומאויפהערלעך.

נישט מיר וועלן אויסדערציילן וועגן דעם לעבן פון קאַצעטלער אין בערגען־בעלזען, וועגן לעבן וואָס איז ערגער פונעם טויט. און דאָך האָבן צווישן אַנדערע „העפטלינגען" אויך ייִדן דערלעבט צום טאָג פון דער דייטשישער מפּלה. ווען עס האָבן זיך באַוויזן אין בערגען־בעלזען די ענגלענדער — זעלנער און אָפיצירן, פאַר וועמען ווונדן און אומקום אויפן פראָנט איז קיין נייעס נישט געווען, איז דאָך, ווען זיי האָבן דערזען די בערגשטאַרבנדיקע מענטשן, ווען זיי האָבן דערפילט דעם ריח פון טויט און צעלייגונג, ווען זיי האָבן זיך געטראָפן מיט לעבעדיקע סקעלעטן — האָט אַ טרער אַרויסגעטריפט אויך פון זייערע אויגן. די ערשטע ענגלענדער־זיגער האָבן זיך באַצויגן צו די אומגליקלעכע האַרציק; די קומענדיקע נאָך זיי ענגלענדער — פּאָליטיקער און אַדמיניסטראַטערס — ביוראָקראַטיש און אוממענטשלעך.

דעם 15טן אַפּריל האָבן די קאַצעטניקעס פון בערגען־בעלזען, און צווישן זיי זאַמי פעדער, דערהערט וועגן זייער באַפרייונג, דערהערט — יאָ, נאָר דערזען זיך באמת פריי — נישט. זאַמי פעדער האָט פאַרהיט פאַר דער געשיכטע דעם טאָג פון באַפרייונג מיט אַזאַ אומפאַרגעסלעכע פראַזע —

„מיר זענען באַפרייט, נאָר נישט פריי״. וואָס באַטייט אָט דער פּאַראַדאָקס, אָט די משונהדיקע סיטואַציע? וועגן דעם איז כּדאַי צו דערציילן, דאָס איז כּדאַי צו לערנען און צו פֿאַרגעדענקען.

אין די טעג, ווען די אַלייִרטע האָבן באָמבאַרדירט דייטשלאַנד, האָבן די אַנטלויפֿנדיקע עס־עס־לייט פֿאַרפֿירט אין זייערע נעבנשטייענדיקע קאַזאַר־מעס 40 טויזנט „העפֿטלינגע״ מיט דער האָפֿענונג, אַז זיי וועלן פֿאַרניכטעט ווערן פֿון פֿאַלנדיקע ענגלישע באָמבעס. פֿאַר דער רציחה פֿונעם דייטש איז דאָס אויך נאָך נישט געווען גענוג, זיי האָבן איבערגעלאָזט פֿערציק טויזנט פֿאַרגיפֿטעטע לאַבנס, כּדי מיט אָט דעם ברויט אָפּסמען די לעבן־געבליבענע.

אין בערגען־בעלזען האָבן נאָך אַלץ געבאַלעבאַטעוועט די אונגאַרישע עס־עס־לייט. פֿאַר נעמען אַ ביסל קאַרטאָפֿל־שאָלעכץ, אָדער פֿאַר פּרווון אַרויסגיין אויף דער פֿריי, האָבן זיי צעשאָסן זיבעציק ייִדן. דער דייטשישער סאָלדאַטן־שטיוול איז אין בערגען־בעלזען שוין נישט געווען, אָבער זיין בייזער גייסט — יאָ, ער האָט ווייטער געווילדעוועט; דער לאַגער איז געלעגן אין פֿיבער, דער לאַגער איז געווען געשוואָלן פֿון הונגער, ער איז געווען אין קרעץ, אין קויט, עלנט. ער, דער לאַגער, איז געליגן אויף טיפֿוס, און מחמת דעם וואָס עס איז דאָ נישט געווען קיין מעדיצינישע הילף און קיין מעדיקאַמענטן, זענען שוין נאָך דער באַפֿרייונג אויסגעשטאָרבן דרייסיק טויזנט קאַצעטלער. באַזונדערס שווידערלעך איז געווען אויך איצט דער מצב פֿון ייִדן: אין אַפּריל 1945 זענען די לאַגערן צעטיילט געוואָרן אויף בלאָקן לויט זייער נאַציאָנאַליטעט: אויף פֿראַנצויזן, פּאָליאַקן, טשעכן, רוסן און אַנדערע, בלויז ייִדן זענען נישט געוואָרן פֿאַררעכנט ווי אַ באַזונדער נאַציע. צו יעדער נאַציע־בלאָק זענען געקומען פֿאָרשטייער פֿון זייער מלוכה, מען האָט געטיילט ציגאַרעטן, שאָקאָלאַד, קוכן — „צו אונדז ייִדן, שרייבט זאַמי פֿעדער, איז קיינער נישט געקומען, מיר האָבן געהונגערט״. און דאָך האָבן ייִדן זיך נישט געלאָזט שפּייען אין דער קאַשע. אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דעם ענערגישן און צילגעווענדטן טוער אין דעם לאַגער, יאָסל ראָזענ־זאַפֿט, ווערט אָרגאַניזירט אַ צענטראַל־קאָמיטעט אין דער ענגלישער זאָנע. באַלד נאָך דער באַפֿרייונג האָבן טויט־קראַנקע ייִדן אין בערגען־בעלזען אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ גאַנצע ריי סאָציאַלע, פּאָליטישע און קולטור־אינסטיטוציעס. אין צ.ק. איז אויך אַריינגעגאַנגען זאַמי פֿעדער — איינער פֿון די יוגנטלעכע, וועמענס אויפֿטוען אין געביט פֿון אויפֿלעבן, אויפֿבויען, ווידערגעבערן און דערקוויבערן דעם ייִדישן גייסט, די ייִדישע קולטור, דעם ייִדישן טעאַטער זענען ממש לעגענדאַר — דאָס איז אַ ליכטיק בלעטל, וואָס דאַרף אַריינגיין אין אונדזער געשיכטע, נישט נאָר אונטערן סימבאָל,

אונטערן נאָמען פון אומקום צום אויפקום, נאָר דורך דעם וואָרט, וואָס איז געזאָגט מיטן פולן מויל און פון פולן האַרצן: דורך אומקום צום אויפקום.

אין בערגען־בעלזען האָט דורך טויט אַרויסגעשפּראָצט אַ ניי גרין לעבן, דורך שווערן טרויער, ווי דורך שוואַרצע כמאַרעס, טריפט טרערנדיק, ווי אַ פּרילינגדיק־באַנייענדיקער רעגן, שׂמחה, פרייד פון ווידער־זיין און ווידער־ווערן מענטש און ייִד. ס׳זענען געוואָרן אויפגעשטעלט קינדער־גערטנער, קינדער־שולעס, שולן, אַ ישיבה, ביבליאָטעקן, אַן אָרקעסטער, קלובן מיט צייטונגען, אָרגאַניזאַציעס, אַ שפּיטאָל, פאַראיינען, ספּאָרט, פּאָליציי, מיליטער־איינהייטן. דער לאַגער ווערט אַ מין קליינע ייִדישע מלוכה.

די טראַגישע איראָניע פון אונדזער צעפייניקטער געשיכטע האָט אַזוי געוואָלט, אַז דער נישט־לאַנג נאָך שוידערלעכער לאַגער בערגען־בעלזען זאָל ווערן אויף אַ פאַרהעלטנישמעסיק היפשער צייט אַ ייִדישע היים. שפּעטער, אָפּמערקנדיק דעם 5טן, 10טן און 20סטן יאָרטאָג פון באַפרייען בערגען־בעלזען, האָט זאַמי פעדער מיט גרויס בענקשאַפט, טרויער און פאַרדראָס געמוזט שרייבן, אַז בערגען־בעלזען ווערט נישט נאָר פאַרוואַקסן מיט גראָז, נאָר אַז באַלד וועט אַ יונגער וואַלד מיט זיך פאַרשטעלן די מאַסן־קברים, אין איינעם פון וועלכן עס געפינט זיך אויך זיין שוועסטער — מאַסן־קברים — דענקמעלער, וואָס רופן נישט צו פאַרגעסן אין דייטשישן פאַרברעכן קעגן פאָלק און מענטשן. דאָרטן איז דאָך פאַרבליבן זאַמי פעדערס יוגנט, זיין גרויסער טרויער פון פאַרגאַנג, אָבער אויך פאַרטרויערטע פרייד פון אויפגאַנג. ווער קען עס פאַרגעסן ווי אַזוי און ביי וועמען זאַמי פעדער האָט געזאַמלט פאָלקס־לידער און געטאָ־לידער, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אין בערגען־בעלזען אין יאַנואַר 1946?

ער מיט זיינע חברים זענען געגאַנגען פון בלאָק צו בלאָק, פון באַראַק צו באַראַק, פון איין גוססדיקן צום צווייטן גוססדיקן און ווי וועלנדיק טרייסטן די שטאַרבנדיקע, אויסגעבעטן ביי זיי, אַז זיי זאָלן זיך דערמאָנען דורך פיבער און קאָשמאַר אין אייגענעם ייִדישן וואָרט און ניגון, דעקלאַמירן און אויסזינגען, און אַזוי, פאַרשרייבנדיק ווערטער און מעלאָדיעס, האָבן זיי מיט דעם גלייך ווי געזאָלט די אומגליקלעכע טרייסטן, אַז אין פאָלק וועלן זיי לעבן, זייער קול וועט מען הערן און אָטעמען וועלן זיי אין פאָלקס שאַפונג. אַ שטאַרקן גייסט, אַ שטאַרקן ווילן האָט אַרויסגעוויזן מיט דעם זאַמי פעדער, ער האָט נישט נאָר פאַרהיט דרייסיק לידער פון יאָשאַ ראַבינאָוויטש, פון געבירטיק, הערש גליק, נאָר אויך אַנאָנימע לידער. און כאָטש ער שטרייכט אונטער, אַז פאַר אים איז דאָ געווען וויכטיק נישט אַזוי דער ליטעראַרישער ווי דער היסטאָרישער ווערט, איז ער אַליין דאָ אויך פאַרגעשטעלט מיט




דאָס טיטלבלאַט פון דער לידער־זאַמלונג געצייכנט אין פאַרבן
פון י. נאַפּאַרסטעק, אַרויסגעגעבן דורכן ייִדישן צענטראַל־קאָמיטעט
אין בערגען־בעלזען, יאַנואַר 1946

אינהאַלטלעכע, דורכגעווייטיקטע לידער. אָבער דער גרעסטער חידוש, וואָס זאַמי פעדער האָט נאָך דער באַפרייונג באַוויזן, איז דאָס, וואָס ער האָט אָרגאַניזירט אַ טעאַטער־סטודיע, אַן אמתע דראַמאַטישע שולע, וואָס האָט אים געבראַכט צו אַ יידישן קאַצעט־טעאַטער אין בערגען־בעלזען.

טעאַטער איז די סאַמע סינטעטישע קונסט, און בויען אַזאַ קולטור־אַנשטאַלט איז אַפילו אין נאָרמאַלע צייטן, ביי די סאַמע גינסטיקע באַדינגונגען, נישט פון די גרינגע זאַכן. און דאָס וואָס עס האָט אויפגעטאָן פעדער אין דעם געביט, איז געווען ממש אַ העלדישקייט פון זיין זייט. ער האָט צווישן די אויסגעמאַטערטע יוגנטלעכע אויסגעפונען זעכצן מיידלעך און פערצן בחורים, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע אמתע דראַמאַטישע טאַלאַנטן ווי סאַניע באַטשקאַווסקאַ, ישראל פרידמאַן א״אַ. ער האָט אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט דעם פיל־באַגאַבטן בערל פרידלער — אַ מאָלער, אַ דעקאָראַטאָר, אַ שרייבער, אַן אַקטיאָר. מען האָט באַדאַרפט זאָרגן וועגן אָרט פאַר אַ בינע, וועגן דעקאָראַציעס, קאָסטיומען, געמעלן, מוזיק, כאָרעאָגראַפיע, וועגן פיעסן. און אָט האָט פעדער פון זיכרון אויפגעשטעלט טעקסטן פון מענדעלען, פרצן, שלום־עליכמען, גאָדירן. און ערשט שפּעטער, ווען ער האָט באַקומען ווי אַ מתנה אַ באַנד שלום עליכם — אַן אוצר, וואָס ס׳האָט זיך לאַנג שוין אים אַפילו נישט געחלומט, האָט מען געקענט זיך פאָרשטעלן, וואָס ער האָט דעמאָלט אין זיין נשמה איבערגעלעבט; מען קען זיך משער זיין לויט דעם, אַז ווען פעדער האָט דערזען די ערשטע צייטונג אויף יידיש, איז ער באַרוישט געלאָפן איבער דער גאַס און געשריגן: „יידן, אַ יידישע צייטונג!״ ״איך האָב געוויינט ווי אַ קליין קינד״. אָבער דער סאַמע עיקר איז געווען רעזשי.

דער יונגער זאַמי פעדער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַזאַ טאַלאַנטירטן רעזשיסער אַז זיינע אויפפירונגען אין דעם טורנע פונעם קאַצעט־טעאַטער איבער איירָאָפּע, האָבן געהאַט ביים צושויער אַן אומגעהויערן דערפאָלג, געמאַכט אַ פוראָר. מען האָט גערימט, געלויבט, ממש געבענטשט זיין טעאַטער.

די מיטגלידער פון „קאַצעט־טעאַטער״ אין בערגען־בעלזען (לויטן א״ב) זענען געווען:

איזעקאָוויטש פּעסי, באַטשקאַווסקאַ סאַניאַ, באַנק צילאַ, האָפמאַן פייגאַ, ווידושינסקי בעבאַ, ווידוטשינסקי דאָראַ, וויסבלאַט צילי, לאַנטאָש עליזאַבעט, לאַסקיער אַניטאַ, מאַטעי לילי, מעללער צעשאַ, פראַנק נעטי, פרידמאַן חיה, פרידמאַן מאַלאַ, קאַץ דאַלי, קאַץ עדושיאַ, קערשענבלום לאַלאַ, קופּ־פערמינץ אילזע, ראָטשטיין פעלאַ, רעזניק טאַניאַ.

בוטניק מענדל, בלום שלמה, גאַרפינקל יעקב, גיטלער בעניעק, גינזבורג העניעק, וואַזשניצער אַברהם, וואָלקאָוויטש אליעזר, וואַקס העניעק, זילבערניק יצחק, פּיענקני בעריש, פּליך ישׂראל, פּעדער זאַמי, פרידלער בערל, פּרוכטער רודי, פּערענס ציקלאַי, פרידמאַן ישׂראל, ציוווש יעקב, קאַץ יצחק, ראַפּאַלאָוויטש שלום, רעזניק ייִדל, שוואַרץ יוסף, שטייער פּנחס, שלעזינגער שאַמשע.




אַ גרופּע סטודיאַנטן מיטן רעזשיסער זאַמי פּעדער
די ערשטע רייע זיצנדיק פון רעכטס: פּיענקני בעריש, גוטמאַן שלמה, רעזניק טאַניאַ, האָפמאַן פייגאַ, וואָלקאָוויטש אליעזר, שוואַרץ יוסף פרידמאַן ישׂראל.
די צווייטע רייע: בוטניק מענדל, קאַץ עדזשיאַ, ווידוטשינסקי דאָראַ, באַנק צילאַ, באַטשקאָווסקאַ סאַניאַ, פּעדער זאַמי, קאַץ דאַלי, פרידמאַן מאַלאַ, פרידמאַן חיה.
די דריטע רייע: פּליך ישׂראל, גאַרפינקעל יעקב, ווידוטשינסקי בעבאַ, פרידלער בערל, שטייער פּנחס, זילבערניק יצחק.

מען דאַרף וויסן, אַז די צייט פון אומקום און צעפּאַלונג האָט געמוזט גייסטיק דעמאָראַליזירן, און אויף דעם באָדן פון היפּשער דעמאָראַליזאַציע זענען נאָך דער באַפרייונג, ווי גיפטיקע שוואָמען נאָך אַ רעגן, אויסגע־וואַקסן שונד־אינסצעניזירונגען, און אַט האָט מען דערזען, ווי אין בערגען־בעלזען — אין עמק־הבכה — האָט אַזוי באַטירלעך אַרויסגעשפּראָצט אַזאַ פרישע בלום, וואָס ציט צו נישט נאָר מיט איר ליכטיקער פאַרב, נאָר מיט איר ריח, וואָס איז דער אָטעם פון ווידעראויפלעבונג, דער אָטעם פון ייִדישער נשמה, קולטור, שפּראַך — אָט דאָס איז געווען דער קאַצעט־טעאַטער! און געקומען איז דער פרישער גייסטיקער אָטעם פון יענע, וועמען אָטעמען איז דאָך באמת געווען שוין פאַרווערט.

דער קאַצעט־טעאַטער האָט געכּישופט נישט נאָר מיט קליינע פאָרמען, מיט סקעטשן, מיט לידער, רעציטאַציעס, מיט פאָלקס־טענץ; ער האָט פאַר־כאַפּט דאָס אויג און דאָס האַרץ אויך מיט גרעסערע פאָרשטעלונגען, מיט אַזעלכע ווי „צוויי הונדערט טויזנט" און „דער פאַרכּישופטער שניידער" — דאָס איז געווען דאָס געווינס פון זאַמי פעדער, וואָס האָט נישט נאָר גע־שטעלט, נאָר אויך טעאַטראַליזירט שלום־עליכמען, אין וועמען ער איז געווען פאַרליבט נאָך פון די קינדער־יאָרן. וואָס איז געווען די סיבה פון אַזאַ גרויסן דערפאָלג פון אָט דעם טעאַטער? היפּש איז עס טאַקע אַ דאַנק זאַמי פעדער.

פון די יונגע יאָרן אָן איז טעאַטער פאַר אים געווען אָן אַלץ אַרומ־כאַפּנדיקע ליידנשאַפט, און ווען ער איז געוואָרן רעזשיסער פון קאַצעט־טעאַטער, איז ער צו דעם געקומען מיט אַ באַשטימטער דערפאַרונג, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט נאָך אין זיין פריִער יוגנט אויפן וועג צו טעאַטער־קונסט.

שוין אין יאָר 1927, ווען פעדער אָרגאַניזירט די צייטונג „די נייע צייט", באַטייליקט ער זיך אויך אין דראַמאַטישן קרייז פון „שלום־עליכם־קלוב" אין פראַנקפורט ביים מאַין. אויף דער איינלאַדונג פון רעזשיסער צבי פרידלאַנד פון דער „הבימה" פאָרט ער קיין בערלין און טרעט אַריין אין דער „בערלינער ייִדישער טעאַטער־סטודיע", ווו פרידלאַנד איז דער קינסטלערישער אָנפירער, ביי דער מיטאַרבעט אין פאַרשיידענע צייטן פון אַלעקסיס גראַנאָווסקי, פּראָפ׳ קעציער־מילער, אַלעקסאַנדער גראַנאַך, דוד בערגעלסאָן, זיסקינד ליעוו, משה ליוושיץ. זיי זענען געווען זיין אידעאַל.

זאַמי פעדער האָט זיך באַטייליקט אין בערלינער „לעסינג־טעאַטער" אין ליעווס דראַמע „אין סיבירער געפאַנגענשאַפט", ער האָט געאַרבעט אין דער דייטש־רוסישער פילם־געזעלשאַפט „פּראָמעטעוס", ער האָט מיטגע־

ווירקט אין סינכראָניזירן דעם רוסישן פילם „פּאָטעמקין" אויף דייטש. ער האָט זיך באַטייליקט אין דער „פּיסקאַטאָר־בינע" אין דער פאָרשטעלונג „דער סוחר פון בערלין". ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט איז פּעדער אַריבערגעפאָרן קיין פּוילן. צוזאַמען מיטן שרייבער וואָלמאַן שרייבט פּעדער אָן און רעזשיסירט אַן אַנטי־היטלער־פּיעסע „היטלעריאַדע", און זי ווערט אויפגעפירט אין „קאַמינסקי־טעאַטער". פּעדער האָט איינרעזשיסירט „אייזיק שעפּטל" פון דוד פּינסקי און באַאַרבעט פאַר דער בינע אַ ריי דער־ציילונגען פון די קלאַסיקער. ער האָט אויף דער ביטע פון סטאַניסלאַוו וויגאָדסקי אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין בענדין אין דער „טעאַטער־ און מוזיק־געזעלשאַפט ,מוזע' ". דאָ האָט ער מיט גרויס דערפאָלג אויפגעפירט שלום־עליכמס „דאָס גרויסע געווינס". אין סאָסנאָוויצער דראַמקרייז „לירע" האָט ער געשטעלט אין שטאַטישן טעאַטער די פּיעסע פון עמיל בערנהאַרדט „דער גואל", אַזוי ביז ער ווערט פאַרשיקט אין די דייטשע יודען־צוואַנגס־אַרבייטס־לאַגערן.

ווי עס איז צו זען איז זאַמי פּעדער געקומען צום בערגען־בעלזענער „קאַצעט־טעאַטער" נישט מיט קיין קליינער רעזשיסערישער דערפאַרונג. אָבער ביז היינט פאַרמאָגן מיר נישט קיין איין ערנסטע אַרבעט, וואָס זאָל אויף אַ סיסטעמאַטישן אופן כאַראַקטעריזירן די אייגנשאַפטן, באַזונדער־קייטן און קינסטלערישע ריכטונג פון פּעדערן אַלס רעזשיסער. מיר וועלן דאָ פּרווון, צונויפזאַמלענדיק יענע אָנדייטונגען און רמזים, וואָס זענען צעוואָרפן אין קליינע און נישט אין ספּעציעלע אַרטיקלען, געבן כאָטש אַן איבערבליק אויף דער טעמע — זאַמי פּעדער אַלס רעזשיסער, גלויבנדיק אַז מיט דעם וועלן מיר אויפוועקן דעם פאָרשערישן אינטערעס צו אָט דער אינטערעסאַנטער טעמע ביי טעאַטער־ספּעציאַליסטן.

מיר ווענדן זיך דאָ אין דער ערשטער ריי אַרויסצוברענגען אייניקע פון פּעדערס קינסטלערישע אָנשויונגען און זיין בליק אויף דער ראָל פון רעזשיסער אין טעאַטער, וואָס ווערן פון אים אויסגעדריקט אין זיין פּאָלעמיק מיט דעם דיכטער מלך ראַוויטש, וועלכער האָט געהאַלטן, אַז די יידישע דראַמאַטורגיע איז אַריינגעפאַלן אין לעטאַרגיע, ווייל די רעזשיסערן האָבן זיך צו פריי באַגאַנגען מיט שרייבערישע טעקסטן, און ער האָט פאַרענדיקט זיין אַרטיקל מיטן רוף: „אַ זיאַשע אויסמעקן כאָטש איין וואָרט אין אַ דראַמע". פּעדער איז מיט אָט דער מיינונג אַבסאָלוט נישט מסכּים.

ערשטנס, אין דער פּאָלעמיק שטעלט זיך פּעדער אָפּ אויף דער פּראָבלעם פון צווישנבאַציִונג צווישן דעם רעזשיסער און דעם דראַמאַטורג. לאָמיר אונטערשטרייכן, אַז פּעדער האָט אַליין טעאַטראַליזירט שלום־עליכמס

„דער פאַרכּישופטער שניידער". אין וועלכער ריכטונג איז געגאַנגען אַט די איבעראַרבעטונג, צו דעם וועלן מיר זיך נאָך אומקערן אין געהעריקן אָרט. אָבער שוין דאָ טרעט פּעדער אַרויס אי אַלס רעזשיסער אי אַלס דראַמאַטורג. ער האַלט, אַז דער רעזשיסער איז פּונקט אַזאַ פרייער שעפער ווי דער שרייבער; אַז דער רעזשיסער קען נישט נאָר אַרויסנעמען גאַנצע סצענעס, נאָר אויך אַריינקאָמפּאָנירן גאַנצע נייע סצענעס אין אַ שרייבערישן טעקסט; דער עיקר איז, אַז דער גייסט פונעם ווערק זאָל פון דעם נישט ליידן. פּעדער שטעלט זיך נישט אין קיין קאָנפראָנטאַציע, נאָר רופט צו שעפערישער מיט־אַרבעט, צו האַרמאָניזירונג, אַפילו צו צונויפגיסונג פון רעזשיסער און דראַמאַטורג, צו זייער ענגער פאַרבינדונג דורך פרייער מיטשעפערישקייט. און פּונקט ווי ער זעט אין רעזשיסער דעם דראַמאַטורג, אַזוי זעט ער אָפט אין דראַמאַטורג נישט נאָר דעם רעזשיסער, נאָר אויך דעם אַקטיאָר, דעם טעאַטער־מענטש. שעקספּיר האָט געקענט צונויפגיסן אַקציע מיט פּאָעזיע טאַקע אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט געלעבט און געאָטעמט מיט טעאַטער; געטע האָט אָרגאַניזירט אַ טעאַטער, מאָליער איז געווען סיי קאָמעדיאָגראַף, סיי רעזשיסער, סיי אַקטיאָר.

אַט דעם קוק אויף רעזשי האָט פּעדער געירשנט ביי די וועלט־באַוווּסטע רעזשיסערן — ביי גראַנאָווסקי, פּיסקאַטאָר, סטאַניסלאַווסקי און אויך ביי דוד בערגעלסאָן. כאָטש בערגעלסאָן האָט זיך אַקטיוויזירט אַלס דראַמאַטורג ערשט פאַר זיין טראַגישן אומקום, איז ער פאַר פּעדערן נישט נאָר דער גרויסער שרייבער, נאָר אויך דער גרויסער רעזשיסער. נישט איין מאָל האָט פּעדער, זיך טיילנדיק מיט מיר, דערציילט, ווי בערגעלסאָן האָט אין אַ יונגן קרייז פון קינסטלער ווי אויסגעשפּילט איינער אַליין זיינס אַ גאַנצע פּיעסע. אַלע האָבן געמיינט, אַז דאָס גיט ער איבער אויף אויסנווייניק זיינס אַן אָנגעשריבן ווערק, אַזוי איז דאָס אַלץ געווען קינסטלעריש פאַרפולקומט. ווי וויטיקדיק האָט אָבער פּעדער שפּעטער איבערגעלעבט ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז געווען נאָר בערגעלסאָנס אַן אימפּראָוויזאַציע, און אַז זי האָט דאַן נישט געקענט פאַרווירקלעכט ווערן אויף דער בינע.

די רעזשיסער־שולע, וואָס פּעדער איז אַדורכגעגאַנגען ביי פּיסקאַטאָרן, גראַנאָווסקין, פרידלאַנדן — האָט אויסגעאַרבעט ביי אים אַ ערנסטן, פאַר־אַנטוואָרטלעכן צוגאַנג צום טעאַטער, צום אַקטיאָר, צו דראַמע און דראַמאַ־טורגיע. צווייטנס, שטרייכן מיר אונטער, אַז זייענדיק אַ פּרינציפּיעלער אַנהענגער פון אַ ליטעראַרישן טעאַטער, בלייבט ער אַ געטריי קינד פון יידישן פאָלקס־טעאַטער, פון גאָלדפאַדען ביז שלום־עליכמען. פּעדער הייבט אויף דעם אויטאָריטעט פון רעזשיסער ווי דעם אָרגאַניזאַטאָר, ווי אַ

ריכטנדיקער קראַפט, ווי אַ קינסטלערישער לערער און מדריך פונעם אַקטיאָר, ווי אַ פאַראַנטוואָרטלעכן אין דעם גאַנצן טעאַטער; ער זאָגט: „אַן רעזשי איז טעאַטער ווי שפּראַך אָן גראַמאַטיק”, דאָס הייסט, אַז פּעדער איז פאַר אַ קאָנצענטרירטער, באַוווסטזיניקער, פּינקטלעך־אויסגערעכנטער און אין דער זעלבער צייט פאַר אַ פרייען שפּיל פון קינסטלערישע קרעפטן. ער האַלט, אַז דער אָנהייב פון יעדן קולטורעלן קינסטלעריש־ראַפינירטן טעאַטער איז פאַרלייגט אין דער פאָלקס־שפּיל, אַז נישט פון דעם פּינקטלעך־פאַרפיקסירטן דיאַלאָג, נאָר אין דער שפּיל פון קינדער, וואָס האָט אירע פרייע סוזשעטן, באַוועגונגען און געזאַנגען — אָט ווו עס איז דער קערן פון טעאַטער! אַזאַ איז אויך די בערן־דראַמע ביי די אוראַלטע פעלקער אויף דער סטאַדיע פון יאַגד, וואָס קומט פון דעם לעבן דירעקט; אַזאַ איז די מיטלעלטערלעכע רעליגיעזע מיסטעריע אויף די שטאָט־פּלעצער — דאָס איז אַ גראַנדיעזער ספּעקטאַקל, סיי אַ טראַגישער און סיי אַ קאָמישער, וואָס זיין רעזשיסער, שוישפּילער און צושויער איז אַליין דאָס גאַנצע פאָלק.

פּעדער קומט צום אויספיר, אַז מען טאָר נישט אַ רעזשיסער און אַ דראַמאַטורג שטעלן קיין גרענעצן, חוץ די גרענעצן וואָס עס שטעלט פאַר זיי די ספּעציפיק און די געזעצן פון טעאַטראַלער קונסט.

פּעדער איז באַזונדערס באַזאָרגט וועגן דער אָפּוועזנהייט פון מאַטע־ריעלע מעגלעכקייטן, אָן וועלכע דאָס יידישע טעאַטער איז אויסגעשטעלט אויף אומקום.

אַרויסגייענדיק פון דעם אַלעס, איז קלאָר, אַז פּעדער האָט זיך באַדאַרפט באַזונדערס ציִען צום שלום־עליכם־טעאַטער ווי פאָלקס־טעאַטער. מען האָט באַדאַרפט היילן די צעבראָכענע נשמה פון פאָלק, מען האָט געדאַרפט דורכ־לייטערן דעם טרויער מיט געלעכטער — און וואָס איז נאָך בעסער און שטאַרקער געווען פון שלום־עליכמס געלעכטער דורך אַ טרער פאַר די צערפּולע קאָצעטלער? לאַכן האָט געהייסן אַרויסגיין פון פאַרשטיינערטקייט; לאַכן האָט געהייסן ווידער באַקומען אַ מענטשלעך פּנים; לאַכן האָט געהייסן ווידער זיין אַ ייִדיש פאָלק, ווייל ווער האָט נאָך מער געקענט לאַכן אין צרות און פון צרות ווי אַ ייִד?

אין זיין קאַצעט־טעאַטער האָט פּעדער אָפּט געהאַט צו טאָן מיט רוי־מאַטעריאַל, וואָס ער האָט געמוזט ווי אַ רעזשיסער ערשט דראַמאַטיש פאַר־מירן, ער האָט געהאַט צו טאָן מיט אַרטיסטן־אָנפאַנגער, וועמענס כאַראַקטער פון שפּיל ער האָט ערשט באַדאַרפט דערציִען. האָט ער באַדאַרפט זיין און איז געווען אַ רעזשיסער־פּעדאַגאָג פאַר־עקסעלאַנץ.

פּעדער האָט נישט מורא געהאַט צו זיין פּלאַקאַטיש. ער איז געווען

ליידנשאַפטלעך־אידעיִש. אויב גיין צו אויסלייזונג, איז נישט דורך געבעט און געוויין, נאָר דורך אייזן און שווערד. אין פאַרבינדונג מיט אידעיִשקייט האָט פעדער, שטעלנדיק „צוויי־הונדערט־טויזנט", אויסגעשיילט דעם סאָציאַלן עלעמענט און אין איינעם מיט דעם איז זיין רעזשי דאָ געווען ריין, זויבער, אויסדרוקספול אין שפראַך, שטימונגספול אין שפיל, דינאַמיש און איינצייטיק פלאַסטיש אין מאַסן־סצענעס. פעדער אַלס רעזשיסער טיילט זיך אויס מיט אַ רייכער פאַנטאַזיע, מיט אויפבליצן פון אַ מין כּישופדיקן געמעל, מיט אינהאַלטלעכע ליכט־עפעקטן, באַזונדערס ווען ער שטרייכט אונטער אין „גרויסן געווינס" מיט אַ ליכט־אויפשריפט אויף דער בינע: „אויפן בוים וואַקסן גאָלדענע רענדלעך".

זאַמי פעדער מעלדעט בפרהסיא, אַז מיט זיין טעאַטער וויל ער טראָגן ליכט און קולטור דער פאַרוואָרלאָזטער יוגנט פון קאַצעט. דער דערציִונגס־כּוח פון טעאַטער בלייבט פאַר אים אַ גרויסער הומאַניסטישער ציל, און אין דער זעלבער צייט איז ער סקרופּולעיז אין זיין רעזשי. ער לאָזט נישט אַרויס פון אויג נישט די שפּראַך־טעכניק, נישט די ריטמיק, נישט די אָטעם־גימנאַסטיק. ער דערציט זיינע אַקטיאָרן אויף דער דראַמאַטורגישער קלאַסיק, אויף דער אַלגעמיינער און יִדישער טעאַטער־געשיכטע און טאַקע אויף לערנען מאַמע־לשון.

ווי אַ רעזשיסער איז פעדער גענייגט צו סינטעזירונג, צו פאַראייניקן אין דער אַקטיאָרן־שפּיל דאָס ראַציאָנעלע מיטן עמאָציאָנעלן. ער שטרעבט צו טיפיזירונג, אָבער דורך אינדיווידואַליזאַציע פון כאַראַקטערן. ער גלויבט סיי אין דער באַוווסטזיניקער שפּיל פונעם אַקטיאָר, סיי אין דער אינטויִטי־ווער. ער שטרעבט אַרויסצוברענגען דעם תמצית, דעם תוכן, ער מיידט אויס שאַרזשירטקייט, ער איז אַ פיינט פון ביליקע עפעקטן און קיצלענישן, ער שפּירט נאָך דער מאָס, דעם טאַקט פון מיזאַנסצענעס. מען דערציילט, אַז די סצענע „דער חלום פון שמעון־אלי מיט דעם חלום־טאַנץ", אויסגעפירט פון ישׂראל פרידמאַן, אילזע קופּפערמינץ, דאָלי קאַץ, סאָניע באַטש־קאָווסקאַ, טאָניע רעזניק און מאַלאַ פרידמאַן, איז געווען אַ שעדעווער, האָט באַרוישט, גליקלעך געמאַכט און געבליבן אומפאַרגעסלעך פאַר די צושויער.

נישט צופעליק האָט זיך זאַמי פעדער געווענדט צו דראַמאַטיזירן שלום־עליכמס „דער פאַרכּישופטער שניידער". צוליב דעם האָט ער אומפאַרמיידלעך געמוזט אַריינטרעטן אין אַ מין שעפערישער קאָנפראָנטאַציע מיט זיין ליבן שרייבער, זיך קעגנשטעלן שלום־עליכמען דעם עפּיקער, כּדי צו בלייבן אים געטריי אַלס דראַמאַטורג. ער האָט באַדאַרפט דעם עפּאָס פאַרוואַנדלען אין דראַמע, אָפּשטויסן זיך פון איין זשאַנער, כּדי צו קומען צו אַ




אַ פּלאַקאַט אין בערגען־בעלזען צו דער פאָרשטעלונג „דער פאַרכישופטער שניידער" פון שלום־עליכם אין „קאַצעט־טעאַטער", געמאָלט פון בערל פרידלער און יעקב גאַרפינקעל

צווייטן, און אַט אַזוי, זיך אָפּשטויסנדיק און פֿאַראייניקנדיק זיך מיט שלום־עליכמען, איז ער געקומען צו זײַנעם אַ קינסטלערישן זיג.

„דער פֿאַרכּישופֿטער שנײַדער", סײַ אין סוזשעט און אין דער קאָמפּאָזיציע, סײַ אין לייטמאָטיוון און שפּראַך־רעפֿרייגען, איז אַ מין פֿאַרכּישופֿטער קרייז, אַ עיגול, פֿון וואַנען פֿאַרן העלד איז נישטאָ קיין אַרויסגאַנג, ווי ער וואָלט זיך געפֿונען אין עפּעס אַ סודותדיקער, אומדערקלערלעכער פֿאַר אים פֿײַנטלעכער וועלט, ווו אַלץ איז גורלדיק־פֿאַטאַל.

אין דער ערשטער העלפֿט דערציילונג איז שמעון־אלי אַ טיפּיש שלום־עליכמישע פֿיגור — אַן אָרעמער, נאָר אַ פֿריילעכער בעל־מלאכה. אָבער זינט דער אָרענדאַר פֿאַרבײַט אים די ציג אויף אַ צאָפּ, הייבט דער העלד אָן אַרײַנצופֿאַלן אין אַן אַלץ מער אָנוואַקסנדיקן קאָשמאַר; און אין יענער רגע, ווען עס כאַפּט זיך ביי איינער אַ ייִדענע אַרויס דער אויסגעשריי: „די ציג איז אַ גילגול, אַ רוח, אַ שד", כאַפּט נישט נאָר דעם שנײַדערל, נאָר דעם גאַנצן עולם אַרום אַ מין שווערער, קרענקלעך־אָנשטעקנדיקער פּסיכאָז ביז משוגעת; דאָס שטעטל זעט אויס אונטער דער שײַן פֿון דער לבֿנה ווי אַ בײַנאַכטיקער בית־עולם. און שמעון־אלי ווערט טאַקע געפֿערלעך קראַנק, שלום־עליכם אָבער האַלט זיך אָפּ צו דערפֿירן זײַן דערציילונג סוזשעטיש ביז דעם טרויעריקן סוף.

זאַמי פֿעדער איז געטריי שלום־עליכעמען אין פֿאַרהיטן דעם סוזשעט. די הויפּט־סיטואַציעס אין גלענצנדיקע מאַסן־סצענעס, ער איז אים געטריי ביז כאַפּן דעם געניאַלן שרייבער ביים וואָרט. אין וואָס באַשטייט עס וואָס פֿעדער כאַפּט שלום־עליכמען ביים וואָרט?

אין זײַן דראַמאַטיזירן דעם „פֿאַרכּישופֿטן שנײַדער" גייט פֿעדער, ערשטנס, אויף דער ליניע פֿון לינדערן און צעשטרייען ווי נאָר מעגלעך דעם קאָשמאַר, וואָס הענגט אויפֿן העלד. פֿעדער גייט אויף דער ליניע פֿון באַפֿרייען דאָס שטעטל פֿון אַ מין שווערן פּסיכאָז. צווייטנס, פֿאַרשטאַרקט ער דעם מאָטיוו פֿון סאָציאַלער גערעכטיקייט ביז צום ענדערן אין גאַנצן דעם פֿינאַל פֿון ווערק. דריטנס, פֿירט ער אַרײַן אין גאַנצן זייַנע אַ נײַע ראָמאַנטישע ליניע — דעם מאָטיוו פֿון יוגנט־ליבע צווישן חוהקען און וואַסילן, וועמען זי לערנט צו ווערן אַ ייִד מיט אַ באָרד און פּיאות, לערנט אים זאָגן מודה אני, טראָגן ציצית, מיט איין וואָרט — ער דאַרף זיך ייִדישן, כּדי קענען חתונה האָבן מיט איר. אָט די ליניע געפֿינט זיך אויפֿן ראַנד פֿון אַ חלום פֿון אַ זומער־נאַכט, טיילט זיך אויס מיט פּאָעטישער פֿאַנטאַזיע, צעוויקלט זיך אויפֿן פֿאָן פֿון דער גרינענדיקער נאַטור, איז פֿול מיט מילדן קאָמיזם, מיט באַלאַדעאַרטיקע לידער, פֿאָלקס־לידער און מיט

פרישער כּמעט קינדערישער נאַיִווקייט. דער ליבע־מאָטיוו איז איינגעפלאָכטן אין אַלגעמיינעם סוזשעט און אַנטוויקלט זיך אויפן פאָן פון אַ וואַלד, וואָס באַוועגט זיך — דאָס זענען ביימער אויף רעדער, וואָס גייען נאָך נאָך די פאַרליבטע און באַשאָטענען אויך לינד דעם פאַרכּישופטן שניידער.

סיי די ראָמאַנטיש־פאַרליבטע יוגנטלעכע, סיי אָט דער פאַנטאַסטישער פייזאַזש קומען מילדערן און פאַרטרייבן דאָס קאָשמאַרע און דאָס פּחדימדיקע. די פּיעסע איז געבויט אויף אַ געקרייזטער רינג־קאָמפּאָזיציע, וואָס איז בפירוש קעגנגעשטעלט ביי פעדערן דעם פאַרשלאָסענעם, פאַרכּישופט־אויסוועגלאָזן קרייז פאַרן העלד.

אין אָנהייב און אין פינאַל פון דער פּיעסע טרעפט זיך דער רעזשיסער מיט שלום־עליכמען. אין אָנהייב לייענען זיי איינער נאָכן אַנדערן די כאַראַקטעריסטיק פון די הויפּט־העלדן, און לסוף באַגעגענען זיך ביידע און הערן זיך צו ווי שמעון־אלי, וואָס שלאָפט אויפן דאַך אַ באַלויכטענער אונטער דער לבנה, רעדט פון חלום וועגן דעם, אַז ער פאַרשטייט נישט פאַר וואָס זאָל אַן אָרעמאַן, אַ מטופל מיט קינדער, נישט האָבן קיין ציג. וואָס זאָל זיך מעלקן? און דער רעזשיסער כאַפּט שלום־עליכמען ביים וואָרט, ווען יענער זאָגט אין פינאַל — ״זאָלן ייִדן בעסער לאַכן ווי וויינען״. און אויב שוין יאָ אַזוי, פאַר וואָס זאָל טאַקע אויך ביי אַן אָרעמאַן די ציג זיך נישט מעלקן? ווו איז יושר? און אָט זעען מיר ווי די פאַרליבטע פאַר קערט אים, שמעון־אלין, די זיך שוין מעלקנדיקע ציג. דער שניידער כאַפּט זיך אויף, הערט ווי אַלע זאָגן עדות, אַז די ציג גיט יאָ מילך, הייסט עס, אַז אַלץ איז נאָר געווען אַ בייזער חלום, און אויף דער וואָר איז איצט אַלץ מיט רחמים. די סאָציאַלע גערעכטיקייט זיגט.

ווידער דעפּילירן דורך אַלע העלדן פאַרן צושויער, וואָס שטעלן זיך אויס אונטער שלום־עליכמס בילד. דער פינאַל איז געגעבן אין סטיל פון אַ פּייעריָע, עס לעשן זיך צו ביסלעך די לאָמפּן, און אין ליכט בלייבן בלויז שלום־עליכם, שמעון־אלי, די ציג און אַנדערע פירנדיקע פיגורן. איבער שלום־עליכמס פאָרטרעט צינד זיך אָן אַ לייכטנדיקער אויפשריפט — לאַכן איז געזונט, דאָקטוירים הייסן לאַכן. אַלץ לעשט זיך אויס, און אָט נאָר אָט דער באַוווּסטער שלום־עליכמישער אַפאָריזם בלייבט העל, ווי ער וואָלט וועלן בליציק אַריינלייכטן אין צעפּייניקטן ייִדישן האַרץ.

אומעטום האָט פעדער געמאַכט דינאַמיש און קאָמיש באַאַרבעט די מאַסן־סצענעס. ער האָט קאָנצענטרירט די אַקציע, שטאַרק אַקטיוויזירט דעם דיאַלאָג, געגעבן פרייע לופט שלום־עליכמס גאָלדענע שפּראַך. אומעטום האָט ער איבערגעפירט די דערציילערישקייט אין טוונג, אין באַוועגונג, אין

לייכטנדיקער שפּילעוודיקייט און מיט אַ שלל לידער, ווי צום ביישפּיל „אויפן פּריפּעטשיק ברענט אַ פייערל", וואָס עס זינגען די חדר־ייִנגלעך, און באַלאַדעס, וואָס עס זינגען די פאַרליבטע, מיטן ווייסן ציגעלע, וואָס עס זינגען שמעון־אליס קינדער, האָט ער ממש דורכגעניגונט שלום־עליכמס פּראָזע, פּאָעטיזירט זי, און אָט אַזוי, אָטעמענדיק פריי, שעפּעריש ווי אַ דראַמאַטורג און רעזשיסער, האָט ער געלאָזט פריי אָטעמען שלום־עליכמס העלדן אויף דער בינע און אויך געלאָזט אָפּאָטעמען נאָך אַ שווערן היטלע־רישן קאָשמאַר דעם געפּלאָגטן קאַצעטלער — דעם ערשטן געטרייען צו־שויער פון קאַצעט־אַקטיאָרן, פון קאַצעט־טעאַטער.

אַזוי אַרום טרעט שוין דאָ פאַר אונדז זאַמי פעדער אַרויס נישט נאָר ווי אַ רעזשיסער, נאָר אויך ווי אַ שרייבער־דראַמאַטורג.

צוזאַמען מיטן „פאַרכישופטן שניידער" שטעלט די דראַמע „מאַריאַ קוריצקאַ" צונויף דעם קרן פון פערטן אָפּטייל אין פעדערס בוך „געביילטע פויסטן", וואָס איז דערשינען אין 1974 און איז איבערגעזעצט אין עברית אונטערן נאָמען „אגרופים קמוצים".

די טעמע פון דעם דריי־אַקטער „מאַריאַ קוריצקאַ" איז די ייִדישע טראַ־געדיע בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה — געטאָ, לאַגער, קנעכטשאַפט און ווידערשטאַנד. דער סוזשעט איז אַ פאַרכאַפּנדיקער, די אַקציע אַן אָנגעשטרענגטע ביזן סוף. דאָס זייער שיינע מיידל, מאַריאַ קוריצקאַ, ווערט פון דער דייטשישער פּאָליציי געשיקט אויף אַרבעט צו אַ דייטשישן פויער. אַהערצו אויף אַרבעט קומט אויך דער פּאָליאַק יאַנעק. אין אָט דער צייט קערט זיך אום אויף אורלויב אַהיים דעם פויערס זון, קאַרל, וואָס דינט אין דער אַרמיי ביי היטלערן. אַלע דריי מענער ווילן אָט די שיינהייט אויסנוצן.

קאַרל, וואָס האָט אָנגערויבט ייִדיש גוטס און וועמענס הענט זענען אין ייִדיש בלוט, שענקט מאַריען אַ גאָלדן מגן־דודל. ווען זי בלייבט אַליין פאַרן שלאָפן, קוקט זי אויף דעם און וויינט. אַלע האַלטן זי פאַר אַ פּוילישע, אָבער יאַנעק ווייסט גוט, אַז זי איז שׂרהלע שפּיגעלמאַן, וועמענס פאָטער ער האָט דערמאָרדעט. ער דראָט איר, אַז אויב זי וועט זיך צו אים נישט אָפּגעבן, גיט ער זי אויס. ביינאַכט טוט זי זיך איבער אין קאַרלס מיליטע־רישע בגדים, נעמט זיין רעוואָלווער, דערשיסט דעם מערדער יאַנעקן און אַנטלויפט.

מאַריאַ מאַטערט זיך לאַנג אין וואַלד און פאַלט אַריין אַן איבערגע־טאָנענע אין די הענט פון דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע. זי גיט זיך אויס פאַר אַן אַנטלאָפענעם פון אַן אַרבעטס־לאַגער, דאַן קערן זיי זי אום צוריק אין איינעם פון די טויט־לאַגערן. און דאָ אַנטוויקלען זיך בילדער, טיפּישע

פאַר אַט די שרעקלעכע ערטער — קלעפּ, צעשיסונגען, ייאוש, אָבער אויך הויכער מוט און גרייטקייט צו ווידערשטאַנד. שׂרהלע אַנטלויפט אין איינעם מיטן קאַצעטניק שלום פונעם בלאָק, זיי פאַרכאַפּן דאָס געוועהר פון די דייטשן. דאַן צעוויקלט זיך אַ באַטאַליש בילד. מען באַשיסט די צוויי אויפשטענדלער פון קוילנוואַרפערס. שלום גיט זיך כלומרשט אונטער דעם לאַגער־פירער, אָבער דערשיסט אים, און ער אַליין פאַלט אַ דערשאָסענער פון אַ דייטשישן מערדער. וועגן גורל פון שׂרהלען ווערט אָפן גאָר נישט געזאָגט. ס׳איז אָבער קלאָר, אַז זי איז אויפגעריסן געוואָרן אין איינעם מיטן אַרסענאַל.

מאָלנדיק גאַנץ וואָכעדיקע שטייגער־בילדער אינעם הויז פונעם דייטשישן פּויער, עפנט פעדער אויף מיט אַן איבערצייגנדיקן כוח די פּסיכאָלאָגיע פון אַט די פּראָסטע האַרעפּאַשנע מענטשן, וואָס זענען בטבע נישט קיין שלעכטע, נאָר וואָס זענען מאָראַליש צעלייגט דורך דער היטלערישער דעמאַגאָגישער אַגיטאַציע, וועלכע האָט אויפגעוועקט אין זיי די אייגנטימערישע אינסטינקטן אויף אַזוי פיל, אַז זיי האַלטן, אַז די צוגעשיקטע צו זיי אַרבעטער זענען זייערע אייגענע קנעכט; זיי זענען צופרידן, וואָס דער יידישער אָקסנהענדלער איז דערהרגעט, ווײַל זיי פאַרשפּאָרן אים אומצוקערן אַ חוב. און כאָטש אַט די פּויערישע משפחה איז איבערצייגט, אַז יידן דאַרפן אויסגעראָטן ווערן, איז זי גאַנץ סענטימענטאַל צו די אירישע און זי איז אויך זיכער אין דעם, אַז דייטשלאַנד גייט צו וועלט־הערשאַפט. באַזונדערס שטאַרק און דראַמאַטיש זענען די בילדער, וואָס מאָלן ווי אומבאַמערקט ס׳וואַקסט אַן דער האַס און דער ווילן צו טאַט און ווידערשטאַנד אין האַרצן פון מאַריאַ קוריצקאַ און ווי זי איז זיך נוקם אינעם מערדער פון איר פאָטער. קוריצקאַ־שפּיגעלמאַן פאַלט אין אַ שלאַכט קעגן די דייטשישע פאַרדאַרבער. דאָס איז אַ שיינע און שטאָלצע נשמה.

די אַקציע אין דער דראַמע איז אַ שנעל־אַנוואַקסנדיקע, די קאָנפליקטן שאַרפע, דער בלוטיקער קאָלאָריט פון אַט דער שרעקלעכער צייט, דער וויסטער שטייגער פון די אַרבעט־לאַגערן, דער עקספּלאָאַטאַרישער, רויבערישער כאַראַקטער פון דריטן רייך, וואָס האָט דערצויגן מאַריאָנעטקעס־מעכאַניזמען אויף צו רויבן און הרגענען — דאָס אַלץ איז געמאָלט מיט גרויס וויסן און דורכדרינגלעך ביז דער מינדסטער דעטאַל, ביז צום איבערגעבן דאָס מיליטאַריזירטע, אָפּגעהאַקט־האַווקערדיקע באַפעלערישע לשון. מיר פילן ממש ווי די דייטשישע שפּראַך איז שוין אויך נישט מער ווי אַן אַווטאָמאַט אויף אומצוברענגען און פאַרניכטן אַלץ וואָס האָט צו מיט מענטשלעכער לאָגיק, מיט געדאַנק, מיט נשמה; אַפילו אונטער די געוויינט־

לעך־וואַכעדיקע רייד פון דייטשישן פויערטום הערן זיך די קולות פון בלוט און טרערן, די קרעכצן פון אומשולדיק געקוילעטע.

אַ שאָד וואָס אָט די אַנטי־היטלערישע דראַמע וועגן טאָט און מוט פון אַ ייִדיש צעפייניקט מיידל, וועמענס שיינע נשמה עפנט זיך פאַר אונדז אין איר קאַמף קעגן רוצחים, ווערט נישט געשטעלט אויף דער היינטצייטיקער ישׂראלדיקער בינע.

זאַמי פעדער טרעט אויף אַרויס אַלס פּראָזאַיִקער אין זיינע ביז איצט דערשינענע ביכער „געביילטע פויסטן" און „דורך 12 גיהנום־פייערן". זיין פּראָזע איז פאַרשידנזשאַנערדיק: דערציילונגען, פאַרצייכענונגען, אַרטיקלען, נאָוועלעס, סקיצן, זכרונות. די טעמאַטיק פון פעדערס פּראָזע איז בעיקר געטאָ און לאַגער. ווי זאָגט דאָס פאָלק: אַ שווער האַרץ רעדט אַ סך. פעדער וואָלט אַפילו לעבנדיק אַ יאָרטויזנט, דאָס האַרץ נישט געקענט אויסרעדן. און דאָך איז ער ווי אַ פּראָזאַיִקער־דערציילער בצימצומדיק איינגעהאַלטן, נישט סענטימענטאַל־צעפלאָסן. זיין מענערישע טרער פאַר־טייערט ער אין זיך, ווי שעמעוודיק, אָבער אין דער אמתן איז פאַראַן עפּעס רירנדיקס, פּאַטערלעכס, ווי נאָר ער רירט זיך אין זיין דערציילונג צו צום לעבן פון קינדער אין געטאָ. זייער אומשולדיקייט, זייער נאַיִווקייט און אין דער זעלבער צייט זייער פרי־אַנגעזאַמלטע לעבנס־דערפאַרונג ווי ביי גרויסע, זייער צעוויטיקטקייט און פאַרוואָרלאָזטקייט, זייער גורל, וואָס איז אויפן ווינט און אויף דער שוועל פון אומקום — דאָס אַלץ ציט צו דאָס בלוטנדיקע האַרץ פון פעדערן. די קינדערישע ריינקייט איז נאָענט צו זיין אייגענעם כאַראַקטער, זיין בנעימותדיקייט, זיין באַשיידנקייט. לייענט איבער זיין נאָוועלע „קינדער פון געטאָ", און עס וועט אייך שוין שטענדיק נאָכגיין דאָס פאַרשטיקטע קינדערישע געוויין. די זעקס־יאָריקע שׂרהלע האָט שוין אַ שווערע היסטאָרישע דערפאַרונג; זי ווייסט, אַז ווען עס הערן זיך טריט פון געקאָוועטע שטיוול, דאַרף מען זיך באַהאַלטן. דער פיר־יאָריקער משהלע שרעקט זיך אויך, אָבער ער האָט נאָך נישט אַזוי פיל וויסן ווי זיין שוועסטערל, וויינט ער אין באַהעלטעניש, ווייל ער וויל צו דער מאַמען. אמת, אים איז קלאָר, אַז וויינען הויך טאָר מען נישט, פאַרשטאָפּט ער דאָס מויל מיטן שאַל, ער פאַרשטייט, אַז מען קען אין אים שיסן, נאָר ער ווייסט נישט צי ס'טוט שטאַרק ווי. דאָס שוועסטערל טרייסט אים, אַז ווען מען דערשיסט, טוט שוין דעמאָלט גאָרנישט ווי. פון דעסטוועגן האָט ער מורא, אַז דאָס הינטעלע, וואָס לויפט דאָ אַרום, קען מען אומברענגען, אָבער זי באַרויִקט אים, אַז קיין הינטעלע דערשיסט מען נישט, און אויף דער פראַגע „פאַר וואָס נישט?" ענטפערט זי אים, ווייל עס איז נישט קיין ייִד.

און אַט, ווען משהלע הייבט שוין אָן פֿאַרשטיין וואָס עס איז אַ ייִד, ווערט ער, אין איינעם מיטן שוועסטערל, צעריסן אויף שטיקלעך פֿון אַ דייטשישן גראַנאַט. מיר לייענען און עס ווערט דאָס האַרץ צעריסן, ווי אַ פֿיר־יאָריק קינד, וואָס קען נאָך נישט קיין „שין״ אַרויסברענגען, וויל שוין וויסן, צי מען ליידט שטאַרק, ווען מען „סיסט״ אין דיר. און אַט זעען מיר ווי אין לעצטן סך־הכּל, אייגנטלעך, ברענגען די דערוואַקסענע קינדער אויף דער וועלט, כּדי זיי אומצוברענגען — אַזוינס וואָס אַפֿילו חיות טוען נישט. די היינטצייטיקע געשיכטע פֿון דער מענטשהייט, זאָגט אונדז פּעדער, איז געבויט אויף בלוט און טרערן פֿון אומשולדיקע קינדער.

אין דער דערציילונג „שׂרהלע״, וואָס טיילט זיך אויס מיט זיין אָנגע־שטרענגטן סוזשעט, ווערט געוויזן, ווי דעם קינדס פֿאַרשטעלטער אין אַ דייטש פּעטער, ראַטעוועט דעם לעצטן נפֿש פֿון אַן אומגעבראַכטער משפּחה; ער פֿירט שׂרהלען אַוועק אין וואַלד צו פּאַרטיזאַנער, ווו מען גרייט זיך נקמה נעמען אין די פֿאַשיסטן.

פּעדערס דערציילונג איז סיי דאָקומענטאַל־פּינקטלעך, סיי קינסטלע־ריש־פֿאַרכאַפּנדיק. דאָס לעבן איז רוי, נאַקעט, ווילד, אָבער דאָס מענטש־לעכע אין מענטשן, ווי דאָס זעט עס פּעדער, איז נאָך נישט טויט, ווייל ער גיט אַ צווייענדיקן ווידערשטאַנד דער דייטשישער חיה־רעה — אַ פֿיזישן און מאָראַלישן. פֿאַראַן אַ שיינע דערציילונג ביי פּעדערן, איר נאָמען איז „יונהלע״, זי האָט אַן אונטערקעפּל — „אַ בילדל פֿון לאַגער־לעבן באַלד נאָך דער באַפֿרייונג״.

קנוט האַמסון האָט אַ ראָמאַן „הונגער״. אַ קינסטלער איז ער אַ געניאַ־לער, און דאָך זענען זיינע געמעלן וועגן הונגער עסטעטיזירט און זעען אויס בלייך אין פֿאַרגלייך מיט די בילדער פֿון הונגער אין די טויט־לאַגערן — מענטשן ווערן געשוואָלן און רינען אויס מיטן אייטער פֿון ווונדן, אָדער ווערן אויסגעטריקנט אין סקעלעטן. שוין נאָך דער באַפֿרייונג איז דער הונגער אין בערגען־בעלזען קלענער נישט געוואָרן. מען פֿאַלט ווי די פֿליגן. און אָט ברענגט איינער אַ חבֿר אַ קרוליק. מען פֿרייט זיך, ס׳וועט זיין אַ יושקע מיט פֿלייש. דערווייל בינדן זיך די קאַצעטלער שטאַרק צו צו אָט דעם חיהלע, וואָס איז וויַיס ווי שניי און גוט ווי אַ טויב, זיי האָדעווען עס מיט בלעטער און דאָס קרוליקל שפּרינגט און טאַנצט פֿון פֿרייד פֿון לעבן, עס ווערט זיי אַזוי נאָענט, אַז זיי גיבן אים אַ נאָמען יונהלע. דער קוכער פּאָדערט מען זאָל עס שעכטן, נאָר אַלע זאָגן זיך אָפּ עס צו טאָן. דערווייל אין דער סומאַטאָכע פֿאַרשווינדט יונהלע, און אַלע, כליפּטשענדיק די פּיסנע

יושקע, פרייען זיך בפירוש, וואָס דאָס חיהלע האָט זיך געראַטעוועט פונעם מעסער.

מיר זעען פאַר זיך מענטשן, וואָס זענען דורכגעגאַנגען אַ דייטשישע בוינע, מענטשן אויסגעהונגערטע און אויסגעמאָגערטע, אָבער וואָס פאַר אַ ליכט שלאָגט פון זיי — אַ ליכט, אין וועלכן מיר זעען זיי ווי מאָראַלישע זיגער איבער זייערע פייניקער. מ'איז דורכגעגאַנגען זיבן טויטן און דער מענטש לעבט נאָך אין זיי. מען קען מיר זאָגן, אַז פעדער איז צו נאַיִוו, צו סענטימענטאַל, שיר נישט קיין וועגעטאַריאַנער, מיט איין וואָרט, צו אַלט־מאָדיש. איז אויב אויסגעקעמפטע, אויסגעוויטיקטע און פאַרהיטע מענטש־לעכקייט איז צו פאַרעלטערט, נישט מאָדערן, בין איך פאַר אַלטמאָדישקייט, וואָס בלייבט אייביק יונג. פלאָבער האָט אַ מאָל געזאָגט: „אויב דער מענטש איז גרויס, איז נאָר אַ דאַנק זיין האַרץ". באַהאַרצטקייט, אוממיטל־באַרקייט, גוטקייט און הומאַניִשקייט באַלייכט פעדערס וואָרט.

מען דאַרף אָבער נישט מיינען, אַז זיין ליבע צו מענטשן איז פאַסיוו, אַז ער איז כּלל הכנעהדיק און גרייט פאַר אַלץ מוחל זיין, פאַרקערט, פעדער מאָלט אָפט שטאַרקע, טראַציקע כאַראַקטערן, בונטאַרן, פּראָטעסטאַנטן, קעמפער. אויך אין די טויט־לאַגערן ווייזט ער דעם עם־קשה־עורף — אַזאַ איז, למשל, אברהם אין קידוש השם. ווען די דייטשן רייסן זיך אַריין אין שול בעת כּל נדרי, גייט ער אַנטקעגן אין טלית מיט דער תּורה אין האַנט די תּלינים און דונערט אַרויס זיין „שמע ישׂראל" אַזוי, אַז אַפילו די נאַציס בלייבן דערשטוינט און שיסן נישט מער. אַזאַ איז אויך דער אַלטער קאַרנגוט אין דער פאַרצייכענונג „אַ יום־כּיפּור ביים אַדאָלף־היטלער־קאַנאַל", ווהין מען שיקט אַרבעטן די קאַצעטלער אום יום־טוב, פאַרווערנ־דיק זיי צו פאַסטן. טוט שוין קאַרנגוט אַלץ, אַז ייִדן זאָלן דווקא יאָ פאַסטן. אמת, מען באַשטראָפט אַלע אויף דריי טעג הונגער, אָבער עס ראַטעווען אָפּ די קאַצעטלער די געפאַנגענע ייִדיש־ענגלישע סאָלדאַטן, וואָס גיבן זיי שפּייז. אָט די ישׂראלדיקע זעלנער זענען אויך גרייט צו פאַרבייטן די אויסגעמאָ־טערטע אויף דער אַרבעט. פעדער ווידמעט זיי זיין ליד „חבר, נעם אָן מיין דאַנק און זיי געשטאַרקט". אַזאַ מאָראַלישער ווידערשטאַנד איז כאַראַקטע־ריסטיש נישט נאָר פאַר איינצלנע, נאָר אויך פאַר דער מאַסע.

אין זיין פאַרצייכענונג „שׂמחת־תּורה אין בלעכהאַמער לאַגער" הערט זיך דער אויסגעשריי „אוי, ווען וועט זיין די גאולה?" צוויי טויזנט ייִדן גייען — טאַנצן און זינגען — „עוד לא אבדה תּקותנו". די לאַגערניקעס פון אַנדערע פעלקער ווייסן נישט, וואָס איז אַזוי די שׂמחה אויף ייִדן. נישט אַנדערש, זיי זענען אַראָפּ פון זינען. און ווען איינער פון די זינגענדיקע

ווערט דערשאָסן דורך די עס־עס־לייט, „האָבן צוויי טויזנט ייִדן קדיש געזאָגט „געביילט אַ פּאָר פּויסטן, געקוקט צום הימל און געוואָרט אויף נקמה״.

אַ צאַרט האַרץ און געביילטע פּויסטן האָט זאַמי פעדער — אַ צאַרט האַרץ פאַרן מענטשן, געביילטע פּויסטן קעגן מערדער פון פעלקער. אַ שווער לעבן אין אַ חיהשער וועלט איז ער דורכגעגאַנגען און געבליבן אַ מענטש מיט אַן אָפענער נשמה פאַר אַנדערע מענטשן; ער האָט שוין געזען אין זיין לעבן, אַז מען קען באַפרייט ווערן און נישט זיין פריי, אַז אַזאַ גיהנום ווי בערגען־בעלזען קען אויך ווערן אויף אַ צייט אַ שטיקל הימל, געזען ווי מען גייט דורך אומקום צו אויפקום, געזען, אַז דער טויט איז אַ מאָל אויך גרינגער פונעם לעבן. אָבער „לא אמות כי אחיה״, ווייל ווי שווער און אומדערטרעגלעך דאָס לעבן זאָל נישט זיין, וועט די ייִדישע פּלייצע עס נעמען אויף זיך, כדי ווייטער טראָגן דעם עול פון ייִד און מענטש, דעם עול פון גייסטיקייט און שאַפונג. זאַמי פעדער האָט געזען גרויסן טרויער, קומט אים צו זען גרויסע פרייד אין לעבן און אין שאַפן.



# אינהאַלט